## קאָמיטעט צו פייערן דעם נייןהונדערטסטן געבורטס־יאָר פון רש״י און דעם אכטהונדערטסטן יאָרצייט פון רבי יהודה הלוי.

דער קאָמיטעט איז געגרינדעט געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון „עונג שבת״, ביי דער ציוניסטישער פעדעראַציע, אין חודש מאַי 1940, פון דעלעגאַטן פון פאָלגענדע קולטור־ און דערציאונגס-אַנשטאַלטן :

ציוניסטישע פעדעראַציע אין אַרגענטינע, חוג עברי, וועגנטלעכע ציוניסטישע קאָנפעדעראַציע, אידישע קאָנגרעגאַציע, טעמפל אויף פּאַסאָ, רעליגיעזע קורסן, ועד-החינוך, חברה קדישא, דאַיאַ, העבראַיקאַ, איוואָ, לערער־אָרגאַניזאַציע, פּאַראַיוניקטע פּאַרטיי פּועל״צ — צ״ס, צעירי־ציון, וויצאָ, יסוד הדת.

### עקזעקוטיווע פונם קאָמיטעט :

פּרעזידענט: ש. ראַבינאָוויטש; וויצע: י. קאַפּלאַן; סעקרעטאַרן : י. אפרון, דר. ק. גרונבערג, מ. טאָוו, דר. א. מבשן, צבי שוואַרץ; עקזעקוטיוו־מיטגלידער: נ. גזאַנג, י. גלאַזמאַן, ע. טעובאַל, ה. מאַלימאָווקאַ, דר. י. מירעלמאַן, מ. ראַזאָווסקי, מ. רעגאַלסקי, צ. שוואַרץ.

אַרויסגעגעבן פונם קאָמיטעט, דערשיינען דריי ביכער וועגן רש״י : אין אידיש, אין שפּאַניש און אַ באַזונדער „ספר רש״י״ אין העברעאיש.

דאָס דערשיינען פון די רש״י־ביכער איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק די פּריוויגיביקייט פון :

ציוניסטישע פעדעראַציע אין אַרגענטינע
חברה קדישא אשכנזי
בני ברית
ענריקע שוסטער
משה מאַלענקי
דוד קאַזשעס

# רש״י-בוך

## צום ניינהונדערטן געבורטס-יאָר



## בוענאָס איירעס

## ה״ת״ש

ישראל; ומה טעם פתח [התחיל] בבראשית? משום „כח מעשיו הגיד לעמו, לתת להם נחלת גוים" (תהלים קי"א): שאם יאמרו אומות העולם לישראל: לסטים [גזלנים] אתם, שכבשתם ארצות שבעה גוים; הם אומרים להם: כל הארץ של הקדוש ברוך הוא היא, הוא בראה ונתנה לאשר ישר בעיניו; ברצונו נתנה להם, וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו. ברא אלהים — ולא אמר: ברא יי? שבתחלה עלה במחשבה לבראתו במדת הדין, וראה שאין העולם מתקיים, והקדים מדת רחמים ושתפה למדת הדין; והינו [זהו] דכתיב „ביום עשות יי אלהים ארץ ושמים". ורוח אלהים מרחפת — כסא הכבוד עומד באויר ומרחף על פני המים במאמרו של הקדוש ברוך הוא כיונה המרחפת על הקן. וירא אלהים את האור כי טוב — ראהו שאינו כדאי להשתמש בו רשעים והבדילו לצדיקים לעתיד לבוא. דבר אחר: ראהו כי טוב, ואין נאה לו ולחשך שיהיו משתמשים בערבוביה; קבע לזה תחומו ביום, ולזה תחומו בליל [תחום = גבול, גם מקום או זמן, מגבל]. ה) יום אחד — היה לו לכתוב: יום ראשון, ולמה נכתב: יום אחד? לפי שהיה הקב"ה [הקדוש ברוך הוא] יחיד בעולמו שלא נבראו המלאכים עד יום שני. ... אשר מעל הרקיע — „על הרקיע" לא נאמר אלא: מעל הרקיע, שהין תלוים במאמרו של מלך. שמים — נשא מים ... ומים וערבם ועשה מהם שמים. יקוו המים מתחת השמים — המים שעוזים היו על פני כל הארץ, והקוה באוקינוס, הוא הים הגדול שבכל הימים. והיו לאתת — כשהמאורות לוקים, סמן רע הוא לעולם, שנאמר: „ומאותות השמים אל תחתו" (ירמיהו י׳, ב): כשעושתכם רצון הקב"ה, אין אתם צריכים לדאוג מן הפרענות [= צרה, אסון]. שני המאורת הגדלים... ואת המאור הקטן — שוים נבראו, ונתמעטה הלבנה, על שקטרגה ואמרה: אי אפשר לשני מלכים שישתמשו בכתר אחד. [אמר לה הקב"ה: לכי ומעטי את עצמך]. ואת הכוכבים — בשביל שמעט את הלבנה, הרבה צבאיה להפיס דעתה [לפיס אותה]. ויברך אתם — לפי שמחסרים אותם וצדים מהם ואוכלים אותם הוצרכו לברכה; ואף החיות הוצרכו לברכה, אלא מפני הנחש שעתיד לקללה, לכן לא ברכן, שלא יהיה הוא בכלל.

[עזרו לו], לא נמנע מללמוד דרך ארץ ומדת ענוה. הגדול נמלך ונוטל רשות מן הקטן. יום הששי — ה׳ בששי בגמר מעשי בראשית, לומר, שהתנה עמהם [בתנאי] שיקבלו עליהם ישראל חמשה חומשי... דבר אחר: יום הששי — כלם תלוים ועומדים עד יום הוא ששי בסיון, המוכן למתן תורה, ואז כל יצירי בראשית. ויכל אלהים ביום השביעי — [והרי ביום הששי ... מלאכתו?] אמר רבי שמעון: ... שאינו יודע עתיו ורגעיו, להוסיף מחל על הקודש; הקב"ה [=הקדוש ברוך הוא] עתיו ורגעיו, נכנס בו השבת] כחוט השערה [בדיוק], ונראה כאלו ... ביום [כלומר: ביום ...]. דבר אחר [פרוש אחר]: היה העולם חסר? ... באה שבת, באה מנוחה; כלתה ונגמרה המלאכה. ... ויקדש... ברכו ... שבכל ימות השבוע ירד להם ... לגלגלת, ובששי לחם משנה... שלא ירד ... בשבת. אשר ... אלהים לעשות — המלאכה, שהיתה ראויה ... (= להעשות) ... כפל ועשאה [עשה אותה] בששי... עשב השדה בשני בריאת העולם קודם שנברא... כל עשב השדה לא צמח, כי לא ... ה׳; ומה ... [מאיזה טעם] ... המטיר? לפי ... אין לעבוד האדמה ואין ... בטובתם של ... וכשבא אדם ... שהם צורך ... התפלל על... וירדו, ... האילנות ו... ואד יעלה... לענין בריאתו ... של אדם העלה... התהום והשקה עננים לשרות העפר, ויצר את הא... זה, שנותן מים, ואחר כן לש את העסה, אף כאן: ואחר כן: „וייצר". עפר מן האדמה — צבר ע... מארבע... שבכל מקום ש... תהא קולטתו [אות לתוכה] — ויפח באפיו — ... התחתונים ומן העליונים: גוף מן התחתונים, ו... העליונים. לפי שביום ראשון נבראו שמים וארץ: ותחתונים, בשני ברא רקיע לעליונים; בשלישי: „היבשה" — לתחתונים; ברביעי ברא מאורות ל... בחמשי: „ישרצו המים" — לתחתונים, הזקק בשש...

# רש״י-בוך

רעדאַקציע - קאָמיסיע:

ידידיה אפרון, נחמן גזאַנג, יוסף מענדעלסאָן און צבי שוואַרץ.

רעדאַקטאָר: יוסף מענדעלסאָן

איבערזעצונגען פון העברעאיש, הערות און אריינפירן:
יוסף מענדעלסאָן.

איבערזעצונגען פון דייטש: א. ל. שוסהיים.

די אַרבעט פון הרב פינק: „רש״י אַלס מפרש פון תלמוד", — איז אַ תמצית פון אָ גרעסערער אַרבעט, געשריבן פון דעם מחבר אין העברעאיש; דער רעזומען אין אידיש איז געמאַכט פון יוסף מענדעלסאָן.

# אינהאַלט:



דער בית־מדרש אין וואָרמס, וואו רש״י האָט געלערנט.
די נאַצים האָבן פאַרברענט דעם אוראַלטן בית-מדרש.





אינעווייניקסטער אויסזען פון דער רש"י-שול אין וואָרמס.
כיען זעט די שטול, אויף וועלכער רש"י פלעגט זיצן (לויט דער פאָלקס-לעגענדע)
בעתן לערנען און דעם שולחן פון דער ישיבה-שול.



דער לעצטער דף פון דעם ערשטן געדרוקטן העברעאישן בוך: „פירוש רש"י אויף תורה", אין רעדזשיא (איטאַליע), אין יאָר 1475.
דער איינציקער פאַרבליבענער עקזעמפּלאַר געפינט זיך אין פּאַרמאַ.

די היינטיקע צייט איז פאר אונדז, אידן, פונקט אזוי גרויס ווי טראגיש. מיר דארפן אין דעם זען א צייכן פון דער השגחה וואס גראדע איצט, ווען דאס אידישע פאלק טרינקט זיך אין ימים בלוט און ווערט חרוב ונחרב אויף לאנגע דורות, פאלן אויס די יובילייאומס פון די צוויי מ א ו ר י ה ג ו ל ה — רש"י און רמב"ם, וואס דער אידישער געניוס האט פון זיך ארויסגעגעבן.

אין א צייט־אפשניט פון א קארגן יארהונדערט, האבן אנגעהויבן צו שיי־נען צוויי זונען, וועלכע האבן די אידישע וועלט מיט פולע שטראלן ליכט בא־גאסן און די אידישע הערצער מיט ווארעמקייט אנגעפילט. איינער איז געווען אין אייראפע און דער צווייטער אין אפריקע. איינער איז געבוירן געווארן אינם שויס פון די אשכנזים און דער צווייטער האט געשטאמט פון די ספרדים. איינעם האט מען גערופן פרשנדתא און דעם צווייטן — „הנשר הגדול", דער גרויסער אדלער. ניין הונדערט יאר ווערט איצט זינט רש"י איז געבוירן גע־ווארן און אכטהונדערט יאר איז ניט לאנג געווארן זינט דער רמב"ם איז גע־בוירן געווארן.

ווי היינט, אזוי אויך אין זייערע צייטן איז דער אידישער הימל געווען היבשלעך פארוואלקנט. אין די צייטן פונם רמב"ם זיינען געווען די ג ז י ר ו ת ה ש מ ד פון די אלמאהאדן, און אין די לעצטע יארן פון רש"י האבן אנגע־הויבן בושעווען אין פראנקרייך און אין דייטשלאנד די ערשטע קרייץ־צוגן. און איצט, גלייך ווי דאן, לייכטן איבער אונדז די צוויי גרויסע ליכטער רש"י און רמב"ם. מיר ווערן באווירקט און געשטארקט פון זייער תורה און זייער חכמה. פון זייער שפע'דיקער גייסטיקייט, מאראלישער הויכקייט, עטישע פרינציפן וועלכע זיי האבן פאר אונדז אין דער תורה אנטפלעקט, פון די העכערע ווערטן וואס זיינען דורך זיי נתגלה געווארן, פון די טיפע קוואלן פון רוחניות וואס האבן פון זייערע לעבנס אזוי רייך ארויסגעשטראמט מיט אכט און ניין הונ־דערט יאר צוריק, — ווערן באלויכטן נאך היינט די וועגן פונם אידישן פאלק פון איין עק וועלט צום צווייטן, עד סוף כל הדורות.

געווען א צייט אין דער ערשטער תקופה פון די צוויי גייסטיקע ריזן — אגב, א דערשיינונג וואס האט זיך איבערגעחזרט אינם דור המאספים — ווען

מ׳האָט דוקא געוואָלט אויסגעפינען דעם סוד פון „מי גדול ממי״? איז רש״י געשטאַנען אויף אַ העכערער מדרגה פונם רמב״ם, אָדער דער רמב״ם האָט אי־בערגעשטיגן רש״ין? ס׳האָבן זיך פאָרמירט צוויי צדדים, ווי אַמאָל די בית שמאי און בית הלל. איןביידע לאַגערן זיינען געווען קנאים, וועלכע האָבן גע־וואָלט שאַפן אַ מחיצה צווישן דער לערע פון רש״י און דער פונם רמב״ם — גלייך זיי וואָלטן חלילה געווען צוויי תורות. ס׳האָט זיך צעפלאַקערט אַ שאַרפע מחלוקת לשם שמים וואָס האָט אריינגעצויגן אין יעדן צד רבנים, לומדים, סופרים און חוקרים און ס׳האָט געדראָעט מיט דעם אַז ס׳זאָל אונטערגעצונדן ווערן די בריק צווישן די אשכנזים און ספרדים און אַז זיי זאָלן צעטיילט ווערן אין צוויי זיך באַקעמפנדיקע שבטים. ס׳איז אפילו געקומען צו חילול־השם און די ספרים פונם רמב״ם זיינען עפנטלעך פאַרברענט געוואָרן.

קנאות, בפרט רעליגיעזע קנאות, פאַרבלענדט אפילו די קלאָרסטע אויגן, פאַר׳עקשנט די איידלסטע הערצער און פאַרפירט אויף קרומע וועגן די קלוגסטע קעפּ. מ׳האָט געזוכט צו זען אין רש״ין דעם שטרענגן מאמין און אינם רמב״ם דעם צווייפלדיקן פילאָזאָף; אין איינעם דעם מפרש און אין דעם צווייטן דעם טרוקענעם פוסק. פון טרוא — האָט מען גע׳טענהט — ווערט פאַרשפּרייט בכל תפוצות ישראל תורה תמימה, בעת פון קאַירא גייט ארוים די רעליגיעזע חקירה, וועלכע איז עלול צו פירן צו אפיקורסות, חלילה. פּאַראַפראַזירנדיק דעם פסוק פון ישעיה, האָט מען גע־זאָגט: „מצרפת תצא תורה ודבר ד׳ מאשכנז״, אַז די לערע פון פראַנקרייך איז פאַרשטענדלעך, נוצלעך און נויטיק פאַרן גאַנצן פאָלק, אין דער צייט ווען די פון אַפריקע שטעלט פאַר מיט זיך אַ קאָדעקס פון הלכות פסוקות, וועל־כע זיינען נאָר צוגענגלעך פאַר יחידים, ווי רבנים און לומדים.

צום גליק פונם אידנטום האָט מען זיך גיך אָפּגעגעבן רעכנונג וועגן דעם געפערלעכן און טראַגישן טעות אין וועלכן מ׳איז אריינגעשלעפּט געוואָרן. מ׳האָט זיך ארומגעזען אַז „אלו ואלו דברי אלקים חיים״; סיי רש״י און סיי דער רמב״ם האָבן אָפּגעגעבן זייער גאַנץ לעבן בכדי להגדיל תורה ולהאדיר. יעדער פון זיי האָט געלערנט אויף זיין אייגענעם אופן, לויט אַן אייגענער שיטה, ווייל ביידע זיינען געווען געפּאַנצערט מיט גרויס וויסן, בקיאות און אומבאַשרייבלעכער התמדה. זיי האָבן ביידע אין זיך געפילט, אַז זיי זיינען געבוירן געוואָרן צו אַ גרויסער שליחות: צו דינען זייער פאָלק און אַנטפּלעקן פאַר אים די טיפערע אוצרות פון דער תורה וועלכע זאָלן אים באַגלייטן אַלס

א שמירה אינם ווייטן גלות-וועג. ס'איז געוואָרן קלאָר, אז רש"י און דער רמב"ם זיינען די צוויי גרויסע לערער, וועלכע האָבן זיך ממית געווען באהלה של תורה, מיטן איינציקן צוועק שלא תשתכח תורה מישראל.ביידע זיינען זיי געווען די אנערקענטסטע קלאַסישע לערער פונם אידישן פאָלק און דער פרסום וועגן זייער געלערנטקייט איז אריבערגעשטיגן די גרעניצן פונם אידישן תחום און זיינען באַטראַכט געוואָרן אויך פון די ניט־אידישע געלערנטע אין דער גאנצער וועלט אַלס די וועג-ווייזער אין דער תורה-שבכתב און תורה שבעל-פה. זיי האָבן געזאָרגט פאַר דער צוקונפט פון זייער פאָלק און פאַר אים מבאר און מסביר געווען די יסודות פון דער אידישער לערע. רש"י איז פונקט אזוי אָנגענומען ביי די ספרדים, ווי דער רמב"ם ביי די אשכנזים. גרויס און קליין, לומדים און פשוטע אידן, גריבלער און חוקרים האָבן געשטילט זייער דורשט און געזע-טיקט זייער הונגער מיט די גייסטיקע אוצרות פון די צוויי גדולים, וועלכע דערהאלטן אונדז און שטאַרקן אונדזער גייסט ביז היינט.

די חז"ל זאָגן: „כל מקום שגלו ישראל, השכינה גלתה עמהם". מיר פאַר-שטייען די שכינה בבחינה פון דער הייליקער גייסטיקייט: אַלץ וואָס איז פאַר־בונדן מיט רוחניות — ד י ת ו ר ה. זי איז די געטלעכע קראַפט וועלכע באַגלייט דאָס פאָלק ישראל אין די שווערסטע צייטן און באַשיצט אים פון אונטערגאנג און אומקום.

האַנט ביי האַנט מיט תורה גייט די גאולה. דאָס זיינען די צוויי קוואַלן פון וועלכע מיר ציען אונדזער כח הקיום אַלס פאָלק אין דער גאַנצער צייט פונם שווערן און לאַנגן נע ונד זיין אין גלות: דער קוואַל פון דער תורה און דער קוואַל פון דער גאולה. דאָס וואָס מיר לאָזן ניט אַרויס פון אונדזערע הענט דעם ספר און פון אונדזערע מוחות דעם רעיון פון דער דערלייזונג — דאָס זיינען די מיסטישע כוחות וועלכע דערהאַלטן אונדז ביים לעבן; זיי גיבן אונדז בסדר פרישן כח, מוט, האָפנונג און שטאַרקייט, כדי מיר זאָלן קענען איבער־טראָגן מיט ווירדע און נאַציאָנאַלן שטאָלץ די אָן א שיעור פיין און ליידן, וועלכע פאַלן אויף אונדז טאָג-איין טאָג־אויס מיט אזא אכזריות.

ת ו ר ה א ו ן ג א ו ל ה, א דאַנק זיי האָבן מיר געקענט גיין אין פייער על קידוש השם און ניט פאַרברענט ווערן; א דאַנק זיי האָבן מיר גע-קענט איבערטראָגן הונדערטער פאָגראָמען און ניט אומקומען. מ'האָט אונדז טאָקע פאַרשלעפּט אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן, אָבער מיר זיינען פון זיי אַרויס געלייטערט פון די זינד פון אַסימילאַציע. און א דאַנק זיי האָבן מיר

געקענט אָנהאַלטן אין משך פון דריי יאָר דעם שווערן קאַמף מיט די אַראַבער און זיינען אַרויסגעקומען פון דעם געראַנגל געשטאַרקט און מיט נצחון.

דער סוד פון דער מיסטישער קראַפט ליגט אין דעם, וואָס אין דער צייט ווען מיר האַלטן אין איין האַנט דעם ספר, האַלטן מיר אין דער צווייטער האַנט די בלוי-ווייסע פאָן, דעם סימבאָל פון דער קומענדיקער גאולה. אונדזער רעטונג ליגט אין דעם וואָס מיר האָבן פאַרשטאַנען, גלייך פון דעם ערשטן טאָג וואָס מיר זיינען געגאַנגען אין גלות, צו צוזאַמענבינדן די מלכותא דרקיע מיט דער מלכותא דארעא, — ת ו ר ה מ י ט ד ע ר ל י י ז ו נ ג. אויך אין דעם געפינט זיך דער סוד פון דער אידישער נצחיות. און ווען ס'זאָלן זיך אפילו צוזאַמענקומען אַלע רשעים פון דער וועלט, וועלן זיי אונדז ניט קענען בייקומען.

געווים זיינען פאַראַן פילע, פאַר וועלכע אונדזער ביז איצטיקער קיום איז אַ רעטעניש און קענען אונדזערע דרכים ניט פאַרשטיין. זיי באַגרייפן ניט ווי קען אַ פאָלק וואָס ווערט טאָג־טעגלעך געשליידערט און צעטרעטן אונטער די רעדער פון די ווילד געוואָרענע פעלקער און יעדע שעה ברענגט אויף אים, ווי אויף איוב'ן, נייע פיזישע ליידן און מאָראַלישע דערנידערונגען, פאַר וועלכן אַלע טויערן פון דער וועלט זיינען פאַרשלאָסן, חוץ דעם טויער פון דאַנטע'ס גיהנום וואָס שטייט ברייט אָפן אים איינצושלינגען; ווי קען אַ פאָלק אין אַזאַ טראַגישער סיטואַציע ניט האָבן קיין אַנדערע דאגות ווי צו פייערן דעם אָנדענק פון זיינע אַמאָליקע גייסטיקע גדולים און זיך קוויקן מיט דער לערע פון די אַמאָליקע גאונים. זיי שטייען פאַר אַ רעטעניש און פרעגן: מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס, וואָס אין אַ צייט ווען די וועלט שטייט אין פלאַמען, ווען אַ העלישער פייער האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ אייראָפּע, האַלב אַפריקע, פייערצונגען ציען זיך אויף אַזיע און באַדראָען אפילו דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, שטייט אַן אַלט דערפאַרן פאָלק און שפּינט זיך זיסע חלומות וועגן ציון?...

זיי פרעגן, ווייל זיי פאַרשטייען אונדז ניט; זיי פאַרשטייען אונדז ניט, ווייל זיי קענען אונדז ניט. די בעסטע גויים — אויך אידישע גויים במשמע — קענען בכלל די אידן נאָר אויבערפלעכלעך, אויסערלעך. זייער קענען אונדז שטאַמט פונם אידישן מסחר'ן, זיי זעען נאָר דאָס אידישע האווען, די אידישע גאַס, דעם אידישן חול און די אידישע אַסימילאַנטן. זיי קענען אָבער ניט די אידישע נשמה, זיי קענען ניט די אידישע קדושה. עינים להם ולא יראו! זיי קענען ניט דערזען די מיסטישע כוחות וועלכע לעבן אין אונדז, דעם סכום פון באַוועגנדע קרעפטן וועלכע אימפּולסירן אונדז און דערפאַר פאַרשטייען זיי ניט פאַרוואָס מיר

האלטן זיך אזוי פעסט איינגעקלאמערט אין דעם רוח היהדות און פארוואס מיר ווארעמען אוים אין אונדזער הארץ מיט אזוי פיל ליבע די גאולה־האפע־נונגען.

* * *

צוריק מיט עטלעכע יאר האבן מיר דא — צוגלייך ווי דאס האבן געטאן דאס וועלט-אידנטום און די ניט-אידישע וויסנשאפטלעכע קרייזן — געפייערט דעם 800-טן געבורטס-יאר פונם רמב"ם און איצט פייערן מיר דעם 900־טן געבורטס-יאר פון רש"י. צום יובילי פונם רמב"ם האט די אידישע קולטור־געזעלשאפט „העבראיקא" ארויסגעגעבן א רמב"ם-בוך אין שפאניש. היינט גיט ארוים די ציוניסטישע פעדעראציע, וועלכע האט באקומען די איניציאטיוו פונם „עונג שבת", א רש"י-בוך אין העברעאיש, אידיש און שפאניש, א דאנק דעם רש"י־קאמיטעט וועלכער האט אנגעפירט מיט דער ליטערארישער און טעכני־שער ארבעט און א דאנק די מעצענאטן וועלכע האבן איבערגעגעבן דער ציוי־ניסטישער פעדעראציע די נויטיקע געלט-מיטלען, וואס האבן דערמעגלעכט די דערשיינונג פון די ביכער.

אין דעם רש"י-בוך קומען אריין ערנסטע אריגינעלע ארבעטן פון אר־גענטינער אידישע שרייבער, רבנים און תלמידי-חכמים, וועלכע באלייכטן פיל־זייטיק די פערזענלעכקייט, משפחה, סביבה און דעם דור פון רש"י, די בעלי תוספות און די „פניני־רש"י".

די ארגענטינער אידן צאלן דערמיט אפ א שיינעם ערן-חוב. געוויס איז יעדער פון אונדז אמאל אין חדר געגאנגען, האט מיט הנאה א פרשה חומש מיט רש"י געלערנט, האט געהאט דעם זכות צו דערצויגן ווערן צו אידישקייט און האט ר ש " י ן צו פארדאנקען די פריווילעגיע וואס ער איז ניט פאר־בליבן אויפן גאנצן לעבן אן עם־הארץ.

מיר, ארגענטינער אידן, זיינען איצט דאפלט פארפליכטעט צו איבער־נעמען אויף אונדז א פארשטארקטע אחריות כלפי די נאציאנאלע אויפגאבן, א התחייבות צו די אידישע קולטור-אוצרות און צו דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל. מיר ווערן געשטויסן פון א היסטארישן מ ו ז צו נעמען אויף זיך, באטש טיילווייז, די ארבעטן וועלכע ס'האבן פריער אויסגעפירט די איצט חרוב געווארענע אלטע אידישע צענטערן.

„אין עושין נפשות לצדיקים מעשיהם הם זכרונן". און ווער האט נאך אויפצווייזן אזוי פיל מעשים, גרויסע אומאפשאצבארע טאטן, ווי דאס האט

רש״י? מיט זיין פירוש אויף תורה, מיט זיינע פירושים אויף נ״ך, זיין פירוש אויף כמעט גאנץ ש״ס, זיינע תשובות, דינים, פיוטים און סליחות, דאס אלע זיינען קאלאסאלע וויסנשאפטלעכע ארבעטן וואס ביי אנדערע פעלקער ווערט דאס דורכגעפירט דורך אוניווערזיטעטן, דורך צענדליקער פראפעסארן און אין משך פון פיל דורות.

דער רש״י־יובילייט איז אייגנטלעך ניט פאר רש״י. זיין פרסום, זיין כבוד נויטיקט זיך ניט אין דעם. ער דארף ניט ווארטן אויף א יובילײ־דאטום כדי צו דערמאנט ווערן. ער ווערט דערמאנט מיט ליבע און מיט יראת־הכבוד אלע טעג און אלע נעכט אין אלע ווינקעלעך פון דער וועלט וואו אידן לעבן, זינט ניין הונדערט יאר. זיין נאמען ווערט דערמאנט בקדושה ובטהרה פון די תינוקות של בית רבן, זיין נאמען ווערט דערמאנט אין די טענער פון דעם גמרא־ניגון וואס קלינגט אפ אין די בתי־מדרשים, ישיבות און אין דעם העברעאישן אוניווערזיטעט פון ירושלים און אין די בכיות וואס לאזן זיך הערן אין די שולן אין די ימים נוראים בעת ס׳ווערן געזאגט זיינע פיוטים. דער רש״י יובילײ איז ניט פאר רש״י, נאר פאר אונדז. ניט ע ר נויטיקט זיך אין אים, נאר מ י ר, באזונדערס אין דער היינטיקער אזוי שווערער צייט; ווייל באהעפטנדיק זיך מיט די אמתע מקורות פון דער אידישער גייסטיקייט און דערנענטערנדיק זיך צו די אוצרות הרוח פון ישראל סבא, באנייען זיך אונדזערע קרעפטן, ווערט באפליגלט אונדזער גייסט, געשטארקט אונדזער מוט און מיר באקומען א גייסטיקע דערהויבונג, וואס איז פאר אונדז דער בעסטער רעטונגס־גארטל כדי ניט ארײנצופאלן חלילה אין יאוש און אז מיר זאלן האבן קראפט צו ארבעטן מיט עקשנות פאר א נארמאלן קיום פונם אידישן פאלק.

ס׳איז כדאי און ס׳איז א גרויסער כבוד צו געהערן צו א פאלק וואס האט פארמאגט אזעלכע גאונים ווי ר׳ שלמה יצחקי — רש״י, וועלכער איז געווען, איז און וועט בלייבן אויף עולמות אן אב לחכמה ואב לדורות.

אדר, תש״א.

יוסף מענדעלסאָן

# רש"י - זיין לעבן, ווירקונג און געשטאַלט

געהייליקט דעם ליכטיקן אָנדענק
פון אבא מורי ר' הילל בן רבי
יהודה־לייב נ"ע — אומגעקומען על
קידוש השם אין טשערקאַס, אוקראַי־
נע, לג בעומר ה'תרע"ט.



# אינהאַלט

## ערשטער פּרק

## רש״י אין דער אומשטערבלעכקייט



## צווייטער פּרק

## לעבן, סביבה און פּערזענלעכקייט



## דריטער פּרק

## אונטערן צייכן פון ערשטן קרייצצוג

# רש״י און דער אומשטערבלעכקייט

## ערשטער פרק

איזהו עם בן־תורה ובעל רוח? כל שיש לו ספר אחד או שנים חביבים עליו, והוא מתחנך על ידיהם. ספר כזה היה החומש עם פירש״י ל כ ל ההמון והגמרא עם המדרשים (והספרים המסתעפים מהם) לרובו.

יהודי שלמד „חומש עם רש״י" — כבר לא היה בור וכבר נמצא בו ריח תורה, שהיה מלפפו כל ימי חייו.

**איני יודע, אם אפשר שינתן לנו בזמננו ספר כזה — כחומש עם רש״י.**

אגרות ח. נ. ביאליק, כרך א., עמוד רצ״ג; מכתב ק״ע (1)

— א —

### דער צוגאַנג צום רש״י - ענין

אין אַלע אידישע ישובים אין דער אַלטער און נייער וועלט, וואו נאָר דאָס איז מעגלעך צו טון, אומגעשטערט פון סיבות ניט פון די ישובים אָפּ־הייננגיקע — פון סיבות און אומשטענדן אויסערלעכע, פּאָליטישע, מאַטע־ריעלע, האָט מען היי־יאָר דערמאָנט, געפייערט און מען פייערט דעם נייטן יאָרהונדערט פון רש״ים געבורט, מען פייערט דעם נייטן יאָרהונדערט (ווייל דער טאָג פון געבורט איז, לײדער, פאַרבליבן אומבאַקאַנט) זינט דעם גע־בורט פון יענער גבניאַלער פערזענלעכקייט, וואָס האָט פ אַ ר ן ל ע ב ן

---

(1) — וואָס פאַר אַ פאָלק קען ווערן באַצייכנט אַלס קולטור־פאָלק און פאָלק פון גייסט? אַזאַ וואָס האָט איינעם אָדער צוויי ביכער, וואָס זיינען באַליבט ביי אים און ער ווערט דורך זיי דערצויגן. אַזאַ בוך איז געווען דער חומש מיטן פּירוש רש״י פאַרן ג אַ נ צ ן פאָלק און די גמרא מיט די מדרשים (און די ספרים, וואָס פאַרצווייגן זיך פון זיי) פאַרן ר ו ב פונם פאָלק.

אַ איד, אַז ער האָט געלערנט חומש מיט רש״י — איז ער קיין פּראָסטאַק שוין

געהייסן רבי שלמה יצחקי און אין דער אומשטערבלעכקייט אריבער מיטן פּאַרקירצטן, ראשי־תיבות־אַרטיקן נאָמען רש״י.

עס איז שווער צו געפינען אַ גלייכן צו אים, צו דער פּערזענלעכקייט און זיינע אויפטוען, צו דער פּערזענלעכקייט און צו דער אייביקער פּאָרע־רונג, וואָס רש״י האָט באַקומען אין כל תפוצות ישראל. עס איז שווער צו געפינען אַ דערשיינונג פון גייסטיקן, פון קולטורעלן אויפטו פון איין פּערזאָן, דורך לעבנס־ווערק זיינע, פאַר אַ גאַנצן פאָלק, וואָס זאָל קענען פאַרגליכן ווערן, אין אייביקייט, אין גרויסקייט, אין ווירקזאַמקייט, אין השפעה דורך דורות און דורות אויף אַלע שיכטן פון אַ פאָלק, צו דעם אויפטו, צו דער אייביקייט, צו דער השפעה אויף דער גייסטיקער אויספאָרמירונג פון אונזער פאָלק, וואָס רש״י האָט געהאַט, אין אַ משך, ביז איצט, פון פאַסט ניין יאָר־הונדערטער.

עס איז שווער צו געפינען ניט נאָר ביי אונדז אידן, נייערט אויך ביי ניט אידן, אַ פאַל אַזאַ, אַ דערשיינונג אַזאַ, ווי די, וואָס ווערט אויס־געדריקט דורך דעם מהות פון דעם וואָרט „רש״י", דורך דעם, וואָס דער באַגריף רש״י, אַזוי צו זאָגן, באַצייכנט. ווייל: געציילט זיינען אין דער געשיכטע פון פעלקער די ווערק, אויף וועלכע אַ גאַנץ פאָלק, אָן אויסנעם זאָל ווערן דערצויגן אין לויף פון יאָרנהונדערטער; און נאָך ווייניקער איז די צאָל פון ווערק, וואָס זאָל געניסן פון אַזאַ אומדיסקוטירבאַרע, פון אַזאַ אומבאַשטרייטבאַרע אויטאָריטעט צווישן אַ גאַנץ פאָלק, און, דערצו אויסאיבן אַזאַ אומגעהויערע השפעה, אין אַלע פּרטים און אויף אַלע געביטן פון גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אַ פאָלק, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דער דערשיינונג — יאָ, דערשיינונג — וואָס ווערט באַצייכנט דורכן באַגריף: „חומש מיט רש״י", „גמרא מיט רש״י".

עס איז שווער צו געפינען, צווישן די גייסטיקע שאַפונגען אין דער

---

ניט געוועזן; און ער האָט שוין פאַרמאָגט אַ ריח פון תורה, וואָס פלעגט אים אייב־הילן זיין גאַנץ לעבן.

איך ווייס ניט צי איז עס מעגלעך, אַז אין אונדזער צייט זאָל אונדז געגעבן ווערן אַזאַ בוך — ווי חומש מיט רש״י.

„ביאַליקס בריוו", ערשטער באַנד, ז. 293, 170־טער בריף.

וועלט נאָך אַזאַ פאַל, ווי דאָס איז דער פאַל מיטן פּירוש הקונטרס (2) — רש"יס פּירוש אויף גמרא — אַז אַ גרויסער טייל פון אַ פאָלק און אַלע זיינע אינטעלעקטואַלן, לומדים און מדריכים אין גייסט, און אין ווירקלעכן טאָגטעגלעכן לעבן, זאָלן ווערן דערצויגן אויף דער באַזע פון איין ווערק און זייער בילדונג זאָל אויסגעפורעמט ווערן אויף דעם יסוד פון אָט דעם ווערק, וואָס איז באַליבט און אָנגענומען, געאַכט און פאַרערט, אָן איבעררייס, זינט כמעט ניין הונדערט יאָר.

און — דאָס איז נויטיק צוצוגעבן — עס האַנדלט זיך ניט וועגן אַ סתם אַ פאָלק, מיט אַנדערע פעלקער גלייך, נייערט וועגן *אונדזער* פאָלק, וואָס וואוינט ניט אויף איין טעריטאָריע, נאָר איז איבער גאָר דער וועלט צעשפּרייט; וועגן אַ פאָלק, וואָס האָט במשך פון די ניין הונדערט יאָר געבויט און איבערגעבויט, עטלעכע מאָל פון ס'ניי, אין די ווייטסטע און פאַרשיידנסטע געאָגראַפישע לענגן און ברייטן, זיינע צענטרען און היימען, נאָך דעם, ווי די פריִקע זיינען פון פרעמדע, אין ציַיטן און אומשטענדן פאַרשיידענע, צעשטערט, חרוב געוואָרן; און יעדער צענטער, געבויט אין אַ נייער סביבה,

---

(2) — אונטער דעם נאָמען פּירוש הקונטרס איז באַקאַנט, הויפּטזעכלעך דער פּירוש רש"י; די בעלי התוספות, נאָכפאָלגער פון רש"י, פון זיין פאַמיליע, רופן אים אָן מיטן נאָמען פּירוש הקונטרס (תוספות מסכ. שבת כ"ג און נאָך טויזנטער מאָל אין ש"ס).

עס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז מיטן נאָמען „קונטרס" פלעגן גערופן ווערן די פאַרצייכנונגען, וואָס די תלמידים אין די ישיבות פלעגן מאַכן אויף אַ העפט פון פאַרמעט, אָדער אויף די מאַרגינעסן פון זייערע געכתיבהטע מסכתות, הערנדיק די דערקלערונגען, די פּירושים, די *קאָמענטאַרן* אַזוי צו זאָגן, פון זייערע לערער די ראשי ישיבה, וועגן דער סוגיא, הלכה אָדער מאמר פון דעם געלערנטן שיעור.

יעדער ישיבה האָט זיך געהאַט איר קונטרס, ריכטיקער געזאָגט אירע „קונטרסים" אויף גאַנצע אָדער טיילן פון סדרים אָדער מסכתות.

אַן אויספירלעכע געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון דעם *קונטרס*, פון זיין ערשטער אַנטשטייאונג, אין די ישיבות פון מיטלאַלטער ביז נאָך דעם פּירוש רש"י, וועלכער ווערט באַטראַכט ווי די *חתימה*, דער *אַפּשלוס* פון דער *קונטרס-פאָרמע* אין דעם *פּירוש* אויף *תלמוד* — איז צו געפינען אין א. מ. ליפשיצעס בוך: ר' שלמה יצחקי (רש"י) פאַרלאַג תושיה, וואַרשע 1914, אין די קאַפּיטלען ח' (תולדות הקונטרס) און ט' (מהדורות), זייטן 51—78.

וועגן דעם אָפּשטאַם און באַדייטונג פונם וואָרט „קונטרס" איז די אָנגענומענע מיינונג, אַז דאָס וואָרט שטאַמט פון לאַטייניש „קאָמענטאַריאָס" (קומנטריסים),

אין אַן אַנדער צייט, אונטער אַנדערע באַדינגונגען, האָט געמוזט האָבן אַנ־דערע פאָרמען, צוגעפּאַסטע צו די אַנדערשדיקע, ווי די פאַריקע, אומגעבונ־גען, השפּעות און אַנדערע לעבנס־תנאים. עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאָלק, וואָס האָט אין די ניין הונדערט יאָר פאַרגאַנגענע, דערוויזן צו שאַפן פאַר זיך אַן אַנדער שפּראַך, לכתחילה פאַר זיין טאָג־טעגלעכער, וואָכעדיקער הצטרכות און שפּעטער פאַרוואַנדלט זי אויך אין זיין צווייטן, אינטימען, קולטור־נאַציאָנאַלן לשון — אַ שפּראַך, אין וועלכער ניט דער געניאַלער מפרש און ניט דער ישוב, וואו ער איז געבוירן, אויפגעוואַקסן געוואָרן און וואו ער האָט אַקטואירט, האָט גערעדט, אָדער געשאַפן. און דאָך, ניט געקוקט אויף אַזעלכע מניעות און שטערונגען פאַר דעם אַנהאַלט פון דער השפּעה פון אַ ווערק איז די קאָנטיטואַיטעט, די אומאיבערגעריסנקייט פון „חומש מיט פּירוש רש״י״, פון „גמרא מיט רש״י״ ניט איבערגעריסן געוואָרן, ביז איצט כמעט, אויף איין טאָג.

דידאַזיקע מערקווירדיקע, איינציגע אין איר אַרט, אומאיבערגעריסנקייט פון פאַרהערלעכן חומש מיט רש״י, גמרא מיט רש״י, אין אַ משך פון אַזעלכע

עס איז אַ העברעאיזירטע פאַרקירצונג; אַזוי אַרום האָט עס געדאַרפט לכתחילה באַ־דייטן די פאַרצייכנונג פון די פּירושים (קאָמענטאַרן) אין עקזעגעטישע פאַרטייי־טשונגען, וואָס די קדמונים פלעגן געבן פאַר זייערע תלמידים וועגן תורה שבעל־פּה. אַזוי ווי דאָס פלעגט געשריבן ווערן אַמייסטן, אויף באַזונדערע העפטן, וואָס תלמי־דים פלעגן צוגרייטן, כדי צו פאַרצייכענען די תורה, וואָס זיי האָבן געהערט בעתן שיעור, האָט דאָס וואָרט קונטרס, שפּעטער, אין לויף פון די יאָרן, באַקומען די באַ־דייטונג און באַצייכנונג, ניט פון דעם פּירוש, אייגנטלעך, ניט פונם קאָמענטאַר, נאָר פון דער זאַך, א ו י ף וו אָ ס דער פּירוש פלעגט פאַרצייכנט ווערן; אַ העפט, אַ קליין ביכל. ביסלעכווייז איז דער פּרימיטיווער אָפּשטאַם און טייטש פונם וואָרט „קונטרס־קאָמענטאַריאָס״ פאַרגעסן געוואָרן און עס האָט זיך איינגעוואָרצלט אין העב־רעאיש דאָס וואָרט „קונטרס״ אַלס באַדייטונג פון: „העפט״.

דאָס וואָרט קונטרס איז יעדנפאַלס אַריין אין העברעאישן באַנוץ זייער לאַנג שוין, יאָרנהונדערטער פריער פאַר דעם באַנוצן זיך מיט דעם אין די ישיבות. רבי זאב יעב״ץ (אין זיין תולדות ישראל״ חלק י״א, זייט 26, הערה 2), זאָגט: „מיר האָבן ניט זוכה געווען צו געפינען דאָסדאָזיקע וואָרט (קונטרס) אין אונדזער אַלטער ליטעראַטור, נאָר אין פאָלגנדן מאמר פון ר. יהודה בן בבא: „משל לאדם שנתן בקונ־טרוסים של מלכות״ (ספרי במדבר קל״ד); דאָ איז דער באַדייט פון וואָרט „קונטרס״ — ניט קיין פּירוש, נאָר דאָס פאַפּיר אָדער פאַרמעט, אויף וועלכן דער פּירוש ווערט געשריבן.

יינהונדערט יאָר, איז אַ דערשיינונג, וואָס נעמט אַרום אַלע תפוצות ישראל, מיט דערזועלביקער פרישקייט און עכטקייט, כמעט, פון סוף עלפטן ביז סוף ציינצנטן און ערשטע צענדליקער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט; און זי ווערט פאַרצייכנט מיט דערזועלביקער אינטענסיוויטעט, כמעט, צווישן ספרדים ווי אשכנזים; פראַנצויזישע אידן, ווי ליטווישע; דייטשישע אידן ווי פּוילישע; מאַראָקאַנער אידן, תימנער ווי אוקראַינער. ניט די שפּראַכן פון דעם לאַנד, וואו אידן האָבן געוואוינט — און וואָס האָט „נאָלענס־וואָלענס" געווירקט אויף זייער לעבן — ניט די אַלעמאָל געענדערט ווערנדיקע אָביעקטיווע באַדינגונגען פון לעבן; ניט די אויסערלעכע טראַנספאָרמאַציעס אין דעם לעבן זעלבסט וואָס אַנטשטייען און מוזן אַנטשטיין מיטן גאַנג פון דער צייט; ניט די פאַרשיידענע געאָגראַפישע, קלימאַטערישע, עטנאָגראַפישע, עקאָנאָמישע טראַנספאָרמאַציעס, וואָס די ישובים און דאָס לעבן פון אונדזערע אידישע מאַסן האָבן דורכגעמאַכט אין דער צייט, וואָס שיידט־אָפּ די עפּאָכע פון דעם ערשטן קרייץ־צוג פון דער צייט פון נ אַ צ י ־ ה אַ ק נ ק ר י י צ ל ע ר , האָבן כמעט געהאַט אַ שליטה אויף דערדאָזיקער, איינציקער אין דער געשיכטע, פאַרהערלעכונג פון אַ ווערק און זיין דערהויבונג ביז צו אַ כמעט איינציק נאַציאָנאַל דערציונגס־ווערק.

עס איז אַ וו אַ ו נ ד ע ר. עס איז אַ וואונדער, אָבער נאָר פאַר פרעמדע. פאַר אונדזערע פאָלקס־מאַסן, ביז די גאָר לעצטע יאָרן, דערצויגן אויף חומש מיט רש"י, פאַר יענע פון אונדזערע פאָלקס־מאַסן, וואָס האָבן געלערנט אליין גמרא מיט רש"י, אָדער וואָס האָבן, ל פּ ח ו ת ז י ך ג ע פּ ו נ ע ן אין דער נ אָ ע נ ט ק י י ט, אין דער אַ ט מ אָ ס פ ע ר ע פון די, וואָס האָבן געלערנט גמרא מיט רש"י, האָט עס גאָרניט אויסגעזען ווי אַ וואונדער, נייערט, ווי אַ גאַנץ נאָרמאַלע, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, דורך יאָרהונדערטער פון פּראַקטיק און פון טראַדיציע אַן איינגעוואָרצלטע אין דעם לעבן און וועזן פון דעם פאָלק.

דאָס איז אַ וואונדער: אונדזער יוגנט, וועלכע איז דערצויגן שוין ניט על ברכי התורה, דערצויגן ניט אויף חומש מיט רש"י, וועט ניט פאַרשטיין אַזוי לייכט, ווי אַזוי האָט אַזאַ מין דערשיינונג געקאָנט אַנטשטיין, איינוואָרצלען זיך אין דעם וועזן פון פאָלק און אָנהאַלטן אומאיבערגעריסן יאָרנהונדערטער.

דאָס איז אָבער נאָך מער וואונדער, פאַר אַבסאָלוט פרעמדע; פאַר ניט אידישער אינטעליגענץ. פאַר זיי איז עס דערזועלביקער וואונדער — און פרעמ-

דע פאַרשטייען עס נאָך זעלטענער און שווערער — וואָס הייסט אידישע אייבי־קייט, אַלס פאָלק אין דער געשיכטע־עראַ, ניט געקוקט וואָס די רעליגיעזע בונדן האָבן נאָכגעלאָזט אין זייער איינגן צוזאַמענהאַלטן אונדז, ניט געקוקט אויף אַלע ריסן און ענדערונגען, וואָס די צייט (וואָס ענדערט אַלץ), וואָס געאָ־גראַפישע דיסטאַנצן און היסטאָרישע קאַטאַקליזמען און וואָס אויסערלעכע סאָ־ציאַלע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע טראַנספאָרמאַציעס און פאַרוואַנדלונגען, ברענגען און שאַפן פאַר פעלקער, פאַר לענדער און פאַר אונדז אויך, אַלס טייל פון דער מענטשהייט, און וואָס ווירקן, אין הינזיכט פון איבעררייסן, שטערן, אוממעגלעך מאַכן צו אָנהאַלטן די קאָנטינואיטעט פון אַזאַ גאַנצקייט, אייניקייט און אייביקייט פון אַ פאָלק, אַן טעריטאָריעלער אָפּגעגרענעצטקייט און אַבסאָלוטער שפּראַכלעכער אייניקייט.

די אומאיבערגעריסנקייט פון „חומש מיט רש״י״ און „גמרא מיט רש״י״ אין משך פון כמעט נײַנהונדערט יאָר, דער פאַקט, וואָס דידאַקטיקע צ ו ו י י ווערק — באַמערקט, ניט חומש סתם, ניט רש״י סתם, נאָר חומש און גמרא מ י ט ר ש ״ י — זיינען געוועזן, פאַקטיש, דאָס איינציקע דער־ציונגס־ווערק אויף דורות און דורות, אין די פאַרשיידנסטע, ווייטסטע, צווישן זיך אַזוי פאַרשיידנהייטלעכע אידישע ישובים, איז אַ באַווייז, חוץ אַלעמען, אַז דער געניאַלער מחבר פון די דערמאָנטע צוויי ריזען־ווערק — פאַרן צו־זאַמענשטעל פון וועלכע, עס וואָלט זיך ביי די אומות העולם געפאָדערט אקאַ־דעמיעס — האָט מ י ט ז י י און דורך זיי געשאַפן עטוואָס אַזעלכעס, וואָס ב י ז א י ם איז אַזעלכעס ניט געוועזן אין ישראל און נ אָ ך א י ם, ביז איצט, האָט זיך נאָך ניט אויסגעשוועפּט די גרויסקייט און די מעלות — דידאַקטישע, פּעדאַגאָגישע, דערציערישע און אויך נאַציאָנאַל־אייביקע — פון די צוויי ווערק, וואָס דער ג ע ט ל ע כ ע ר מאַן, ר׳ שלמה יצחקי, האָט אי־בערגעלאָזן זיין פאָלק אויף אייביקע אייביקייטן.

אָבער די מעלות פון די ווערק אַליין, ווי גרויס זיי זאָלן ניט זיין, זיינען נאָך אַלץ ניט גענוג צו דערקלערן דעם פאַרוואָס פון אַזאַ פאַרהערלעכונג, ווי די, וואָס אונדזער פאָלק ווייזט אַרויס צו רש״י, זיינע ווערק און זיין אָנדענק. אַ פאַרהערלעכונג, וואָס ניט צייט און ניט געשיכטע, ניט קאַטאַסטראָפעס און ניט מיגראַציעס האָבן, אויף איר געהאַט אַ שליטה. ווען אַ פאָלק פאַרערט, אַזוי פיל יאָרנהונדערטער, אַ גרויסן מאַן פאַר צוויי ווערק זיינע — ווי גרויס עס זאָלן ניט זיין די מעלות זייערע אַלס ווערק און ווי זיי זאָלן ניט זיין די

ריכטיקע אָפּשפּיגלונג פון זיין וואונדערבארן כאַראַקטער, עטישקייט און מידות תרומיות פון זיין פּערזענלעכקייט; ווען אַ פאָלק דערציט זיינע קינדער און לאָזט לערנען זיינע בחורים און דערוואַקסענע, געלערנטע און גייסטיקע לייט, אויף צוויי ווערק, אין משך פון אַזוי פיל דורות — איז עס געוויס ניט קיין קאַפּריז פונם צופאַל, נייערט עס מוזן זיין טיפע סיבות פאַר דעם; עס מוזן זיין מאָטיוון, וואָס וואָרצלען אין דער עצם נשמה פון פאָלק און וואָס זיינען ארויסגעוואַקסן פון זיין פּסיכיק; מאָטיוון אַזעלכע, וואָס רש״י האָט זיי געבראַכט צו דער דערקענטניש פונם גאַנצן פאָלק; אַ „פאַרוואָס" אַזאַ, וועלכן רש״י האָט דורך זיין לעבן און ווערק רעאַליזירט און דערמיט צוגעטראָפן אויף דורי-דורות צו דאָס איניגסטע, צו דאָס נאָענטסטע, צו דאָס פאַרבאָרגנסטע טיף אין דער פּסיכיק פון דעם פאָלק.

דערדאָזיקער פ א ר ו ו אָ ס, ריכטיקער געזאָגט, די פ א ר ו ו אָ ס ן פון דער אומגעהויערער און אייביקער פּאָפּולאַריטעט פון רש״י ביי אידן, פון זיין אייביקן זיין און פאַרבלייבן פאַרערט און געליבט, געהייליקט און אי-דענטיפיצירט מיט׳ן פאָלק זעלבסט, געפינען זיך אין דער פּערזענלעכקייט פון רש״י, אין דעם כאַראַקטער, פאָרמע, אופן, מהות, אינהאַלט און מערקווירדי-קע אייגנאַרטיקייט פון זיינע צוויי ווערק, מיט וועלכע זיין לעבן איז אידענ-טיפיצירט געוואָרן אין אַזאַ מדרגה, אַז ס׳איז ניט מעגלעך צו אָפּטיילן, צו צעשיידן איינעם פון די אַנדערע, דעם מחבר פון זיינע ווערק. עס געפינט זיך אויך אין די אומשטענדן און באַדינגונגען פון צ י י ט, אָ ר ט און ק ו ל ט ו ר-מ ד ר ג ה, ו ו ע ן, ו ו א ו און אויף וועלכע די אידישע מאַסן האָבן זיך געפונען, בעת רש״י האָט געלעבט, אַקטואירט און געשאַפן.

כדי דידאָזיקע „פאַרוואָסן" צו א ו י ס ה ו י ל ן, צו אַנטפּלעקן, איז פאָלגלעך נויטיק צו שטודירן די פּערזענלעכקייט פון רש״י, אין ליכט פון ז י י ן צייט, אין שיין פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון אידישן לעבן אין פראַנקרייך-דייטשלאַנד (לאָטרינגען און צפון-פראַנקרייך), אין יענער צייט און אויך נאָכדעם, און נאָכזוכן וועלכע זיינען געוועזן די גייסטיקע השפּעות, וואָס האָבן געווירקט אויף רש״ין און אויף זיין דור און ו ו י א ז ו י האָבן זיינע נאָכפאָלגער ווייטער פאַרגעזעצט צו וועבן, שפּינען און אַנטוויקלען די השפּעה, וואָס זיי האָבן באַקומען פון רש״י, זייער רבין; עס איז נויטיק פאָלגלעך, ניט נאָר אַ ביאָגראַפיע פון רש״י און אַ געשיכטע פון זיינע אומ-שטערבלעכע, אומפאַרגייענדיקע פירושים-ווערק, נייערט עס איז אויך נויטיק

א גריבל צו טון זיך אין דער  ל ע ג ע נ ד אָ ג ר אַ פ י ע  פון רש"י — ווייל אין לעגענדעס מער, צומאָלס, ווי אין פאַקטן און געשעענישן, קען מען גע־פינען דעם שליסל, וואָס דערקלערט דעם זין און דעם כאַראַקטער פון דער באַציונג פון פאָלק צו זיינע גדולים. עס איז נויטיק צו אָנצייכענען די פולע פּאַנאָראַמע פון דאָס אידישע לעבן, אין דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו פון צייט, אָרט און מיליע, אין וועלכער רש"י האָט געלעבט, אַקטואירט, געווירקט און זיינע צוויי גרויסע פּירושים געשאַפן לדורות.

נאָר דורך אַזאַ אַרומפאַסנדיקן צוגאַנג צום ענין רש"י קען מען אויפ־קלערן דעם וואונדער פון אומאיבערגעריסענער רש"י־פּאַרערונג אַזוי פיל יאָרנהונדערטער און דעם פּאַרוואָס פון דער טיפער, פון דער גרענעצלאָזער ליבע און דאַנקבאַרקייט, פון דער אומגעהויערער אַכפּערונג און פאַרהייליקונג, וואָס אונדזער פאָלק האָט געשפּירט צו רש"ים אָנדענק אַזוי פיל דורות און אין אַזאַ מאָס, ווי צו קיינעם, דאַכט זיך, פון די גייסטיקע ריזן, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען צו ישראל, זינט נאָך רבי יהודה הנשיא, דעם מסדר פון משנה.

— ב —

# דער פּאַרטרייבער פון עם־הארצות פון צווישן די אידישע מאַסן

איידער איך וועל אַריבערגיין צו די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פון דער דאָזיקער אַרבעט, דענק איך, אַז עס איז כדאי צו אָפּשטעלן זיך אויף איין מאָמענט, וועלכער קען זיין, דערקלערט איינעם פון די „פּאַרוואָסן" פון אונדזער פאָלקס־ליבשאַפט, פּאַרערונג און אייביקע דאַנקבאַרקייט צו רש"ים אָנדענק.

עס איז בלויז איין מאָמענט, איין מאָטיוו אין דעם ענינים־קאָמפּלעקס, וואָס מען וואָלט געקענט באַצייכענען מיטן וואָרט „רש"י־לאָגיע", איין מאָ־טיוו פון די פאַרשיידענע, פון די פילע, וואָס מוזן זיין אין דעם ענין; דער דאָזיקער מאָמענט, כאָטש אַ פּסיכאָלאָגישער, און הגם ער איז כולל נאָך אַנ־דערע און פאַרשיידענע, איז אָבער, אין דער זעלביקער צייט, זייער אַ פּשוטער, זייער אַ פאַרשטענדלעכער און קען זיין אַ ריכטיקער שליסל צו דעם באַשייד פון יענער האַרציקער פּשטות, וואָס איז געווען אין דער באַציונג פון יעדן אידישן מענטשן צום  ו ו אָ ר ט,  צום  ב אַ ג ר י ף,  צו דאָס, וואָס מען האָט באַצייכנט אין פאָלק מיטן וואָרט  ר ש " י  און וואָס מיינט צו זאָגן, נאָך

אַלעמען, גאָר אַן אַנדער זאַך: ניט רש״י די פערזענלעכקייט, ניט רש״י דער מחבר און מפרש, נייערט רש״י, דער פאָלקס־פריינט, דער אייגענער, דער היימישער, דער נאָענטסטער אין יעדער אידישער שטוב...

מיר דאַכט זיך, אַז אונדזער גרויסער דיכטער, ר׳ חיים נחמן ביאַליק ע״ה, האָט עס אויף אַ זייער טרעפלעכן אופן אויסגעדריקט, ריין צופעליק, אין אַ פראַזע פון זיינעם אַ בריוו צו קלוזנערן, געשריבן אין דעם יאָר, ווען עס איז געוואָרן אַכט הונדערט יאָר זינט רש״יס פּטירה (ה׳ תרס״ה). אין דער דאָזיקער פראַזע, וואָס איך האָב געצייכנט אַלס עפּיגראַף צו דעם ערשטן פּרק, איז אויסגעדריקט, דאַכט זיך, אָט דער מאָמענט פון רש״יס גרויסקייט און פּשטות, איינצייטיק און, דערמיט, ווערט אויך אָנגעוויזן אויף דעם מאָטיוו פון יענער האַרציקייט, היימישקייט און נאָענטקייט, ליבע און אַכפּערונג, וואָס, ווי געזאָגט, יעדער אידישער מענטש, יעדעם קינד פון פאָלק ישראל האָט געפילט צו רש״י.

„אַ איד, אַז ער האָט געלערנט חומש מיט רש״י — איז ער שוין קיין פּראָסטאַק ניט געווען; ער האָט שוין פאַרמאָגט אַ ריח פון תורה, וואָס פלעגט אים איינהילן זיין גאַנץ לעבן״.

דאָס איז עס. דאָס איז דער ענין וואָס דערקלערט די ריירנדיקע, די אומאָפּגעשוואַכט ווערנדיקע, דורות־לאַנגע ליבע, דאַנקבאַרקייט, נאָענטקייט, וואָס דאָס פאָלק האָט געפילט צו רש״י, ווי צו אַ גאָר נאָענטן, ווי צו אַן אייגענעם, ווי צו אַ היימישן. דאָס דערקלערט דעם סוד, דעם פאַרוואָס אונדזער פאָלק באַציט זיך צו רש״ין אַזוי וואַרעם, אַזוי האַרציק, אַזוי טריי, אַזוי אייביק נאָענט און אייגן, ווי צו קיין אַנדערן פון זיינע גייסטיקע ריזן:

רש״י האָט פאַרהיט אידן פון... עם־הארצות. ער האָט אויף אַ פּשוטן, אויף אַן אופן, וואָס איז צוגענגלעך פאַר יעדן מענטשן פון ישראל, געזאָרגט און באַוואָרנט, אַ איד זאָל, חלילה, קיין עם־הארץ ניט פאַרבלייבן.

אַזוי האָט דאָס פאָלק, פּסיכאָלאָגיש און אינטואיטיוו אויפגענומען, פאַרשטאַנען, אינטערפּרעטירט רש״יס אויפטו, די באַדייטונג פון רש״יס לעבנס־ווערק: ער האָט ניט דערלאָזט עם־הארצות זאָל, רחמנא ליצלן, פאַרשפּרייטן זיך צווישן אידן. דערפון שטאַמט דעם פאָלקס גרויסע און אייביקע ליבע און פאַרהייליקונג פון רש״י — אַן אמתע אַפּאָטעאָזיס פון ליבע, פון צוגעבונדנקייט, פון אַכפּערונג, פון העכסטער פאַרהערלעכונג.

און דאָס פאָלק האָט, אינטואיטיוו, ריכטיק באַגריפן, ריכטיק אָפּגעשאַצט די היסטאָרישע באַדייטונג פון רש"יס אויפטו, פון זיינע דערגרייכונגען, פון דעם פאַרנעם פון זיין השפעה און פון דער גרויסער וויכטיקייט פון זיינע צוויי פירושים, אין היסטאָרישן זין געזען, אַלס אומפאַרבייטלעכע און איבער-שטייגבאַרע דערציונגס-ווערק:

אָדאַנק רש"יס צוויי פירושים האָט עם-הארצות ניט געקענט פאַרשפּרייט ווערן, ניט געקענט צעוואַקסן זיך צווישן די אידישע מאַסן, פון דעם פינסטערן מיטלאַלטער ביז כמעט איצט צו טאָג.

רש"י איז געווען, געווען און פאַרבליבן, אין לויף פון יאָרהונדערטער, דער שאַרפסטער, דער ווירקזאַמסטער קעגנגיפט צו דעם ווירוס פון עם-הארצות. ע ר איז עס געווען אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט פון מיטלאַלטער, ווען אידן זיינען אומגעקומען על קידוש השם, נאָך אין די צייטן פון די קרייצ-לער-צוגן און ע ר איז עס אין אַ גאַר גרויסער מאָס, פאַרבליבן נאָך איצט צו טאָג, ווען אַנדערע, ערגערע און גרעסערע שרעקן און אומגליקן, שוואַרצע, רויטע און ברוינע, הויערן איבערן לעבן פון אונדזער פאָלק, דראָענדיק אים מיט פיזישער און קולטורעלער פאַרניכטונג.

ער האָט מיטגעווירקט, דורך זיינע פירושים, דורך זיין לעבנס-ווערק צו פאַרטרייבן עם-הארצות פון די אידישע מאַסן און דערמיט האָט ער מיט-געווירקט פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון דעם קיום פון אונדזער אומה, ווערנ-דיק און פאַרבלייבנדיק איינער פון די גרעסטע בויער פון אונדזער אייביקייט.

— דער איד, וואָס האָט געלערנט אַ פּסוק חומש מיט רש"י איז געווען שוין אַ פאַרזיכערטער קעגן עם-הארצות.

און דער איד, וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געווען פון עם-הארצות, האָט געוואוסט, וואָס ה י י ס ט, וואָס מ י י נ ט ע ס ז י י ן אַ א י ד, האָט געוואוסט פאַר וואָס אידן ליידן, האָט געקענט און געוואוסט ווי אַזוי צו אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד די גרויל־האַפטיקסטע ליידן און — איז געוואָרן דער מ י ט ב ו י ע ר פ ו ן א י ד י ש ע ר א י י ב י ק י י ט.

דאָס איז געווען דער כ ּו ח פ ו ן אַ פ ּ ס ו ק ח ו מ ש מ י ט ר ש " י, דער מינימום פון דעם דערציונגס-געזעץ אין דער טראַדיציע פון דעם אידישן פאָלק; און ד ע ר כ ו ח פון אַ בלאַט גמרא מיט רש"י — וואָס איז געווים נאָך ניט געווען דער מאַקסימום אין דער שטרעבונג צו דער-

ציונג, צו תורה ביי אידן — איז אוודאי געווען ניט אין ערך גרעסער און מעכטיקער.

דער דיכטער האָט עס אויף אַ פאַרטרעפלעכן אופן ריין צופעליק אויסגעדריקט אין אַ פראַזע פון אַ בריוו זיינער. און דאַכט זיך, אַז אין דעם ווערט אויסגעדריקט די אַפּאָטעאָזים פון רש״ים גאונות.

ער האָט דורך זיין ווערק, אויף דורות לאַנגע, פאַרטריבן דאָס עם-הארצות פון אידישע געמאַרקן, ווי מען פאַרטרייבט שעדלעכקייט, ווי מען פאַרטרייבט אַ שלעכטן גייסט פון אומקום.

דאָס פאָלק האָט עס אינטואיטיוו געשפּירט און זיין ליבשאַפט און אַנערקענונג צום אָנדענק פון רש״י. פון דעם טיפן מיטלאַלטער ביזן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אומאיבערגעריסן האָט ער אויסגעדריקט ניט נאָר דורך פאַרערונג, נייערט אויך דורך ד ע ר נ ע נ ט ע ר ן ז י ך צ ו ר ש י ״ ן, אַזוי צו זאָגן, דורך באַטראַכטן אים ווי אַ ה יי מ י ש ן, ווי אַ ן א י י ג ע נ ע ם, ווי אַ גאָר נאָענטן, ווי אַ מין ש ט ו ב - ל ע ר ע ר, ווען ער האָט מיט גרענעצלאָזער ליבע און צוטרוי, פאַרגלויבט יאָרנהונדערטער די דערציונג פון זיינע קינדער און בחורים.

— ג —

# אָפּרופן פון ראשונים וועגן רש״ין

קען מען דען זיך פאָרשטעלן אַ העכערע ווענעראַציע ווי די, וואָס ברענגט אַלס רעזולטאַט, אַז די דערציאונג פון קינדער, ווערט פאַרטרויט, דורית-דורות אָן איבעררייס, דער ווירקונג פון איין לער-בוך, פון איין דערציונגסווערק: חומש מיט רש״י; און ר ש ״ י פאַרנעמט דאָ יעדנפאַלס ניט קיין קלענערע ראָל, ווי ח ו מ ש ?

קען מען דען באַגרייפן אַ מער העכערע אַפּאָטעאָזים פון פאַרערונג, פון ליבשאַפט, פון צוטרוי און פון נאָענטקייט, ווי די, וואָס ברענגט צו פאַרטרויען דאָס גייסטיקע אויספורעמען פון דער יוגנט, — די יוגנט, וואָס האָט געלערנט אין ישיבות און בתי-מדרשים — אויף גמרא מיט פירוש רש״י ?

קען אויסגעדריקט ווערן אַ העכערע פאַרערונג, אַ טיפערע און גרינטלעכערע איינגעוואָרצלטקייט אין דעם לעבן, אין דעם מהות, אין דער גייסטיקער פאָרמאַציע פון אַ פאָלק — אין משך פון אַזאַ אייביקייט, ווי ניין

יאָרנהונדערטער — ווי די, וואָס ווערט אויסגעדריקט און באַשטעטיקט דורכן פאַקט, וואָס זינט מען האָט דערפונדן דרוקעריי און מען דרוקט ספרים, באַגלייט דער פירוש רש״י, אומצעשיידבאַר, תורה און אין אַ נאָך גרעסערער מאָס באַגלייט אומגעשיידט פירוש רש״י די גמרא, באַגלייט אַזוי, גלייך זיי וואָלטן צוזאַמען געגעבן געוואָרן אונדזער פאָלק, גלייך זיי וואָלטן ביידע געקומען צוזאַמען מסיני כרובים זו בזו?

עס איז, דאַכט זיך, ניט צו געפינען אין דער געשיכטע אַן ענלעכן פאַל פון אַזאַ אַפּאָטעאָזיס פון פאַרערונג, וואָס זאָל אָנהאַלטן אַן אייביקייט; ניט ביי די אומות העולם איז עס צו געפינען און ניט אויך ביי אונדז אידן, אַ פאָלק, וואָס פאַרערט טראַדיציע און לאָזט ניט אויסוועפּן דעם אָנדענק פון זיינע גדולים.

זינט די יאָרן 1065, מער־ווייניקער (3), ווען רש״י האָט געעפנט זיין ישיבה אין טרויאַ (4), האָט דער נאָמען פון רש״י (אַ סך מער ווי דער נאָמען פון רבנו שלמה יצחקי) איינגענעסטעט זיך אין האַרצן פון די אידישע פאָלקסמאַסן, אין די פאַרשיידנסטע לענדער, צענטרען און ערטער פון אונדזערע ישובים און קיינער האָט ניט דערגרייכט אַזאַ ליבע, אַזאַ כבוד, אַזאַ רום, אַזוי אַרומגעהילט צו ווערן מיט לעגענדעס, וואָס דריקן אויס באַגייסטערונג פון אַ קדושה־באַציונג און דערהויבונג, ווי דאָס האָט דערוואָרבן דער נאָמען רש״י. אַזוי ווייט גרייכט די פאָלקס־פאַנטאַזיע, אין דעם פרט, אַז די לעגענדע שטעלט אים אין נאָענטע און דירעקטע באַציונגען מיט משה רבנו זעלבסט און לאָזט פירן זיין גענעאַלאָגיע־ליניע דירעקט פון דוד המלך — דאָס טייערסטע, דאָס ליבסטע, דאָס דערהויבנסטע אין דער געשיכטע און מסורה פון אונדזער פאָלק.

שוין די ראשונים האָבן אָפּגעשאַצט זיין גרויסקייט און האָבן ניט געשפּאָרט קיין שבחים פאַר דער אָפּשאַצונג פון דער באַדייטונג פון רש״יס פירושים; אין דער מעמואַריסטישער און רבנישער ליטעראַטור פון מיטלאַל־

---

(3) — לויט דער השערה פון רש״יס הויפּט ביאָגראַפן (צונץ, ווייס, בערלינער, א. א.) איז רש״י אלט געווען 25 יאָר, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין טרויאַ פון די ישיבות אין לאָטאַרינגען, זיך דאָרטן דעפיניטיוו באַזעצט און געעפנט זיין ישיבה.

(4) — לויט דער העברעאישער טראַנסקריפּציע פון יענער צייט, אין די תשובות פון חכמי לותיר, טרוייש.

מער און נייער צייט, אין די שאלות ותשובות פון גאונים און גדולים, ווערט רש"י און זיינע פירושים דערהויבן צו אזא הויכקייט, צו וועלכער זיי האָבן זעלטן ווען דערהויבן (5).

די גאונים פון בבל, שפּעטער דער רמב"ם, זענען געווען הויך געשעצט, טיף איינגעוואָרצלט איז געווען און איז זייער נאָמען, באַרימטקייט און גרויסקייט אין די שיכטן פון דער אַריסטאָקראַטישער לומדות אָדער אין די קרייזן פון דער השכלהשער "עליט"; רש"יס פּאָפּולאַריטעט אָבער — איז ניט נאָר צווישן אַ באַשטימטן קרייז, נייערט צווישן גאַנצן פאָלק, צווישן אַלע זיינע שיכטן; פון דעם עם-הארץ, וואָס האָט דאָך אַמאָל, געווים, געלערנט אין חדר אַ פּסוק חומש מיט רש"י, ביזן למדן, ביזן בקי אין תלמוד, ביזן גאון אפילו, וואָס קען זיך אָן דעם פירוש רש"י צו גמרא ניט באַגיין. דען ריכטיק האָט אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט און באַדייטונג פון רש"יס אויפטו שוין דער מחבר פונם "ספר הקבלה" ר' אברהם בן דוד הלוי (דער ראב"ד) אין דעם צוגאָב צום דערמאָנטן ספר, וואָס טראָגט דעם נאָמען "סדר חכמים", וואו ער זאָגט: "ואחרי צאת פירושו בעולם, לא היה רב וגדול, אשר למד (מפי) זולתם הלכה" (6). אַ צווייטער מיטלאַלטערלעכער גדול, דער מחבר פונם "צידה לדרך", ר' מנחם בן זרח, האָט געשריבן וועגן רש"יין, אַז: "ער האָט פאַרפאַסט פירושים צום תלמוד בבלי אין אַ לויטערער און קורצער שפּראַך, וואָס פאַר אים איז אַזעלכעס ניט געווען (7). איינער פון זיינע לערער און מדריכים, אין וועמענס ישיבה ער האָט אין דער יוגנט געלערנט, שרייבט אין אַ בריוו צו רש"י — וועלכער איז דאַן געווים ניט געווען נאָך קיין אַלטער מאַן — אַז: "דער דור, אין וועלכן דו לעבסט איז ניט פאַריתומט, און הלוואי וואָלטן זיך געמערט אַזעלכע ווי דו אין ישראל" (8).

---

(5) — אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פון דער אַרבעט, אויף די געהעריקע פּלעצער וועלן געבראַכט ווערן אייניקע מוסטערן פון דידאָזיקע ספרים.

(6) — נאָכדעם ווי זיין פירוש איז אַרויס אויף דער וועלט, איז ניט געווען קיין רב אָדער גדול, וואָס זאָל לערנען הלכה דורך אַן אַנדערן, ניט פון זיינע פירושים. — "ספר הקבלה", סדר חכמים ח. א. 84; ציטירט לויט יעבץ'ס תולדות ישראל, ח. י"א, ז. 21.

(7) — "וחבר פירושים לתלמוד הבבלי בלשון צח וקצר, אשר לפניו לא קם כמוהו" — ר' מנחם בן זרח "צידה לדרך" — ציטירט לויט יעב"ץ'ס דערמאָנט ווערק.

(8) — אין הדור יתום שאתה שרוי בו וכמוך ירבו בישראל — יצחק הלוי

וואָס לערנען אונדז דידאַקטיקע ציטירטע שטעלן פון די מחברים פון מיטלאַלטער? — און כ'האָב ציטירט בלויז אַ פּאָר פון אומצייליקע — זיי באַשטעטיקן, אַז אין טיפן מיטלאַלטער, כמעט תיכּף, ווי רש"יס חיבורים האָבן אָנגעהויבן דורך די תלמידים פון זיין ישיבה פאַרשפּרייט צו ווערן אין דער דאַמאָלסדיקער אידישער וועלט: אין „לותיר", אשכנז, כתים, צרפת, פּרו-בינצה און טיילווייז אויך ספרד (9) האָט מען גלייך אָפּגעשאַצט די גרויסע וויכטיקייט זייערע, די גרויסע באַדייטונג, וואָס זיי האָבן פאַר דעם דור און די ווערט, וואָס זיי האָבן פאַר דער צוקונפט אין דעם פּרט פון מאַכן פאַר־שפּרייטן די תורה צווישן אידן און פאַרהיטן, אַז די תורה זאָל חס ושלום ניט פאַרגעסן ווערן פון ישראל.

מיט רש"ין, אַלזאָ, איז געשעען דאָס אומגעקערטע, וואָס עס געשעעט, געוויינלעך, מיט גדולים און געניאַלע שעפער, בכלל, ניט דווקא ביי אונדז: זייער גרויסקייט ווערט, גאַנץ אָפט, אָפּגעשאַצט ערשט אין פיל יאָרן אַרום, אויב ניט דורות — נאָכדעם ווי זיי זיינען לאַנג שוין פאַרשוואונדן פון צווישן די לעבעדיקע. רש"יס רום הויבט אָן צו וואַקסן, כמעט איינצייטיק מיטן וואוקס פון זיין גרויסער אַרבעט, זיין פּאָפּולאַריטעט וואַקסט, פאַר זיין לעבן נאָך, און האַלט אומאויפהערנדיק אין שטייגן, וואָס ווייטער אַלץ מער, נאָכ־דעם ווי ער איז אַריבער אין דער אומשטערבלעכקייט און זיינע צוויי הויפּט־

(סגן לויה), דער ראש פון דער ישיבה אין וורמישא (וואָרמס) — „חופש מטמונים" ציטירט לויט א. מ. ליפשיצעס בוך, רש"י — זייט 20, הערה 1.

(9) — אין דער העברעאישער מיטלאַלטערלעכער ליטעראַטור ווערט מיטן נאָמען „לותיר" פאַרשטאַנען ניט דווקא די איצטיקע עלזאַס־לאָטרינגען, נייערט די לענדער וואָס ציען זיך אויף ביידע ברעגן פון רהיין־טייך. אשכנז מיינט מען מערב און דרום דייטשלאַנד; כתים, האָט באַצייכנט איטאַליע, צרפת, צפון פון פראַנקרייך, די אַזוי גערופענע איל דע פראַנס (שאַמפּאַן) און די נאָענט־ליגנדע פּראָווינצן, פּרובינצה — פּראָוואַנס און דרום פראַנקרייך, וואו די אידישע קולטור און לומדות האָט זיך געפונען שוין מער אונטער דער השפּעה פון דער ספרדישער קולטור און לימודים־אופן ווי פון דער פראַנצויזישער שולע פון רבנים און לומדים. פּראָוואַנס איז, בכלל, געווען די רינג, וואָס האָט פאַרבונדן אין דער אידישער קולטור אין מיטלאַלטער דעם „נוסח ספרד", אין דער לומדות און קולטור־שיטה מיטן נוסח „אשכנז וצרפת". וואָס אָנבאַ־לאַנגט ספרד, שפּאַניע, איז דער צרפתישער סדר הלימוד בכלל שווער אַריינגעדרונגען אַהין, אין 12־טן יאָרהונדערט. עס זענען געווען פאַרשיידענע סיבות און מניעות, היסטאָרישע, קולטורעלע, געאָגראַפישע און אַנדערע, וואָס האָבן געשטערט פאַר דעם.

ווערק האָבן איינגענומען די גאַנצע אידישע גייסטיקע וועלט און געוואָרן די ווערק פון דערציונג און בילדונג „פאַר עקסעלאַנס“ פאַר דורות און דורות פון אונדזער פאָלק.

— ד —

## דער אבן עזרא וועגן רש״ין

כאַראַקטעריסטיש אין דעם פּרט פון דער אָפּשאַצונג פון רש״ים גרויס־קייט אלס מפרש, געמאַכט דורך איינעם פון די ר א ש ו נ י ם, איז די מיי־נונג פון ר׳ אברהם אבן עזרא, אויסגעדריקט אין איינעם פון זיינע ש י ר י י ד י ד ו ת.

דער ראב״ע איז געווען א בן גיל פון רבנו תם, רש״ים אייניקל, מיט וועלכן ער איז געשטאַנען אין א פּ י ו ט י ש ן קאָרעספּאָנדענץ־טויש. ווען דער א ב ן ע ז ר א איז געבוירן געוואָרן, איז רש״י אַלט געווען דריי און פופציק יאָר; ווען רש״י איז געשטאָרבן איז דער ראב״ע, פאָלגלעך, נאָך ניט געווען בר־מצוה. דערצו איז ער נאָך געווען א ספרדי — הגם שפּעטער א וואַנ־דערער, וואָס האָט באַזוכט כמעט אַלע אידישע ישובים פון יענער צייט —רש״י, א צרפתי; דער אבן עזרא איז געווען, חוץ דעם, א פּערזאָן פון גאָר אַן אַנ־דער שניט, פון אַן אַנדער כאַראַקטער, פון אַן אַנדער גייסטיק־קולטורעלער פאָרמאַציע, ווי רש״י; ר׳ אברהם איז ווייט ניט געווען קיין נוח לבריות, ווי ר׳ שלמה; ער איז גיכער געווען א קפדן ווי שמאי; ער האָט ניט לייכט אַרויסגעלאָזט פון זיין פעדער א קאָמפּלימענט; און לויבן עמיצן איז געווען פאַר אים גאָר ניט אַזא אָפּטע זאַך. מען דאַרף צו דעם נאָך צוגעבן, אַז ער אַליין איז אויך געווען א מבאר פון תנ״ך און זיין פּירוש און ביאור איז גאָר פון אַן אַנדער שניט, פון אַן אַנדער צוגאַנג און כאַראַקטער, ווי רש״ים. אַז ר׳ אברהם אבן עזרא זאָל סתם אַזוי לויבן און ווידמען א שיר־ידידות פאַר איינעם, וואָס איז שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע — דערצו האָט מען געדאַרפט האָבן א באַזונדערע זכיה; זיין באמת ברייט באַרימט אין דער אידישער וועלט, און... ר׳ אברהם אבן עזרא האָט געדאַרפט קודם כל אַליין פילן א טיפע אַכטונג און פאַרערונג צום אָנדענק פון אַזא גדול, כדי באַוואויגן צו ווערן פון אַן אינערלעכן דראַנג צו שרייבן א שיר ידידות צו זיין אָנדענק.

און אויב ע ר האָט געפילט אַ איניגסטן דראַנג, אַ דיקטערישן ברי, אַזוי צו זאָגן, צו אָנשרייבן אַ שיר פול מיט אומגעהויערע דיטיראַמבן צום אָנדענק פון ר' שלמה יצחקי, ווי דער, וואָס ווערט ציטירט דאָ ווייטער, איז פון דעם צו ציען צוויי מסקנות: ערשטנס, אַז אין דער צייט, ווען דער ראב"ע איז געווען טעטיק זיינען שוין רש"ים פירושים צו תורה און תלמוד, געווען ווייט פאַרשפּרייט און באַרימט אויסער די גרענעצן, וואו די „חכמי לותיר וצרפת" האָבן געווירקט; און דער אבן עזרא, וועלכער האָט פיל געוואַנדערט אין זיין לעבן, האָט געוויס זיך געמוזט אָנטרעפן אויף די אָפּשריפטן פון רש"ים פירושים און געהאַט די געלעגנהייט גרינטלעך צו באַקענען זיך מיט זיי; און צווייטנס, אַז ר' אברהם אבן עזרא, אליין אַ מפרש פון תורה, הגם אין אַן אַנדער אופן, אליין אַ גדול בישראל, שיעור ניט אַ בן־דורו של רש"י, האָט פאַרשטאַנען הויך צו שעצן דעם ריכטיקן ווערט און די אייגנאַרטיקייט פון רש"ים נימוקים (10) און פון זיין פירוש אויף תורה.

פאַרכאַפּט, וואַרשיינלעך, פון דער אַלגעמיינער פאַרערונג צו רש"ים אָנדענק, וואָס האָט דאַן שוין געהערשט אומעטום אין די אידישע צענטרען און אויף וואָס דער אבן עזרא, ווי געזאָגט, האָט זיך אָנגעשטויסן אין זיינע רייזעס און באַוואויגן פון אַ דראַנג פון אייגענער פאַרערונג, וואָס ער האָט געשפּירט צו רש"ים גרויסע אויפטואונגען, האָט רבי אברהם אבן עזרא אי-

---

(10) — נ י מ ו ק י ם — דאָס איז דער נאָמען, מיט וועלכן רש"י האָט — לויט עס זעט אויס — גערופן זיין פירוש אויף תנ"ך. פאַר דעם זיינען פאַרבליבן באַווייזן אין תוספות און אין דעם פירוש פון רש"ים אייניקל, דעם רשב"ם.

אין „ויקרא" א. זאָגט דער רשב"ם: „נימוקי זקני רבנו שלמה". אויך די בעלי התוספות באַצייכענען זיין פירוש אַלס „נימוקי רש"י" און זיין פירוש אויף תורה באַזונדער, ווערט פון זיין גערופן „נימוקי חומש". (תוס. פון מסכתא חגיגה י"ב).

עס איז ניט אויסגעשלאָסן די השערה, אַז די די ערשטע כתבי־יד פון רש"ים פירוש צו תנ"ך האָבן געטראָגן דעם נאָמען „נימוקים", אויפגעשריבן; שפּעטער, ווען מען האָט אָנגעהויבן דרוקן רש"ים פירוש צו תנ"ך אַלס אַן אומאָפּטיילבאַרן באַגלייטער פונם פנים, איז דערדאָזיקער נאָמען פאַרשוואונדן און מיט דער צייט פאַרגעסן געוואָרן. כדאַי עס צו דערמאָנען, פשוט, כדי מען זאָל וויסן.

דער ריכטיקער טייטש פונם וואָרט „נימוק־נימוקים" אין אידיש איז: אַ ריכטיקער מאָטיוו, סברה, באַגרינדונג; אַ הויפּט־סיבה, וואָס איז גורם צו אַ געוויסן טאַט; אַ לעגאַלער מאָטיוו, רעכט אין יוריספּרודענץ.

בערגעלאָזט פאַר דורות אַ שיר „לר׳ שלמה יצחקי ז״ל״ — אַ שיר אָן עכט „אבן־עזרא׳שן״; אַזוי ווייט כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין אופן פון דיכטן, אַז ווען עס זאָל ניט זיין אויפגעשריבן אויף אים דער נאָמען פון דעם מחבר, וואָלט מען גלייך געקענט טרעפן, ווער מ׳ענס מוזע האָט אים געבוירן:

כוכב דרך (11) מסיני או
מצרפתה, מאיתיאל
מחנה ערך מצן (13) אתא.
על יטבתה (12) ויקותיאל
שלום בואו בא כשמואל
הוא וצבאו מרמתה. (14)

---

(11) — אַ מליצה לויטן פסוק אין במדבר כ״ד—י״ז (פ. בלק): אַ שטערן טרעט אַרויס פון יעקב און אַ צעפטער וועט אויפשטיין פון ישראל.

(12) — באַזירט אויפן פסוק אין במדבר (ל״ג—ל״ד) אין פ׳ „מסעי״: „ויסעו מחור הגדגד, ויחנו ביטבתה; ויסעו מיטבתה, ויחנו בעברונה. אין ספר „דברים״ פרשה „עקב״ (י. ז.) ווערט דערדאָזיקער פסוק געבראַכט אַזוי: „משם נסעו הגדגודה ומן הגדגדה יטבתה, ארץ נחלי מים״ — פון דאָרטן האָבן זיי געצויגן קיין גודגוד און פון גודגוד קיין יטבה, אַ לאַנד פון בעכען וואַסער.

ר׳ אברהם, אבן עזרא האָט מיט דעם דאָזיקן וואָרט באַצייכנט טרואַ (טרוייש), רש״יס וואוינאָרט, וואו ער האָט געמאַכט די פירושים און וואו ער האָט געהאַט זיין ישיבה. ווייל „יטבה״ איז פאַרבונדן אין תורה מיט „טייכן וואַסער״, האָבן די מיטלאַלטערלעכע דיכטער באַצייכנט די געגנט פון טרואַ, און צפון פראַנקרייך בכלל מיטן נאָמען „יטבה״, ווי זיי וואָלטן וועלן זאָגן דערמיט: „ארץ נחלי מים״: דאָרטן פליסן די טייכן סען, אָב, מאַרן, א. א. מעגלעך, אַז מיטן וואָרט „יטבתה״ האָט דער דיכטער געמיינט צו זאָגן „גוט לאַנד״, ווייל באַוואַסערט לאַנד.

עס איז כדאי צו רופן די אויפמערקזאַמקייט, אַז דר. י. צינבערג אין זיין ווערק „די געשיכטע פון ליטעראַטור ביי אידן״ (צווייטער באַנד, ז. 23 אין דער הערה 2), ברייענגענדיק אַ קורצן ציטאַט פון דער זעלביקער ליד איז גורס ניט „יטבתה״ נאָר „ישרתה״ — האַנדלט זיך עס ניט וועגן אַ... דרוק־פעלער?

(13) — מצן — פון דער וויסטע; אַנדערע זיינען גורס „מציון״ פון ציון — לויטן מאָס פונם פערז איז ריכטיקער צין; עס קען זיין, אַז ער מיינט מדבר צין, אַ רמז אויף דער תורה, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין מדבר סיני.

(14) — א י ת י א ל און י ק ו ת י א ל: דער ערשטער איז אַ נאָמען פון אַ חכם, וואָס ווערט דערמאָנט אין משלי (ל׳ פסוק א.); דאָס איז געווים אַ רמז אויף ש ל מ ה, רש״יס נאָמען, אין שייכות מיטן חכם איתיאל, וואָס ווערט אידענטיפי־

אור כל סומא
בו, כל צמא
נפת מימי
מתקו שתה.
פירוש נורא
שם לתורה:

על כן נקרא
פרשן־דתא. (15)
ספרו גואל
אל כל שואל,
ובישראל
הוא תרצתה. (16)

---

צירט מיט שלמה המלך, דער טראַדיציאָנעלער מחבר פון משלי.

יקותיאל איז איינער פון די נעמען, וואָס ווערן צוגעגעבן משה רבנו. דער זין פונם פערז איז זייער קלאָר: „פון איתיאל (שלמה המלך, דער חכם) און פון יקותיאל (משה רבנו, וואָס האָט געגעבן די תורה), איז ער, ר׳ שלמה (רש״י) אַרויסגעקומען, ווי שמואל דער נביא, דער זעער (האָט געזען גוט די תורה), וואָס איז געקומען פון רמה (רמה איז אויך דער טייטש: הויכקייט).

(15) — פ ר ש ן ־ ד ת א — דער טייטש פון דעם אין אַראַמיש איז: דער אויסטייטשער פונם געזעץ. אין מגילת אסתר ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען פ ר ש נ־ ד ת א, איין איין וואָרט המנס עלטסטער זון.

די מיטלאַלטער־פייטנים און דיכטער זיינען שטאַרק להוט געווען נאָך ווערטער־שפּילן און אסמכתאס אויף אַ וואָרט אין תנ״ך.. האָט מען רש״ין, אַלס הויפּט־מפרש פון תורה באַצייכנט מיט דעמדאָזיקן נאָמען, אַלס ערן־טיטל: פּאַרטייטשער פון דער תורה, און אין דער זעלביקער צייט איז עס אַ ווערטער־שפּיל מיטן דערמאָנטן וואָרט אין מגילת אסתר.

פרשן־דתא, איז דער נאָמען פון כבוד, מיט וועלכן עס באַצייכענען רש״ין פיל גדולים פון מיטלאַלטער אָן. ווער איז געווען דער ערשטער, וועמען דערדאָזיקער נאָמען איז איינגעפאַלן איז שווער צו זאָגן... דער פאַקט, וואָס דער ראב״ע ברענגט עס אין דעם שיר, ווי אַ באקאַנטע זאַך („על כן נקרא פרשן־דתא״) באַווייזט, אַז דידאָזיקע באַצייכנונג איז ברייט געווען באקאַנט שוין אין די ערשטע פאָר צענדליק יאָר נאָך רש״יס טויט, ווען דעם אבן־עזראס שיר איז וואַרשיינלעך געשריבן געוואָרן.

(16) — ת ר צ ת ה — דאָס וואָרט האָט אַ דאָפּלטע פּאַרטייטשונג. ת׳ ר צ ה, ווערט דערמאָנט אין שיר השירים (ו׳ ד׳) אַלס באַצייכנונג פאַר שיינקייט (ביזט שיין, מיין געליבטע, ווי תרצה); דער דיכטער האָט געוואָלט זאָגן דערמיט, אַז זיין פּירוש איז שיין, ווי תרצה.

עס איז אָבער ניט אויסגעשלאָסן, אַז מיטן אויסדרוק ת ר צ ת ה האָט דער ראב״ע געמיינט צו זאָגן: אַ פאַרענטפערער, אַ תירוץ־געבער, אַלס קעגנזאַץ צום פאַריקן פערז: „ספרו גואל אל כל שואל״ — „פאַר יעדן פרעגער איז ער, רש״י, דער תירוץ־געבער״.

יקיר פותר
בקיר חותר,
עינו סתר
יה ראתה.
הנסכה
אליו ערוכה,

גם ממלכה
לו יאתה.
מלאך קונה (17)
אצלו חונה.
חזק מתנה (18)
המתניתה. (19)

עס איז ניט באקאנט, ווען אברהם אבן עזרא האָט געשריבן דעם שיר; יעדנפאַלס, יאָרן אַרום נאָך רש"ים טויט. דאָס באַווייזט אונדז, ווי גרויס איז שוין דאַן געווען די פאַרערונג פון רש"ים אָנדענק, ווי פּאָפּולער עס איז דאַן שוין געווען זיין נאָמען און ווי ווייט פאַרשפּרייט אין אַנדערע ישובים

(17) —מ ל א ך ק ו נ ה — די כוונה איז: אַ געטלעכער מלאך (ד' קונה שמים וארץ) טוט רוען ביי אים; אַ זשעני.

(18) — מ ת נ ה (אין אָריגינאַל איז מתני — די לענדן). דר. ראָזען, דער אַרויסגעבער פונם ראב"ע, האָט פאַרריכט מתנה, דער וואָס לערנט, כדי עס זאָל זיין אַ ווערטער־שפּיל מיט מתניתא, די משנה. עס איז אָבער ניט אויסגעשלאָסן, אַז די ערשטע ווערסיע זאָל זיין אַ ריכטיקע: „חזק מתני המתניתה" — ער (רש"י) האָט געטון שטאַרקן די לענדן פון דער משנה.

(19) — עס וועט זיין ניט איבעריק צו ברענגען דאָ אַ ווערטערלעכע איבער־זעצונג פון דעם ליד (אין פּראָזע):

„אַ שטערן האָט אויפגעטראָטן פון צרפת (פראַנקרייך) און ער האָט געגרייט זיין מתנה ((מתנה — רו־אָרט) אין גוט־לאַנד (ימבה — טרואַ, שאַמפּאַן). פרידן איז זיין קומען. ער און זיינע הערשאַפטן, (גלייך ווי זיי וואָלטן געקומען) פון סיני אָדער פון צן (פון ציון — וויסטע). פון איתיאל (שלמה המלך, סינאָנים פון שלמה), און יקותיאל (משה רבנו), איז ער ווי שמואל (דער זעער געקומען פון רמה (הויכקייט).

ליכט פאַר יעדן בלינדן אין אים (איז פאַראַן); יעדער דורשטיקער טרינקט דעם נעקטאַר פון זיין וואַסער־זיסקייט. אַ פאַרבטיקן פירוש האָט ער געטון צו דער תורה. דערום ווערט ער גערופן, באַשיידער פונם געזעץ.

זיין בוך איז אַ דערלייזער צו יעדן פרעגער און אין ישראל איז ער דער ענט־פער־געבער.

אַ טייערער פאַרטיימשער, אַ וואַנט גראָבט ער דורך. זיין אויג טוט זען גאָטס פאַרבאָרגעניש.

די געזאַלבטע (תורה) איז גרייט צו אים. אויך צו קיניגרייך איז ער ווערט.
אַ געטלעכער מלאך (אַ קראַפט פון שאַפונג) טוט רוען ביי אים.
ער האָט געשטאַרקט דעם לערנער פון משנה.

אויסער פראַנקרייך עס זיינען געווען, דאָן שוין, זיינע צוויי פירושים. די נמוקים צו תנ"ך און דער פירוש הקונטרס אויף תלמוד בבלי.

ניט וועגן יעדן גדול בישראל וואָלט זיך געלאָזט באַנוצן אַזאַ מעטאַ־פאָרע, ווי „עינו סתר יה ראתה"... מען האָט געמוזט זיין ווירקלעך באַרימט, עקסעפּציאָנעל גרויס און פאַרערט פון גאַנצן פאָלק, כדי עס זאָל זיך לאָזן אָנווענדן אַזאַ הויכע מליצה — און רבי אברהם אבן עזראס שיר ווייזט אונדז, אַז רש"י איז עס שוין, דאָן, אין זיין צייט, געווען.

פון דאָן ביז איצט — פון די צייטן פון רש"י און זיין פערזענלעכער אַקטואַציע ביז איצט — אַן אייביקייט פון כמעט ניין הונדערט יאָר — איין אומאיבערגעריסענע קייט פון פאַרהערלעכונג, פון העכסטער ווענעראַ־ציע, פון טריישאַפט צו זיינע הויפּט־ווערק, פון דערציען דורות אויף זיינע פירושים. וואָס האָט אונדזער פאָלק ניט איבערגעלעבט אין דידאָזיקע יאָרנ־הונדערטער? צרות, רדיפות, איבערבויאונגען, איבערוואַנדערונגען, טראַנס־פאָרמאַציעס; די גאַנצע וועלט איז פּילפּאַכיק פאַרענדערט געוואָרן — עס איז דאָך אַ משך פון ניין יאָר הונדערט! וויפיל מאָל ניין יאָרנהונדערטער איז, בכלל, אַלט די מענטשלעכע געשיכטע?... — אויף רש"ים איינגעוואָק־סנקייט אין הארצן פון אונדזערע פאָלקס־מאַסן, אויף דער אייביקייט פון זיין אָנדענק, אויף דער נאָענטקייט און וואַרעמקייט אין דער באַציונג פון אונדזערע פאָלקס־מאַסן צום נאָמען און באַגריף „רש"י", האָט דאָס אַלעס, ביז גאָר לעצטנס כמעט קיין שליטה ניט געהאַט.

קען מען זיך פאָרשטעלן מער אַפּאָטעאָזיס פון אומשטערבלעכקייט פון אַ גאון, אין אָנדענק און פאַרהערלעכונג פון זיין פאָלק, ווי דידאָזיקע?

— ה —

## אַ פסוק חומש מיט רש"י אין פאַרצייטיקן חדר

און פון די ראשונים ביז צו אונדזערע צייטן און דורות:

דער נאָמען ר ש " י איז געווען, איז און פאַרבליבן פאַרבונדן מיט תורה שבכתב, ווי מיט תורה שבעל פה במשך פון אַ פעריאָד, וואָס פאַר־נעמט אין דער געשיכטע מער צייט, וויפיל איצטיקע גרויסע מלוכות זיינען בכלל אַלט — און אַזוי ענג און אָרגאַניש פאַרבונדן, אַז ס׳ איז ניט מעגלעך צו פאָרשטעלן זיך איצט ווי וואָלט

אויסגעזען אונדזער אַלטע און מאָדערנע העב-רעאישע און אידישע, רעליגיעזע און וועלט-לעכע קולטור, ווי וואָלט בכלל אויסגעזען דאָס גאַנצע אידישע לעבן — דאָס טאָג־טעגלעכע, ווי דאָס שבת-יום־טובדיקע — ווען עס זאָל ניט געווען זיין דאָס, וואָס מיר מוזן באַ-צייכענען אַלס רש"י-דערשיינונג.

דידאָזיקע דערשיינונג האָט באַגלייט דאָס אידישע לעבן אויף אַלע וועגן און אומוועגן, אין אַלע פריידן און ליידן, האָט באַגלייט אין משך פון יאָרנ-הונדערטער אונדזער פאָלק אין אַלע זיינע וואַנדערונגען און וואַנדלונגען, באַ-גלייטנדיק יעדן אידישן מענטשן, פון זיין ערשטער קינדהייט, פון די חדר-יאָרן, ביז דער טיף-טיפסטער עלטער. רש"י איז געווען און פאַרבלייבט די-רעקט און אומדירעקט אַ פערמאַנענטע קולטור־דערשיינונג אין דעם לעבן פון אונדזער אומה, ווי פון יעדן יחיד, אַזוי פון די מאַסן פון פאָלק.

מיט דער קולטור-נאַציאָנאַלער דערשיינונג, וואָס הייסט רש"י, זיינען כמעט ביי יעדן אידישן מענטשן פאַרבונדן זכרונות וואַרעמע, האַרציקע פון די קינדער־יאָרן, דערינערונגען פון די שפּעטערדיקע בחורשע, ישיבה-יאָרן; דערינערונגען פון גייסטיקן גענוס, זכרונות וועגן טייערע האָפענונגען, וואָס מען האָט געוואַרעמט און וואָס זיינען ניט אַלעמאָל מקוים געוואָרן, אָבער אין וועלכע מען טראַכט מיט אַ געפיל פון פריידיקייט און גענוס, יעדעס מאָל, ווען מען דערמאָנט זיך אָן זיי, אין משך פון דעם שווערן לעבנס-וועג.

פאַר יעדן אידישן מענטשן איז רש"י קודם כל פאַרבונדן מיטן חדר, מיט די קינדער־יאָרן הייסט עס, וואָס זיינען ביי יעדן מענטשן די טייערסטע, די פריידיקסטע, האָבן זיי דאָן געמעגט, ווי טרויעריק זיין. אז אַ איד, וואָס האָט געלערנט אין חדר, ווען נאָר חומש מיט רש"י אַליין — און וועלכער איד ביז אונדזער דור, האָט ניט געלערנט אין חדר, לפּחות חומש מיט רש"י — דערמאָנט זיך, טוט אַ טראַכט, ווען... רש"י, קען ער ניט ניט דערפילן יענע וואונדערבאַרע עמאָציע, וואָס ווערט אין אונדזער וועזן אַרויסגערופן דורך דערינערונגען פאַרבונדענע מיט ווייטער פאַרגאַנגענ-הייט, מיט געשעענישן און איבערלעבונגען, וואָס אין דער פערספּעקטיווע פון צייט זעען זיי אויס אַזוי האַרציק זיס, אַזוי טייער און ליב, ווייל זיי דערוועקן אין אונדז בילדער פון אונדזער לאַנג פאַרשוואונדענער קינדהייט.

רש"י — איז פאַר אידן אַ דערינערונג פון אַ פאָלקסטימלעך אידיש

לעבן, פון אַ לעבנס־שטייגער, וואָס איז איצט ניטאָ, פאַרשוואונדן. אָבער נאָך וועלכן מיר אַלע, אין דער פאַרשיידנקייט פון אונדזער לעבנס־וועג, בענקען אַזוי אָפט.

אַז מען טראַכט וועגן רש״י, שווימען אַרויף אין דער פאַרשטעלונגס־קראַפט פון יעדן אידישן מענטשן בילדער קודם כל פון די חדר־יאָרן. עס דער־שיינט פאַר די אויגן דער אַרכאַישער, אָבער אַזוי ליבער און נאָענטער, איצט אין דער ווייטקייט פון זיין ניט עקזיסטירן מער, אָרימער חדר און אין דעם געוועזענעם אידישן געטאָ־תחום, וואו אידישע קינדערלעך, צאן־קדשים, לער־נען חומש מיט אַ פסוק רש״י, מ י ט א ו י ס ר י י ד ע כ ץ.

עס שווימט אויף פאַר די אויגן דאָס בילד פון דעם קלאַסישן חדר: אי־דישע קינדער זיצן אויסגעזעצט אַרום אַ לאַנגן טיש, וואָס פאַרנעמט דעם גרעסטן טייל פון דעם ניט איבעריק ברייטן צימער; זיי זיצן און קוקן אַריין אין אָפענע חומשים מיט רש״י; בראש פונם טיש זיצט דער רבי און פאַרטייטשט פאַר די תלמידים פריער דעם חומש און דאַן ז אָ ג ט ע ר ז יי פ י ר וו אָ ס ר ש ״ י מ אַ כ ט. די תלמידים ז אָ ג ן א י ב ע ר, אַמאָל י ע ד ע ר א יי נ ע ר אַ ל ע פ ס ו ק י ם, אַמאָל, איינער נאָכן צווייטן, י ע ד ע ר אַ ן אַ נ ד ע ר פ ס ו ק: עס געוועגדט צו „די רש״י״ איז אַ ש וו ע ר ע, צ י אַ ל יי כ ט ע און עס איז אָפּהיינגיק פון דער ת פ י ס ה, ה ת מ ד ה און מדרגה פון קענטעניש, וואָס די תלמידים פון דער כיתה באַזיצן. מיטן ספּעציפישן ניגון ווערט איבערגעחזרט די פרשה חומש פונם טאָג; און די תלמידים לערנען מיט חשק, מיט ברען; די אויגן אָפן ברייט, די אויערן אָנ־געשפּיצט פון אויפמערקזאַמקייט: מען זאָל חלילה ניט דורכלאָזן אַ וואָרט פון דער א ו י ס ר יי ד ע כ ץ, וואָס דער רבי האָט געגעבן צו דעם אָדער יענעם פסוק חומש מיט רש״י.

און די דערינערונג, וואָס איז אויפגעשוואומען אין זכרון וויקעלט זיך ווייטער און ווייטער, ווערט פאַרוואַנדלט אין בילדער, נאָענטע און פולע, וואָס ציען זיך לאַנגזאַם פאַר די אויגן:

עס איז ווינטער. דרויסן בושעוועט אַ זאַווערוכע פון שניי און שטורם; די שייבלעך פון די פענצטער זיינען פון פראָסט פאַרקאָוועט. אין דעם אָרימען ענגן חדר־צימער, אָבער, איז לאַנג שוין פאַרשוואונדן דער ווינטער און די קעלט: בילדער גאָר אַנדערע, בילדער הערלעכע, ווייטע, שווימען איצט פאַר די פון עמאָציע באַגייסטערטע בליקן פון די קינדערלעך. דאָס

זיינען בילדער פון פּעיזאַזשן און לענדער, וואָס די קינדער האָבן קיינמאָל ניט געזען אַפילו אין בילד, אָבער וואָס זיי פילן זיי און שפּירן זיי — אַדאַנק חומש מיט רש״י — מיט אַלע זייערע רמ״ח אברים. דאָס זיינען בילדער פון פ ע י ז א ז ש ן א ו ן ל ע נ ד ע ר, וואו עס איז ניטאָ קיין ווינטער, ניט קיין שניי, קיין קעלט, ניט קיין נויט.

דורך דעם צויבער פון די פסוקים חומש מיט רש״י, דורך דעם צויבער פון די וואונדערבאַרע אגדות און מדרשים, וועלכע זיינען ווי פּערל אין אַן אומפאַרגלייכלעכער פיליגראַן־אַרבעט איינגעפאַסט געוואָרן דורך רש״י אין דעם פּ ש ו ט ו ש ל מ ק ר א, פּסוק נאָך פּסוק, דורך דער געשמאַקער, באַטעמטער „אויסריידעכץ״, מיט וועלכער דער רבי באַגלייט פיל פּסוקים, כדי בעסער צו מסביר זיין פאַר די קינדער, „וואָס רש״י מאַכט״, ווערן די תלמידים אַריבערגעטראָגן, ווי דורך אַ צויבערהאַפּטיקן נס פון קפיצת הדרך, פון דעם פאַרשנייטן חדר אין דעם ווייטן אור כשדים, וואו די זון ברענט ווי קאַלך־אויוון ארום דער הויז פון תרח דעם געצנדינער, דער פאָטער פון אברהם אבינו. די זון ברענט דאָרטן, טאַקע ווי אַ קאַלך־אויוון, אָבער: עס וואַקסן דאָרטן דער ת ו מ ר, דער טייטל־בוים און די ת א נ ה, דער פייגנבוים, און דער איילבירטבוים, און דער וויינשטאָק און דער מילגרוים, מיט קערלעך זיסע און זאַפטיקע (אַזוי דערציילט דער רבי, וועלכער האָט מסתמא קיינמאָל קיין „שהחיינו״ איבער אַ מילגרוים ניט געמאַכט), די צאָל פון וועלכע — מאַכט רש״י — איז תרי״ג, זעקס הונדערט דרייצן, פּונקט ווי די צאָל פון די מצוות, איינע ניט געמינדערט, שנאמר, דען עס ווערט געזאָגט אין ש י ר ה ש י ר י ם דער שיר, וואָס איז קודש קדשים, כפלח הרימון רקתך (20), ווי אַן אויפשניט פון מילגרוים זיינען דיינע שלייפן, מאַכט רש״י, אפילו ריקנים שבך, אפילו די ליידיקע, וואָס אין דיין פאָלק זיינען פול מיט מצוות, ווי אַ מילגרוים, וואָס האָט זעקס הונדערט דרייצן קערלעך, ווי די צאָל פון לאווין און פון מצוות עשה...

די תלמידים באַגלייטן די אבות אין אַלע זייערע פריידן און ליידן; צו־זאַמען מיט אברהמען וואַנדערט מען פון אור כשדים צו דרום-צון; מען ציטערט פאַר זיין גורל, ווען עס פאַרפּלאָנטערט זיך דער ענין מיט אבימלך קיניג פון גרר. די תלמידים פאַרכאַפּט פאַרן האַרצן, ווען זיי דערהערן וועגן יצחקס

---

(20) — שיר השירים ו׳ ז.

בלינדקייט, אַז ס'איז געקומען דערפֿאַר, וואָס די טרערן, וואָס די מלאכים האָבן פֿאַרגאָסן אין דעם שווערן מאָמענט פֿון דער עקידה, זיינען אים געפֿאַלן, דאַן, אין די אויגן; און פֿון שפּאַנונג האַלטן אַלע אין חדר דעם אָטעם איין, אויס מורא, טאָמער וועט יצחק דער בלינדער, טאַפּנדיק יעקבן דעם פֿאַר-שטעלטן, דערקענען אים, יעקבן, דעם גלאַטן, וואָס קומט אויסנאַרן ביים אַלטן טאַטן, די ברכה.

מיט יעקבן צוזאַמען וואַנדערן די תּלמידים, נאָכער צו בתואלן און לבנען; זיי פֿילן מיט יעקבסליידן און פֿריידן און מיט אַלע אבֿרים און חושים ציטערן זיי פֿאַר עמאָציע, ווען עס קומט אַ סך שפּעטער צו דער פּרשה, אין וועלכער דער אַלטער קראַנקער יעקב אויפֿן טויטן בעט, זעגנט זיך מיט זיינע קינדער און בענטשט די שבֿטים, יעדן שבֿט באַזונדער, נאָכדעם ווי ער, יעקב האָט מיט טרויער דערמאָנט דעם טויט פֿון זיין באַליבטער רחל און האָט פֿאַרענטפֿערט זיך — אינ'ם פּסוק „ואני בבואי מפּדן ארם“ — פֿאַר זיין זון, דעם שני למלך, יוסף, פֿאַר וואָס ער האָט זי באַערדיקט אין מיטן וועג און ניט געפֿירט ביז צו דער מערת המכפּלה (21).

---

(21) — „ואני בבואי מפּדן ארם“ (בראשית מח—ז), דער וואונדערבאַרער פּסוק רש"י, מיט דער טראַדיציאָנעלער אויסרייִדעכץ, וואָס פֿלעגט ווערן געלערנט, מיט אַ ספּעציפֿישן ניגון, אין אַלע חדרים, פֿלעגט באמת פֿאַרכאַפּן די הערצער פֿון אידישע קינדער, מיטן הערלעכן מאָמענט פֿון חורבן, גלות און נאַציאָנאַלן טרייסט און האָפֿנונג, אויף גאולה, מיט וועלכע דער אוממיטלבאַרער רש"י האָט עס פֿאַרבונדן.

ו א נ י — אף על פּי שאני מטריח עליך להוליכני לקבר בארץ כנען, לא כך עשיתי לאמך, שהרי מתה סמוך לבית לחם, אלפּים אמה כמדת תחום שבת. ו א ק ב ר ה שם — ולא הולכתיה אפילו לבית לחם. וידעתי שיש בלבך עלי; אבל דע לך שעל פּי הדבור קברתיה שם, שתהא עזרה לבניה: כשיגלה אותם נבוזראדן, ויהיו עוברים דרך שם, יוצאת רחל על קברה ובוכה ומבקשת עליהם רחמים: „קול ברמה נשמע, נהי בכי תמרורים: רחל מבכה על בניה... והקב"ה משיבה: „מנעי קולך מבכי ועיניך מדמעה! יש שכר לפּעולתך ושבו בנים לגבולם“.

דערדאָזיקער פּסוק פֿון „ויחי“ פֿלעגט געלערנט ווערן אין אַלע חדרים מיט אַן „אויסרייִדעכץ“ פֿון מלמדים, געזאָגט מיט אַ רעטשיטאַטיוון ניגון און אומעטום כמעט מיט דיזעלביקע ווערטער, וואָס זיינען געווען אַן אויסברייטערונג פֿון דעם ניגון פֿון רש"י, איבערזעצט אין אַ געשמאַקן זאַפֿטיקן אידיש:

„ו א נ י און איך, הגם איך בין דיך מטריח, אַז דו זאָלסט מיר פֿירן צו קבורה אין דער מערת המכפּלה, האָב זיך ניט אַזוי נוהג געווען מיט דיין מוטער רחל. ב ב ו א י מ פּ ד ן א ר ם, ווען איך האָב געטון קומען פֿון פּדן ארם, מ ת ה,

און די בילדער ציען זיך אומענדלעך, אומענדלעך, ווי אין אַ צויבערפולן פילם:

צוזאַמען מיט די צוועלף שבטים און די שבעים נפש וואַנדערן, די תלמידים — אַרום דעם חדר־טיש זיצנדיק — פון כנען קיין מצרים. עס ציט זיך די קאַראַוואַנע פון געלאָדענע קעמלען און אייזלען, מיט קנעכט און דינסטן, איבער דער מדבר; קיין מצרים פאָרן זיי, לשבור בר, צו קויפן

---

איז זי געשטאָרבן, עלי רחל, איבער מיר איז זי, רחל, געשטאָרבן, ווייל ניט ווייסנדיק, אַז זי האָט צוגעגנבעט ביי דיין פעטער די בילדער־געטשקעס, האָב איך געזאָגט און געשאָלטן: עם אשר תמצא את אלהיך לא יחיה, ביי וועמען דו וועסט דיינע געטשקעס געפינען, דער זאָל ניט לעבן; און עס שטייט ווייטער אין פסוק, „ולא ידע יעקב כי רחל גנבתם", און יעקב האָט ניט געוואוסט, אַז רחל האָט זיי אַוועקגעשטוילט. און זאָלסט, חלילה, ניט מיינען, אַז כ'האָב עס געטון, ווייל ס'איז געווען ווייט דער וועג צו פירן דעם מת, זאָג איך דיר, בעוד כברת ארץ, אַז נאָר איין אַקערלאַנד, אַ תחום שבת ניט מער, איז געווען לבוא, ביז צו קומען אפרתה, קיין אפרת, וואָס איז בית לחם; און איך האָב איר אפילו קיין בית לחם ניט אַריינגעפירט, נייערט איך האָב איר מקבר געווען אין מיטן וועג. און כדי דו זאָלסט ניט טראַכטן, אַז אפשר איז געווען אַ בלאָטע, אַ רעגן, וואָס האָט גרעסער געמאַכט דעם טלטול הדרך, זאָג איך דיר נאָכאַמאָל: כברת ארץ, די ערד איז געווען געלעכערט ככברה, ווי אַ זיפּ, פון טרוקנקייט. ווייס איך דאָך, אַז דו האָסט רעכט צו האָבן תרעומות אויף מיר, יוסף מיין זון, דערקלער איך דיר: זאָלסט וויסן, אַז געטון האָב איך עס על פי הדיבור, אויף דעם געבאָט פון דעם אויבערשטן, געלויבט און געהייליקט זאָל זיין נאָמען זיין, האָב איך זי דאָרט מקבר געווען. ווייל יעקב אבינו האָט געזען בנבואה, אַז ווען נבוזראדן וועט פאַרטרייבן די אידן אין גלות אריין, אויפן וועג פון כנען און בבל, און די געפאַנגענע וועלן געטריבן ווערן פאַזע דעם וועג פון אונדזער מוטער רחל'ס קבר, וועט זי זיך מיען פאַר אירע קינדער; זי וועט אויפרייסן איר קבר און וועט וויינען און שרייען און בעטן פאַר זיי רחמים פאַרן כסא הכבוד, ווי אין פסוק שטייט: קול ברמה נשמע, נהי בכי תמרורים, רחל מבכה על בניה. און קודשא ברוך הוא טוט איר, דאַן, ענטפערן: מנעי קולך מבכי ועיניך מדמעה, כי יש שכר לפעולתך ושבו בנים לגבולם".

מיר האָבן געבראַכט דעם דאָזיקן לענגערן „אויסרײדעניש" אַלץ מוסטער פון דעם אופן, ווי עס פלעגט געלערנט ווערן חומש מיט רש"י אין די חדרים. אַ וואונדערלעכע מאָזאַאיק פון אַ רש"י־סגנון אין אַ זאַפטיקן אידיש, זיינען געווען די דאָזיקע אויסרײדעכצן און זייער נאַציאָנאַל־דערציערישע ווערט איז ניט צום אָפּשאַצן געווען.

תבואה, איבערן הונגער אין כנען. די קינדערשע הערצעלעך קלאַפּן האַסטיקער פון פרייד, ווען עס קומט צום העכסטן מאָמענט פון שפּאַנונג, ווי אין פּסוק שטייט: ולא יכל יוסף און יוסף האָט ניט געקענט להתאפק צו איינהאַלטן זיך מער און ער האָט זיך געלאָזט דערקענען צו זיינע ברידער...

וואו זיינען איצט די קינדער? אינם קאַלטן פאַרשנייטן אידישן תחום? ניין: די קינדער זיינען אין הייסן לאַנד פון פּרעה מלך מצרים, אין דעם ברייטנענדיקן מדבר, איבער וועלכן נפתלי לויפט, ווי אַ געטריבענע אינדין. אָדער זיי זיינען גאָר אין לאַנד כנען, אין דעם פּליין פון ממרא, אונטערן „אשל" פון אברהמען. צוזאַמען מיט יצחקס הויזגעזינט שניידן זיי אַ שפּעט־גערעטעניש פון גערשטן; אָדער זיי, די קינדער, וואוינען־ביי דעם שטרייט צווישן אברהם און לוטס פּאַסטוכער; פון דערווייטנס קוקן די תלמידים צו די מלחמה פון אברהמען קעגן די מלכים, וואָס האָבן פריער געפאַנגען זיין פּלימעניק — און גליקלעך, איבערגליקלעך פילן זיך די קינדערלעך מיט אברהמס זיג.

פאַרשוואונדן איז דער ארום. די ווייטקייט, אין צייט און אין אָרט איז אין אוממיטלבאַרער נאָענטקייט און קעגנוואַרט פאַרוואַנדלט געוואָרן; און אַ ווייטע לאַנג־פאַרשוואונדענע וועלט האָט ווי דורך צויבער, ווידער אויפגעלעבט ווי צו ווירקלעכקייט.

— ווער האָט עס אָט דעם צויבער באַשאַפן, דערמעגלעכט? — חומש מיט רש"י, ניט חומש אַליין, נייערט חומש מיט רש"י. די וואונדערבאַרע מאָזאַאיק, ניין סינטעזע פון פּשט מיט דרש, פון איינפאַכע פאַרטייטשונג מיט פאַנטאַזיע־בילדער פון דער אגדה און מדרש, די וואונדערלעכע איינפאַכקייט, תמימות און אויפריכטיקע פאַרגלויבטקייט אין דעם, וואָס ער אַליין דערציילט, האָט דידאַזיקע דערשיינונג אַרויסגערופן.

עס איז געווען אַ וואונדער, אַ צויבער, אָט דאָסדאָזיקע אומפאַרגלייכלעכע, אומאיבערשטייגבאַרע, וואָס הייסט חומש מיט רש"י.

דער וואָס האָט געהאַט דאָס גליק צו לעבן אין אָט דער צויבערוועלט, דער וואָס האָט אַליין געפילט די באַטעמטקייט פון דעם, וועט עס דאָס גאַנצע לעבן טראָגן אין זיין איך, ווי אַ טייערן אוצר, ווי אַ וואַרעמע זעליקע ווייכקייט און צאַרטקייט, וואָס גאָר אינגאַנצן וועט עס קיינמאָל ניט אויסגעוועפּט ווערן.

דער דאָזיקער צויבער־כוח הייסט: אַ פּסוק חומש מיט רש"י.

— ו —

# דער באַגלייטער פון אידישע מענטשן

און דערדאָזיקער צויבער-כוח האָט באַגלייט דאָס אידישע קינד, אין אַזאַ אָדער אַנדער פאָרמע, ניט נאָר אין רוסלאַנד, פוילן, גאַליציע, אוקראַינע, אָדער ליטע, נייערט אין דער גאַנצער דיאַספאָרא — אומעטום וואו אידן זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן און האָבן מיט זיך מיטגעפירט דעם חומש, האָט רש"י באַגלייט דאָס אידישע קינד, ווי אַ צאַרט וואַכנדיק אויג פון אַ מוטער פריער, שפעטער ווי אַ טרייער פריינט, ווי אַ וועגווייזער, ווי אַ גלענצענדער לערער, ווי אַן אמתער „אומן פרגוג", באַגלייטנדיק, אין לויף פון דורות זיין הויפט־לערבוך: דעם תנ"ך.

ניט אומזיסט איז דאָס ערשטע בוך, געדרוקט מיט העברעאישע אותיות, אין געציילטע יאָרן נאָכדעם, ווי גוטענבערג האָט דערפינדן דרוקעריי, געווען דער פירוש פון רש"י אויף תורה (22), די „נימוקי חומש", ווי די בעלי־התוספות באַצייכענען זיי: עס איז פון דעם צו זען קלאָר, אַז שוין דאַן, אין יאָר 1475, איז דער פירוש רש"י אויף תורה געווען אַזוי ווייט פאַרשפּרייט און פּאָפּולער צווישן אַלע אידישע ישובים אין דער וועלט, אַז דער ערשטער אידישער פאַרלעגער־דרוקער אויף דער וועלט האָט אויסגעקליבן דעמדאָזיקן פירוש, אַלס מער לוינבאַרסטע אונטערנעמונג, אַלס בוך, אויף וועלכן עס

---

(22) — דאָס ערשטע בוך, וואָס איז דערשינען אין אַ אידישער דרוקעריי, מיט באַוועגלעכע אידישע אותיות געדרוקט און געזעצט, איז געווען רש"ים פירוש אויף חומש.

דאָס בוך איז דערשינען דעם 5־טן פעברואַר 1475; פאָלגלעך איז עס אָנגעהויבן געוואָרן אין יאָר 1474! עס איז געדרוקט געווען אין דער דרוקעריי פון אברהם בן גאַרטאָן (גרשון ?) בן יצחק, אין דער שטאָט רעזשיאַ פון קאַלאַבריאַ (דרום איטאַליע) וואַרשיינלעך די ערשטע אידישע דרוקעריי אויף דער וועלט. דער פירוש רש"י האָט געהאלטן 58 דרוק־בויגן, בלויז איין עקזעמפּלאַר איז פאַרבליבן פון דערדאָזיקער אויסגאַבע (אין דער ביבליאָטעק אין פּאַרם) (ז. הערמאַן פראַנק, „אידישע טיפּאָגראַפיע, ז. 17; „יעווריסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ", ב. 14, ז. 852).

אין דעם בוך ווערט געבראַכט אַ רעפּראָדוקציע פון דער דאָזיקער זעלטענער אויסגאַבע.

איז פֿאַרזיכערט דער גרעסטער נאָכפֿרעג, כדי צו אָנהויבן מיט אים דאָס דרוקן העברעאישע ביכער.

זינט יענעם היסטאָרישן טאָג פֿון 5־טן פֿעברואַר 1475 באַגלייט רש"י דורך זיינע פּירושים (עטלעכע יאָר, שפּעטער, צו נ"ך און דערנאָך אויך צו תלמוד) אונדזער פֿאָלק אין אַלע זיינע וואַנדערונגען, אין אַלע גלגולים פֿונם גלות־לעבן, מיטבויענדיק זיין גייסטיקן קיום, דורך פּערמאַנענטער השפּעה אויף זיין גייסטיקער און קולטורעלער דערציונג און אַנטוויקלונג, באַפֿרוכפּערנדיק די פֿאַנטאַזיע פֿון אונדזער דיכטער, דינענדיק אַלס הויפּט־לערבוך פֿאַר דערציונג פֿון אונדזערע קינדער אין משך פֿון דורות און דורות, מיטווירקנדיק אין אַ געוואַלטיקער מאָס פֿאַר דער באַרייכערונג פֿון דער העברעאישער שפּראַך און פֿאַר דער אויסברייטונג פֿונם מאָדערנעם העברעאישן סיגנון; אַריינברייענגענדיק אין אידישן לעבן — אינם לויף און טויש פֿון יאָרנהונדערטער — אַ שלל פֿון ריידנסאַרטן, מימרות, אַפֿאָריזמען, פֿאָלקס־ווערטלעך, אַ קוואַל פֿון, באמת, פֿאָלקלאָריסטישן מאַטעריאַל, וועלכער איז געוואָרן דאָס אייגנס פֿון פֿאָלק אין אַזאַ מאָס, אַז גאַנץ אָפֿט פֿאַרגעסט מען, אַז ד אָ ס אָדער י ע נ ץ ווערטל שטאַמט פֿון רש"ין (23).

רש"י באַווירקט דאָס אידישע לעבן פֿאַר די לעצטע קנאַפּע ניין יאָרנהונדערטער, ווי קיין אידישער זשעני פֿון מ י ט ל אַ ל ט ע ר, ווי קיין אידישער גדול זינט נאָך חתימת התלמוד; און אפשר טאַקע זינט נאָך חתימת המשנה דורך רבנו יהודה הנשיא; וואָרים דער תלמוד, אין גרונט באַטראַכט, טראָגט דאָך דעם כאַראַקטער ניט פֿון אַן אינדיווידועלער, נאָר פֿון אַ קאָלעקטיווער שאַפֿונג, וואָס נעמט אַרום אַ משך פֿון דורות און יאָרנהונדערטער, הגם עס זיינען באַקאַנט, אינדיווידועל, דער כאַראַקטער, לערע, געדאַנקען־גאַנג, לעבנס־געשיכטע, מידות, און וועלט־אָנשויאונג פֿון פֿיל פֿון די הונדערטער פּערזאָנען פֿון תנאים און אמוראים, וואָס האָבן אינטערוועניערט אין דער אַנטשייאונג און שאַפֿונג פֿונם תלמוד.

ר ש " י, ווי מיר האָבן געזאָגט אויבן, האָט באַווירקט דאָס אידישע לעבן

(23) — פֿיל פֿון אַזעלכע פֿאָלקס־ווערטלעך און מאמרים האָט רש"י גענומען פֿונם מדרש און פֿונם תלמוד; צום פֿאָלק, אָבער, צו די ברייטע מאַסן, וואָס האָבן זיי פֿאַרדייעט און פֿאַרוואַנדלט אין ווערטלעך, אין זאָגעניש, זיינען זיי געקומען דורך רש"י, ניט דירעקט פֿון דער אור־קוועלע. פֿאַראַן אויך פֿיל, וואָס שטאַמען פֿון רש"י זעלבסט.

דורך דער אוספורעמונג פונם אידישן לעבנס־שטייגער, אין אַלע זיינע טראַנס־פאָרמאַציעס, און ער האָט עס באַווירקט אין אַזאַ מאָס, ווי קיינער; כאָטש רש"י איז אין גרונט גענומען געווען ניט קיין פּוסק, נאָר אַ מפרש (24) — און דער אידישער לעבנס־שטייגער אין די פאַריקע דורות, איז געפורעמט גע־וואָרן דורך די פּסקי־הלכה און שולחן ערוך שפּעטער — איז אָבער רש"י אַ מערקווירדיקער אויסנאַם פון דעם כּלל. די ווירקונג פון רש"י צוזאַמען מיט דער ווירקונג פון זיין מערקווירדיקער עטישער פּערזענלעכקייט, איז געקומען צום אויסדרוק דורך זיין פּירוש אויף תנ"ך און תלמוד, ווי דורך זיינע תשובות אין די ספרים „הפרדס" און „האורה", און האָט באַאיינפלוסט דעם איינשטעל פון אידישן לעבנס־שטייגער. אַזעלכעס קען געשען נאָר מיט אַ מפרש אַ גאון, וועגן וועלכן איינער פון די פאָרטרעפלעכסטע מאָנאָגראַ־פיסטן זיינע האָט געזאָגט: „אויב אין אונדזער ליטעראַטור איז רש"י גרע־סער פון די גרעסטע, איז ער אין דער וועלט־ליטעראַטור, אַן אוניקום אַלס געניאַלער עקזעגעט (25). און עס איז פאַרשטענדלעך און לאָגיש, אַז אַזעלכעס זאָל געשען מיט אַזאַ גאון ווי רש"י, ווייל: ווער נאָך קען באַווירקן דאָס לעבן פון אַ פאָלק אין אַזאַ מאָס, ווי דער, אויף וועמענס לערע און ווערק דאָס דאָזי־קע פאָלק ווערט דערצויגן אין משך פון דורות? און אויף וועמענס ווערק נאָך אין אַזאַ מאָס, ווי אויף די לעבנס־ווערק פון רש"י, זיינען דערצויגן געוואָרן אידישע דורות און דורות?

במשך פון יאָרהונדערטער איז רש"י געווען פאַר אידן אַ פּערפעקט דעפינירטע, אַ פּערפעקט אויסקריסטאַליזירטע פּערזענלעכקייט. רש"י, מיין איך, ניט דווקא רבי שלמה יצחקי, רש"י אַזוי ווי עס איז

(24) — רש"י איז אַ מפרש און ניט קיין פּוסק — אַזאַ פעסטשטעלונג טרעפט מען אָפט אין שאלות ותשובות ווי פון ראשונים אַזוי פון אחרונים. איינער פון פיל ביישפּילן:

„יש בידנו כלל גדול, כי רש"י ז"ל היה מפרש ולא פוסק" (תשובות רדב"ז, סימן קי"ח). מער באַריכות וועגן דעם ז. אין „דור דור ודורשיו" פון ר' א. ה. ווייס, חלק ד', ז. 332; אין „תולדות ישראל" פון ר' זאב יעב"ץ ח. י"א ז. 33 אין דער הערה 7. און אין פאַרשיידענע פלעצער פון דעם דערמאָנטן מאָנומענטאַלן ספר „ר' שלמה יצחקי" פון א. מ. ליפשיץ.

(25) — „ואם בספרותנו רש"י גדול מגדולים יחיד הוא בספרות העולם בתור מפרש גאון" — א. מ. ליפשיץ — ציטירט ווערק, ז. 87.

די ראשי־תיבות. אונדזערע לומדים און מלמדים האָבן קנאַפּ וואָס זיך גע־גריבלט צו וויסן וואָס די ראשי־תיבות באַדייטן, צי דאָס מיינט צו זאָגן ר׳ שלמה יצחקי, צי ר׳ שלמה ירחי, ווי מען האָט יאָרנלאַנג געמיינט, על פי טעות (26).

פאַר אונדזער פאָלק, פון דעם המון עם ביז זיין לומדישער אַריסטאָקראַ־טיע, איז רש״י, דער פונם ראשי־תיבות, געווען אַ לעבעדיקער, אַ נאָענטער פאַקטאָר אין לעבן, אַן ענין, אַן וועלכן מען האָט זיך ניט געקענט באַגיין; אַ פריינט, אַ נאָענטער, אַ וועגווייזער, אויף וועלכן דער אידישער מענטש האָט זיך אָנגעטראָפן און מיט וועלכן מען האָט פאַרוואַנדעט, טאָג־איין, טאָג־אויס, אָנהויבנדיק פון זיין פריעסטער קינדהייט ביז, כמעט, דעם לעצטן אויסהויך פון זיין אָטעם. וואָרים: ווער האָט ניט פאַרוואַנדעט מיט רש״י?

דאָס קינד האָט געלערנט אין חדר חומש מיט רש״י.

דער בעל־הבית, דער יוסטער, דער יודע ספר, האָט מעיין געווען בעת מעביר סדרה זיין, אָדער קריאת התורה, אינם רש״י פון דער פרשת השבוע, כדי צו אָפּפרישן אין זכרון וואָס רש״י מאַכט, און דערווייל טאַקע הנאה האָבן אויך פון דער זיסקייט פון רש״י.

דער בחור אָדער פרוש, אין בית־מדרש אָדער אין ישיבה, האָט געלערנט גמרא מיט רש״י.

דער למדן און מופלג אפילו, האָט אָן רש״י זיך ניט געקענט באַגיין ביים לערנען גמרא, ווי אַ לעבעדיק וועזן קען זיך ניט באַגיין אָן לופט, ווייל רש״י איז דאָך דער שליסל צו אַלץ, דער מקור צו אַלע ווייטערדיקע חידושים און פלפולים, אָנהויבנדיק פון תוספות — די פאָרזעצונג פון רש״י — און ענדי־קנדיק מיט די גאַר אחרונים.

דער בעל־מלאכה און דער עם־הארץ אפילו, וואָס האָט אַליין ניט גע־

---

(26) — דער טעות, וואָס פאַרבייט אין רש״י, דעם ר׳ שלמה יצחקי אויף ר׳ שלמה ירחי, שטאַמט פונם 16־טן יאָרהונדערט און האָט זיך זיין געשיכ־טע.. אונדז וועט אויסקומען ווייטער צו פאַרנעמען זיך מיט דעם ברייטער. דאָ וועלן מיר נאָר אָנמערקן, אַז איןביידע שפּאַנישע ענציקלאָפּעדיעס אין דער „היספּאַנאָ אַמע־ריקאַנאַ״ און אין דער ריזיקער „עספּאַסאַ״ (די גרעסטע אין דער וועלט) — ווערט דערדאָזיקער טעות איבערגעחזרט אַזוי: רש״י (ראַבבי סאַלאַמאָן יאַרכי״), הגם זיי ווייסן, אַז ער איז געבוירן אין טרואַ און די ערשטע פון די צוויי באַצייכנט אים אויך מיטן נאָמען שלמה יצחקי.

לערנט, אָדער ניט געקענט לערנען, פלעגט שבת נאָכן שלאָף, צוהערן זיך פרום, אין שול, אַלס מיטגליד, געוויינלעך, פון „חברה מקרא", ווי דער רבי פון דער חברה זאָגט פאַר פאַר די הערער־מיטגלידער די סדרה פון דער וואָך מיט פשט און דרוש, אויפן יסוד פון רש"ים פירוש הויפטזעכלעך, הגם באַווירצט מיט דרושים פון שפּעטערדיקע גדולים און בעלי־דרוש. אויך ווייבער און מיידלעך האָבן געקענט רש"ים פירוש; אויב ניט דירעקט דורך לערנען, איז דורך פּאָפּולאַריזירונגען אין „עברי־טייטש" און דורך דעם „צאינה וראינה", פון וואַנען די מוטער פלעגט פרום פאָרלייענען יעדן שבת די סדרה, פאַר די דערוואַקסענע מיידלעך.

א וואונדערבאַרע דערשיינונג פון העכסטער אומשטערבלעכקייט, פון אַזאַ פּאָפּולאַריטעט ביי אַ פאָלק, אַ גלייכן צו וועלכער עס איז זייער שווער צו געפינען — איז די דערשיינונג פון רש"ים אייביק לעבן, איינגעוואָרצלט אין די טיפסטע טיפענישן פון אונדזער פאָלקס־וועזן.



# לעבן, סביבה און פערזענלעכקייט

## צווייטער פרק

„אלה תולדות... למדך, שעקר תולדותיהם של צדיקים מעשים טובים".

רש"י, בראשית ו—ט (27)

אלהי אבי — לא אני תחילת הקדושה, אלא מוחזקת ועומדת לי תחילת הקדושה, ואלהותו עלי מימי אבותי.

רש"י, שמות ט"ו—ב (28)

— א —

### אָרט פון רש"ים געבורט

ווי וועגן דעם אומשטערבלעכן האַמערוס, איבער וועלכן זיבן שטעט האָבן זיך געקריגט, וועלנדיק יעדער איינע האָבן דעם כבוד צו זיין זיין געבורט-אָרט, אַזוי האָבן צייט-לאַנג געאַמפּערט זיך אין אונדזער געשיכטע און אין די לעגענדעס, וואָס הילן איין רש"ים געבורט, דריי שטעט: לונעל, וואָרמס און טרוא (29) אַ לאַנגע צייט איז ניט געווען פעסטגעשטעלט, אין וועלכער פון די דריי שטעט — אין מיטלאַלטער באַרימטע ווי שטעט פון תורה, לומדות און חכמה — איז געשטאַנען רש"ים וויג; פונקט ווי אַ געוויסע צייט איז געווען אַ הארבע שקלא וטריא דאָס פעסטשטעלן דעם יאָר פון רש"ים געבורט.

דידאָזיקע זאַכן זיינען שוין לאַנג אויפגעקלערט געוואָרן: עס איז שוין מער קיין צווייפל ניט, אַז רש"י איז געבוירן געוואָרן אין טרוא אין יאָר ד' ת"ת

(27) — רש"י, אין אָנהויב פון פרשה נח: „דאָס איז די געשיכטע פון נח — פון דעם קענסטו לערנען, אַז דער עיקר פון דער לעבנס-געשיכטע פון צדיקים זיינען זייערע מעשים טובים" (גוטע טאַטן).

(28) — אלהי אבי — דער גאָט פון מיין פאָטער: אין אָנהויב פון דער שירת

(1040); מיט דעמדאָזיקן יאָר זיינען פאַרבונדן צוויי היסטאָרישע געשעענישן: רבנו גרשם מאור הגולה, פון מאַגענצאַ איז געשטאָרבן און אין פומבדי־תא פון בבל איז „אומגעקומען פון שווערד פון מוסולמאַנישע פאַנאַטיקער דער לעצטער גאון חזקיהו, דאָס איייניקל פון דוד בן זכאי און עס איז בטל געוואָרן דער צענטער פון תורה אין בבל" (30). דערדאָזיקער צופאַל פון רש"יס געבורט אין יענעם יאָר האָט געגעבן פלאַץ פאַר דרשנים צו דרשנען דעם פסוק: „וזרח השמש ובא השמש", לויטן טראַדיציאָנעלן דרש: „איידער די זון פון עלי הכהן איז אינגאַנצן פאַרגאַנגען, שיינט שוין אויף די זון פון שמואל"; אינעם געגעבענעם פאַל: די זון פון תורה האָט אויפגעשיינט אין פראַנקרייך דורך דעם געבורט פון רש"י, אין דעם זעלביקן יאָר, ווען זי איז אונטערגעגאַנגען אין בבל, וואו דער תלמוד איז געשאַפן געוואָרן און נאָכדעם איז דער גאונאט אנטשטאַנען. און אויך צום צווייטן צוזאַמענפאַל: רש"י, וועלכער האָט דורך זיינע אייביק־בלייבנדיקע פירושים צו תנ"ך און תלמוד, געבראַכט צו דעם, אַז עם־הארצות זאָל קיין שליטה ניט האָבן צווישן די אידישע פאָלקס־מאַסן, ווערט געבוירן אין דעם זעלביקן יאָר, ווען עס איז געשטאָרבן דער מאור הגולה, דער באַלייכטער פונם גלות, רבנו גרשם (31) — די שטאַרקסטע תלמודישע פערזענלעכקייט אין יענער צייט, דער אָרגאַניזי־

---

הים — זאָגט רש"י: ניט איך בין דער אָנהויב פון דער קדושה, נאָר עס איז צו מיר פאַרפעסטיקט און איינגעשטעלט געוואָרן די הייליקייט פון די טעג פון מיינע על־טערן, פון מיין אָפשטאַם.

(29) — אין פראַנצויזיש Troyes. די רבנישע טראַנסקריפּציע: טרוייש איז אַ ריכטיקע אָרטאָגראַפישע ניט פאָנעטישע, ווייל דער לאַטיינישער oa איז אין פראַנ־צויזיש עקוויוואַלענט צו צוויי „יודן", פאָלגלעך, וואָלט מען עס איז אידישער פאָ־נעטישער טראַנסקריפּציע געדאַרפט לייענען טרואַי; מיר, אָבער, וועלן זיך האַלטן ביי דעם אָנגענומענעם אין דער אידישער ליטעראַטור קלאַנג, כאָטש ער איז פאַר־גרייזט עטוואָס.

(30) — „אכן אעתיק לך מה שמצאתי הועתק: „ורבנו גרשום מאור הגולה קבל מרב האי; ונפטר שנת ד' אלפים ות"ת ורש"י נולד באותה שנה". — (תשובות מהרש"ל ס. כ"ט). ציטירט לויט בן־ציון דינאַבורגס „תולדות ישראל בגולה", 1־טער באַנד, צווייטער בוך, זייט 392.

ז. „דברי ימי ישראל" פון צבי גרעץ־שפ"ר, חלק 4, ז. 83.

(31) — וזרח השמש ובא השמש — קהלת א. ה. אין דער דרשה פון ר' אברהם בערלינער „רש"י", ציטירט לויט א. מ. ליפשיצעס ספר וועגן רש"י, ז. 17, ה. 2.

רער פונם אידישן געזעלשאַפטלעכן, רעליגיעזן און פאַמיליען-לעבן דורך זיינע פאַרבליבענע אייביק אין אידישן לעבן, באַקאַנטע אונטערן ראשי־תיבות: בחד"רג (32).

אָן שום ספק, אַז עס איז אַ צופעליקייט, אַט דערדאָזיקער צוזאַמענפאַל פון דאַטן; אָבער: עס איז אַ צוזאַמענפאַל, וואָס האָט אין זיך עפּעס וואָס סימבאָלישעס, וואָס רופט אַרויס געדאַנקען און גיט פּלאַץ צו טראַכטן וועגן דער זאָרגפעלטיקייט פון דער השגחה פון אונדזער געשיכטע, וואָס לאָזט ניט, אַז דער פאַדעם פון אונדזער גייסטיקן געוועב זאָל חס ושלום ווערן איבערגע־ריסן אויף איין מאָמענט און זאָרגט תמיד פאַר דער קאָנטינואיטעט פון דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אידישקייט, אינם גאַנג פון דורות און צייטן.

וויפל מרייםט קען אונדז ברענגען אַזאַ געשיכטלעכער צוזאַמענפאַל — וועלכער איז, אגב, אָנגעוואונקען נאָך אין דעם זין פון דער מדרש־לעגענדע, אַז דער דערלייזער משיח בן דוד, ווערט געבוירן אין דעם טאָג פון חורבן — פאַר די איצטיקע שרעקלעכע צייטן פון חורבן און פון אויסראָט, וואָס אונ־דזערע ישובים אין דער אַלטער וועלט לעבן איבער.

דאָס יאָר פון רש"ים געבורט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן. דער טאָג אָבער איז פאַרבליבן אומבאַוואוסט. דאַקעגן איז געווני באַקאַנט דער טאָג פון רש"ים טויט. רש"י איז נפטר געוואָרן אין טרוא כ"ט תמוז ד.תתס"ה (אויסגעפאַלן דאַן: 13-טן יולי 1105). און זאָל ניט וואונדערן פאַר וואָס מען האָט ניט פאַרצייכנט דעם טאָג פונם געבורט. עס איז אַ כמעט דורכשניטלעכע דערשיינונג אין דער ביאָגראַפיע פון אונדזערע גדולים: זעלטן ווערענס יום הלידה איז באַקאַנט, דאַקעגן איז פאַרצייכנט אַלעמענס יום-הפטירה. דאָס פייערן פונם טאָג פון געבורט איז אַ ניט־אידישער מנהג; רבנים פלעגן זיך ווינצלען וועגן דעם, זאָגנדיק, אַז אין דער תורה ווערט נאָר גערעדט וועגן יום הולדת פרעה, אָבער ניט וועגן „יום הולדת משה".

אַ גווישן גדולם געבורטסטאָג פאַרצייכנט מען, אָבער ניט דעם טאָג, ווען אַ אידישער גדול ווערט געבוירן; אפשר, ווייל ווען עמעצער ווערט געבוירן, ווייסט מען דאָך ניט צי ער איז עתיד צו זיין אַ גדול בישראל... און אויף פאַרצייכענען דעם יום-הלידה, האָט מען ביז די גאָר נייע צייטן, ניט מקפיד געווען בכלל ביי אידן. דאַקעגן, דעם יום הפטירה פלעגט מען פּינקטלעך פאַר־

(32) — בחרם דרבנו גרשם.

צייכענען ביי אידן, פּשוט, ווייל עס איז פאַרבונדן מיט די דינים פון אבלות: שבעה, שלושים, קדיש יתום, יאָרצייט, א. א. וו. און אַן אסמכתא פאַר דעם האָבן אונדזערע ראשונים געפונען אין פסוק: „טוב שם משמן טוב, ויום המות מיום הולדו״ (33).

עס איז אויך פאַרשטענדלעך ווי אַזוי עס האָט געקענט אנטשטיין און איינוואָרצלען זיך אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק, און אָנהאַלטן לאַנג די ווער־סיע, אַז רש״י איז געבוירן געוואָרן ניט אין טרואַ, נאָר אין וואָרמס אָדער לונעל: וו אָ ר מ ס — אין די רבנישע שריפטן באַצייכנט אלס „ווירמישא״ אָדער „ווירמיזה״ — איז געווען די ערשטע ישיבה, וואו דער קינפּטיקער רש״י האָט געלערנט ביי ר׳ יעקב בן יקר, דער תלמיד פון רבנו גרשם, וועמען רש״י באַצייכנט אין זיינע חיבורים מיטן נאָמען „מורי הזקן״. דאָרטן האָט ער זיינע ערשטע קונטרסים אָנגעהויבן זאַמלען מיט פּירושים אויף פאַרשיידענע מסכתות; דאָרטן האָט ער די ערשטע ציגל געפורעמט פאַר דעם קינפּטיקן בנין זיינעם, וואָס ער האָט געבויט אויף אייביקע אייביקייטן; ער האָט דאָרטן גע־לערנט יאָרן, און, וואַרשיינלעך, האָט ער דאָרטן אויך דאַן אָנגעהויבן זאַמלען די מאַטעריאַלן, פון וועלכע, מיטן צוגאָב פון אַנדערע, וואָס ער האָט אָנגע־זאַמלט שפּעטער, אין אַנדערע ישיבות, פון אים באַזוכטע — געזאַמלט, ווי אַן אַרבעטסזאַמע בין, וואָס זאַמלט דעם זיסן מאַסט פון פרוכטן, כדי צו אויסאַרבעטן פון אים נאָך זיסערן האָניק — די ערשטע מאַטעריאַלן פון וועלכע עס איז שפּעטער, אין לויף פון יאָרן, אויסגעוואַקסן אין זיין ישיבה אין טרואַ, דער וואונדערלעכער, דער ביז איצט אומאיבערגעשטיגענער פּירוש זיינער, די מאָזאַאיק אויף תנ״ך און תלמוד. מיט וואָרמס, אַלזאָ, איז פאַר־בונדן אַ וויכטיקער טייל פון דער קולטורעלער און גייסטיקער אויסקריס־טאַליזירונג פון רש״ים פּערזענלעכקייט, אין איר ערשטער יוגנט. דאָס האָט געגעבן אַ גרונט פאַר דער אַנטשטאַייאונג פון לעגענדעס, וואָס פאַרבינדן רש״ים נאָמען מיט דער שטאָט וואָרמס. אַ לעגענדע וועגן אַ נס, וואָס איז געשען מיט זיין מוטער, ווען זי האָט געשוואַנגערט מיט אים, און אַ דאַנק וועלכן, זי איז ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט, אין איינער פון די וואָרמסער אי־דישע גאַסן. מען האָט אין וואָרמס, ווידער, הייליק געהאַלטן ווי די טייערסטע רעליקוויע, דעם בית-מדרש, וואו רש״י האָט תורה געלערנט ביי זיין רבין, רבי

(33) — קהלת ז. א. — אַ גוטער נאָמען איז בעסער פון גוטן אייל, און דער טאָג פון טויט, פון דעם טאָג וואָס מען ווערט געבוירן.

יעקב בן יקר; מען האָט געהאַלטן הייליק און טייער די שטול, אויף וועלכער רש״י זאָל געווען האָבן געזעסן אין די יאָרן פון זיין ישיבה־לערנען דאָרטן (34). דידאָזיקע פאַקטן און לעגענדעס, וואָס האָבן פאַרבונדן רש״ין מיט דער קהילה פון וואָרמס, האָבן לייכט געקענט דינען אַלס באַגלויבטן באַזע פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער ווערסיע, אַז רש״י איז אַ געבוירענער אין וואָרמס, דאַן אַ „עיר ואם בישראל" און ניט אין טרואַ, אַ רעלאַטיוו קליינע שטאָט, הגם דאַן איז זי געווען די הויפּטשטאָט פון שאַמפּאַן; איבערהויפּט איז מעג־לעך געוואָרן די אַנטשטייאונג פון אַזאַ ווערסיע נאָכדעם, ווי אין 14־טן יאָר־הונדערט, נאָכן גירוש פון אידן פון טרואַ, איז דידאָזיקע שטאָט לאַנג געבליבן כמעט אָן אידן: די אידן אין וואָרמס האָבן ניט געקענט דערלאָזן דעם גע־דאַנק, אַז רש״י, וואָס האָט אין דער שטאָט געלערנט, זאָל געווען האָבן גע־בוירן געוואָרן ניט דאָרט, נייערט גאָר אין ט ר ו אַ, וואו עס איז גאָר קיין אידן ניטאָ...

בנוגע דער ווערסיע, אַז רש״י איז געבוירן געוואָרן אין לונעל, אַ ווערסיע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן יאָרלאַנג, אפילו אין דער רבנישער ליטעראַטור, איז די זאַך גאָר פּשוט; דאָס שטאַמט פון טעותדיקער אויסטייטשונג פון די ראשי־תיבות רש״י. אין די ראשי־תיבות האָט מען געלייענט ניט ר ב י ש ל מ ה י צ ח ק י, נייערט ר ב י ש ל מ ה י ר ח י, וועלכער איז גע־בוירן געוואָרן אין לונעל איבער דריי הונדערט יאָר נאָך רש״יס טויט. דער דאָזיקער טעות אין דעם באַשייד פון די ראשי־תיבות איז אַנטשטאַנען ניט פריער, ווי אין דעם זעכצנטן יאָרהונדערט. עס איז כדאַי ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט צו דערמאָנען, אַז שלמה בן רבי יהודה פון לונעל איז געבוירן גע־וואָרן אין לונעל אין יאָר 1411; אין דער עלטער פון דרייצן יאָר, האָט דער דאָזיקער עילוי געשריבן שוין אַ פירוש צום „כוזרי" פון ר׳ יהודה הלוי, באַ־קאַנט אונטערן נאָמען חשק שלמה (35).

---

(34) די שול אין וואָרמס, מיט אַלע רעליקוויעס, זענען דורך די נאַציס פאַר־ניכטעט און פאַרברענט געוואָרן בעתן פּאָגראָם אין נאָוועמבער 1939.

(35) — ז. אויבן אין דער הערה 26, וועגן לעבן פון ר׳ שלמה בן יהודה פון לונעל, זען אין דער „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" פון בראָקהאַוז־עפראָן, ב. 14, זייטן 468—9. דער פאַרבייט אין די ראשי־תיבות האָט געקענט זיין אַ פּולשטענ־דיקער: רש״י — ר׳ שלמה יצחקי; און רש״י — ר׳ שלמה ירחי. אַלע געבוירענע גדולים פון לונעל האָבן געטראָגן דעם העברעאישן נאָמען ירחי.

— ב —

## די פּרינציפּן פון טענס טעאָריע וועגן גאונים אין דער אָנווענדונג צו רש״י

וועגן רש״ים פאַמיליע-אָפּשטאַם זיינען פאַראַן קנאַפּע ידיעות, עס איז אָבער קלאָר, אַז ער איז געווען פון אַ פאַמיליע פון תלמידי חכמים. זיין פאָטער ר׳ יצחק, איז געווען אַ למדן (36), רש״ים זיידע איז געווען, זעט אויס,

(36) — אין עבודה זרה דף ע״ה עמוד א׳ ווערט געבראַכט אין רש״י אַ פראַזע: „לשון אבא מורי מנוחתו כבוד והוא נראה בעיני״. א. מ. ליפשיץ, אין זיין דערמאָנטן ספר וועגן רש״י, זאָגט, אָבער, וועגן דעם ענין פאָלגנדיקעס: „רש״ים פאָטער איז געווען אַ בן-תורה״ און ער גיט-צו אין דער הערה 8: „רש״י ציטירט אים אָבער ניט אין זיינע פירושים; דאָס וואָס ווערט דערמאָנט אין „עבודה זרה״ ע״ה, איז אַ תוספת (צוגאָב) פון דעם רשב״ם (רשי״ס איניקל) אין נאָמען פון זיין פאָטער״. אויף וואָס ליפשיץ האָט באַזירט זיין באַמערקונג איז אונדז ניט באַקאַנט.

עס איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז דער נאָמען „רבי יצחק״, מיט וועלכן רש״י הויבט אָן זיין פירוש אויף תורה: „בראשית — אמר רבי יצחק: לא היה צריך להתחיל את התורה אלא מהחודש הזה לכם, שהיא מצוה ראשונה שנצטוו ישראל״ א. אַ. וו. — איז דער נאָמען פון זיין פאָטער; אונדז דאכט זיך, אָבער, אַז דאָס איז ניט ריכטיק, ווייל ווען רש״י וואָלט געווען דערמאָנען דעם פאָטער, וואָלט ער געוועסט זאָגן משום כבוד-אב „אבא מורי״, ווי ער זאָגט עס אין דעם אויבנציטירטן מאמר...

חוץ דעם ווערט דער אינהאַלט פון דעם דאָזיקן מאמר געבראַכט אין בראשית רבה.

אַז רש״ים פאָטער איז געווען אַ למדן איז קלאָר פון דעם, וואָס זיין ווייב איז געווען די שוועסטער פון רבי שמעון ב״ר יצחק, דער באַרימטער פייטן פון מאגענצא, ר׳ גרשמס אַ תלמיד, און רש״י דערמאָנט אים אין זיין פירוש אויף תלמוד (אין שבת דף פ״ה און ערובין מ״ב) ברענגענדיק געוויסע ענינים אין נאָמען פון ר׳ שמעון הזקן, זיין מוטערס ברודער, וואָס האָט געזאָגט אין נאָמען פון רבנו גרשם אבי הגולה (רש״י שבת פ״ה).

ר׳ א. ה. ווייס איז חולק אויף דער מיינונג, אַז רבי שמעון הזקן רש״ים פעטער און רבנו גרשמס תלמיד, איז דיזעלביקע פערזאָן, וואָס רבי שמעון הגדול, דער באַרימטער פייטן; דאָס פאַרמינדערט אָבער ניט די פעסטשטעלונג, אַז רש״ים פעטער איז געווען רבנו גרשומס אַ חבר, אַ תלמיד און אַ גדול בישראל.

ז. יעב״ץ, אין דער געשיכטע „תולדות ישראל״ ח. א׳ ז. 21, זאָגט, אַז מען האָט רש״ים פאָטער באַצייכנט מיטן נאָמען „קדוש״ און ער באַגרינדעט עס אויף אַן אַלטן כתב-יד פון פירש״י, וואָס געפינט זיך אין פּאַרמער און אין פּאַריזער ביבליאָטעק, וואו עס ווערט געזאָגט: „רש״י בן הקדוש ר׳ יצחק זצ״ל״. אַ סתם איד וואָלט מען ניט אָנגערופן קדוש, און וואָלט דאַן זיך ניט משדך געווען מיט ר׳ שמעון הזקנס אַ שוועסטער.

אַ גאָר גרויסער למדן, חכם אין תורה און חסיד אין מעשים; זיין נאָמען איז געווען רבי בנימין בר שמואל פון קאָסטאַני; רש״י אליין האָט אים באַצייכנט מיטן טיטל: „עיר וקדיש״, אַ מלאך און אַ הייליקער (37).

עס איז פאַראַן, נאָך אַלע אָפּפרעגענישן און אַנדערע מיינונגען, פיל אמתדיקס אין די דריי פּרינציפּן, וואָס דער גרויסער פראַנצויזישער עסעאיסט און היסטאָריקער ה י פּ אָ ל י ט  ט ע ן — רש״י איז דאָך אויך געווען אַ געבוירענער אין פראַנקרייך — ווענדעט אָן צו דער דערקלערונג און אָפּשאַצונג פון דאָס דערשיינען פון אַ גרויסן מאַן, פון אַ זשעני: אָפּשטאַם (גזע), מיליע (סביבה) און מאָמענט (צייט). דידאָזיקע דריי פּרינציפּן צוזאַמענגענומען אַלע אָדער באַזונדער דאַרפן דערקלערן דאָס אַנטשטיין, דאָס אויפקומען פון אַ הויך טאַלענטירטער פּערזענלעכקייט. סתם אַזוי דערשיינען זעלטן זשעניען: עס מוז זיין אין דער סביבה, אין דעם אָפּשטאַם אָדער אין דער צייט, אויב ניט אין אַלע דריי זאַכן צוזאַמען, אַזעלכעס, וואָס ברענגט צו דער אַנטשטייאונג, צום געבורט און צו דער אויספורעמונג פון אַ גאון.

מיר האָבן געבראַכט דידאָזיקע, אין פלוג זייטיקע, באַמערקונג, כדי צו דערקלערן פאַרוואָס איז אונדז וויכטיק געווען צו אָפּשטעלן זיך אויספירלעך אויף רש״יס אָפּשטאַם, דערוויינדיק, הגם עס איז פאַראַן קנאַפּ דאַטן, אַז ער האָט געשטאַמט פון אַ משפחה פון לומדים, פון תלמידי חכמים און יראי שמים, נאָענטע צום גרעסטן אין דעם דור פאַר אים, צו רבנו גרשם. דער ערשטער פּרינציפּ פון טענס טעאָריע ווערט פּערפעקט באַשטעטיקט אין דער אָנווענדונג צום פאַל פון רש״י.

איבעריקנס, האָט צענדליקער יאָרהונדערטער פאַר טענען פאָרמולירט דעמזעלביקן פּרינציפּ, עטוואָס אַנדערש, אָבער שאַרפער און קאַטעגאָרישער, אונדזער תלמוד אין איינעם אַ מאמר, וואָס לויטעט, אַז „די תורה קערט זיך געוויינטלעך אום צו איר אכסניא״ (38).

(37) — „עיר וקדיש  ז ק נ נ ו  הרב ר׳ בנימין בן שמואל זכר קדוש לברכה אמר״ — דער מלאך און הייליקער רבי בנימין בן שמואל, זאָל די דערמאָנונג פון אַ הייליקן זיין צו ברכה, האָט געזאָגט — א. א. וו. „פרדס״ סימן קע״ד.

(38) — אין בבא מציעא דף פ״ה: „אמר ר׳ פרנך אמר רב יוחנן: כל שהוא תלמיד חכם ובנו תלמוד חכם ובן בנו תלמוד חכם, שוב אין תורה פוסקת מזרעו לעולם, שנאמר (ישעיה נ״ט): „ואני זאת בריתי. לא ימושו מפיך ומפי זרעך ומפי זרע זרעך, אמר ד׳ מעתה ועד עולם״? מאי מעתה ועד עולם... אמר ר׳ ירמיה מכאן ואילך תורה מחזרת על אכסניה שלה״ (ר׳ פרנך האָט געזאָגט, רבי יוחנן האָט גע־

אונדזער פאָלקס-אינטואיציע איז אין דעם פּרט געווען שאַרפער נאָך און האָט זיך ניט באַנוגנט מיט דריי דורות תלמידי חכמים, וואָס זיינען באַקאַנט פון רש״יס אָפּשטאַם, נאָר זי האָט אים לעגענדאַריש, פאַרבונדן מיטן אָפּשטאַם פון דעם תנא ר׳ יוחנן הסנדלר (39) און געצויגן ווייטער און ווייטער רש״יס יחוס-קייט ביז דוד המלך.

ניט ווינציקער אָנווענדבאַר איז אויך דער צווייטער פּרינציפּ פון טענס שיטה, דורך וועלכער עס ווערט דערקלערט דאָס דערשיינען פון אַ גאון: די נויטיקייט פאַר דעם פון אַ צוגעפּאַסטער סביבה. אַזאַ האָט געוויס ניט געפעלט אין משך פון דעם גאַנצן פּראָצעס פון רבנו שלמהס דערציונג און זיין אויספורעמונג אין תורה, חכמה און מידות טובות ביז וואַנען ער איז געוואָרן... רש״י.

געבוירן אין אַזאַ הויז, ווי ר׳ יצחקס, אַ הויז פון לומדים און תלמידי חכמים און האָבנדיק אַלס מוטער ר׳ שמעון הזקנס שוועסטער, האָט דער קינפטיקער רש״י, פון דער פריעסטער יוגנט אָן איינגעזאַפּט אין זיך תורה און מידות טובות, וואַקסנדיק אין אַ סביבה פון תורה און פרומקייט. עס לאָזט זיך דערנעקען, אַז די ערשטע תורה אין מקרא, משנה, און הלכה — די הויפּט-לימודים, אויב ניט די איינציקע, וואָס אידישע קינדער אין פראַנקרייך האָבן דאַן געלערנט — האָט דער יונגער ר׳ שלמה באַקומען פון זיין פאָטער זעלבסט. עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז אַזאַ פרומער איד און למדן ווי ר׳ יצחק, זאָל זוכן צו מקיים זיין די מצות עשה פון „ושננתם לבניך״.

באַקומען די ערשטע דערציונג, ווי מיר זאָגן איצט, אין דער היים, האָט

---

זאָגט: ווער עס איז אַ תלמיד חכם און זיין זון איז אַ תלמיד חכם און דער זון פון זיין זון איז אַ תלמיד חכם, וועט די תורה מער זיך ניט אָפּווענדן שוין פון זיין אָפּשטאַם אויף אייביק; דען עס איז געזאָגט אין ישעיה נ״ט: „און איך — דאָס איז מיין בונד מיט זיי, זאָגט גאָט: מיין גייסט וואָס אויף דיר, און מיינע ווערטער, וואָס איך האָב אַריינגעטון אין דיין מויל, וועלן זיך ניט אָפּטון פון דיין מויל, און פון דעם מויל פון דיינע קינדער און פון דעם מויל פון דיינע קינדס קינדער פון אַצינד און ביז אייביק״. וואָס מיינט ער מיט די ווערטער „פון אַצינד און ביז אייביק?״ האָט געזאָגט רב ירמיה: פון דאַן און ווייטער זוכט די תורה אליין צו אומקערן זיך שוין צו איר אכסניה״.

(39) — ר׳ יוחנן הסנדלר — אַ תנא פון צווייטן יאָרהונדערט, איינער פון ר׳ עקיבאס עלטסטע תלמידים, וואָס האָט דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט אים דעם בר־כוכבא־אויפשטאַנד און די רעליגיעזע רדיפות פון אדריינוס־קיסר.

ער פאַרגעזעצט צו לערנען, וואַרשיינלעך, ביי זיין פעטער ר' שמעון הזקן, וועלכער האָט אין אים געוועקט ליבע צו תורה (40). אַז רש"י האָט פיל יאָרן געלערנט אין דער היים, אָדער אין די דערבייאיקע פראַנצויזישע שטעט, איז צו דרינגען פון דעם, וואָס ווען ער איז אַוועק אין די ישיבות פון לותיר (לאָטרינגען) איז ער געווען שוין אַ באַווייבטער. רש"י אַליין דערציילט אין אַ תשובה, אַז ווען ער האָט געלערנט אין די ישיבות אין דייטשלאַנד האָט אים „געפעלט ברויט, קליידונג, ער האָט געהאַט מילשטיינער אויף זיין האַלדז" (אַ תלמודישע מעטאַפאָרע וועגן דעם עול פון פאַמיליען-לעבן) און ער האָט געדינט פאַר זיי, פאַר זיינע לערער אין תורה (41).

עס איז פון דעם צו זען: ערשטנס, אַז רש"י איז אָפּגעפאָרן אין די ישיבות פון רהיינלאַנד, ווען ער איז שוין געווען אַ באַווייבטער; צווייטנס, אַז אַזוי ווי ער האָט ביז דאַן אויך געלערנט תורה, איז עס געווען אין דער היים, אין טרואַ, וואו די סביבה פון זיין פאָטערס שטוב, אָדער פון זיין פעטערס הויז און, וואַרשיינלעך אויך פון זייערע פריינט, איז געווען אַ סביבה פון תורה; און דריטנס איז פון דעם צו דרינגען, אַז רש"י האָט חתונה-געהאַט גאָר יונג — וואַרשיינלעך האָט ער מקיים געווען דעם מאמר: „בן שמונה עשרה לחופה (42), וואָרים אַז ער איז צוריקגעקומען פון די ישיבות פון דייטשלאַנד, וואו ער האָט פאַרבראַכט יאָרן און האָט זיך דעפיניטיוו באַזעצט אויף זיין גאַנץ לעבן אין טרואַ, איז ער אינגאַנצן אַלט געווען פינף-און- צוואַנציק יאָר.

מיר זעען אַלזאָ, אַז פון פאָטערס הויז אָן, האָט רש"ין באַגלייט זיין גאַנצע קינדהייט, זיין בחורשאַפט, אַ סביבה פון תורה, פון יראת שמים, פון

---

(40) — א. מ. ליפשיץ: „רש"י, ז. 17. דאָרט ווערט אויך געבראַכט אַ מאמר פון אַ רש"י אין מסכתא סוכה, דף מ', וואו רש"י זאָגט, אַז: "פון זיין יוגנט האָט ער זיך באַמיט אין אַלע שיטות פון ש"ס צו קאָאָרדינירן די פירושים פון זיינע לערער („מנעוריו טרח בכל צדי שיטות הש"ם ליישב פירושי רבותיו), אַלס באַ־ וויז, אַז אין זיין יוגנט האָט רש"י געלערנט פיל אין זיין געבורט־שטאָט טרואַ, איידער ער האָט פאַרלאָזט די היים צו פאָרן אין די לאָטערינגער ישיבות.

(41) — אין רש"יס אַ תשובה (זי ווערט ציטירט אין „חופש מטמונים" י"ד), האָט רש"י וועגן זיך אַליין געזאָגט: „בדברים אז הגיתי לפני מלמדי, כי חסר־לחם ועדי־לבוש ורחיים על צווארי שמשתי לפניהם" — ציטירט לויט גרעצס-שפר"ם דברי ימי ישראל, חלק ד', עמוד 84 און לויט „תולדות ישראל", ז. יעב"צס חלק י"א, זייט 22.

(42) — פרקי אבות ה־כ"ד — אין דער עלטער פון אַכצן : די חופה.

גאַנצער אידישקייט, ווי דאָס איז אין יענער צייט פאַרשטאַנען געוואָרן. דער מאָמענט פון אויסבילדונג, ווען דער קינפטיקער גאון האָט דורכגעמאַכט די צייט פון זיין גייסטיקער הכשרה, אַזוי צו זאָגן, האָט געהאַט, פאַלגלעך, די געהעריקע סביבה, די מיליע, וואָס איז נויטיק געווען פאַר אַזאַ אויספאַרמירונג.

און דאָס דאָזיקע, די נויטיקע סביבה, האָט שפּעטער, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזט זיין היים און מקיים געווען דעם מאמר חז״ל: „הוי גולה למקום תורה (43) רש״י געפונען אין די ישיבות, וואו ער האָט געלערנט אין וואָרמס פריער, שפּעטער אין מיינץ (מאַגענצאַ) אין דער באַרימטער ישיבה פון רבנו גרשום און, מעגלעך, אויך אין דער ישיבה פון שפּייער (44), וואו דער גייסט פון תורה און מידות טובות, ברודערשאַפט צווישן די תלמידים, פריינטשאַפט מיט די לערער-רבנים, עניוות און פרומע וואַרהאַפטיקע האַנדלונגען אין אַלע מעשים און ווענדונגען, האָט אָנגעהאַלטן אין אַ גאָר הויכער מדריגה.

אין אַזאַ סביבה פון תורה און מידות טובות, פון ערנוועריטיקער פרומקייט, רואיקייט אין גייסט, עניוות און געוואַלטיקער ליבע צו תורה, אַלס דער העכסטער און וויכטיקסטער ציל אין לעבן, האָט רש״י זיך אַנטוויקלט, אַלזאָ, פון זיין פריעסטער יוגנט, אין דער היים און אין זיינע וואַנדערונגען איבער די דערמאָנטע ישיבות פון דייטשלאַנד, וואו ער האָט געזוכט און געפונען תורה. דאָס האָט אָן שום ספק געווירקט אויף דער אויסבילדונג פון דעם קינפטיקן גאון און שעפער פון פירושים, שאלות ותשובות און איינשטעלער — אַלס ערשטער — פון רבנות ביי אידן.

און דיזעלביקע סביבה, אַזאַ פרוכטבאַרע פאַר דער אויסבילדונג אין תורה, פאַר דער אַנטוויקלונג און אויסשטאַלטונג פון גדולים אין ישראל, האָט רש״י

(43) — פרקי אבות — ד—י״ח. זיי פאַרוואָגלט צו אַן אָרט פון תורה.

(44) — מיר האָבן געזאָגט מעגלעך, ווייל ס׳איז ניט זיכער צי רש״י האָט געלערנט אויך אין דער ישיבה פון שפּייער ביי ר׳ אליקום, צי רבי אליקום איז געווען נאָר זיינער אַ פריינט און חבר און געלערנט האָט רש״י נאָר אין די ישיבות פון וואָרמס און מיינץ.

גרעץ איז מיט דער ערשטער מיינונג און מיט אים זיינען שטאַרק מחולק אַזעלכע אויטאָריטעטן, ווי אייזיק הירש וויס און אַנדערע. ליפשיץ, אין זיין פאָרטרעפלעכער מאָנאָגראַפיע ברענגט בכלל ניט, אַז רש״י זאָל האָבן געלערנט אין דער ישיבה פון שפּייער.

איינגעשטעלט דערנאָך ביי זיך אַליין אין זיין אייגענער היים און זיין ישיבה, פון וואַנען ער האָט דערנאָך צענדליקער יאָרן פאַרשפּרייט תורה און געלערנט אידן דורך זיין לעבנס-ביישפּיל און דורך זיינע מידות, ניט ווייניקער ווי דורך זיינע פּירושים.

וועגן רש״ים לעבנס-פּאַסירונגען ווייסן מיר קנאַפּ וואָס. עס איז אַפילו ניט אַריבער אין דער געשיכטע דער נאָמען פון זיין מוטער, ניט דער נאָמען פון זיין פרוי. ניט געקוקט אויף זיין גרויס באַרימטקייט פון דער פריעסטער יוגנט זיינער, ניט געקוקט, וואָס ער האָט געלאָזט אַ דור פון תלמידי חכמים; איידעמס און אייניקלעך, אַזעלכע באַרימטע ווי דער רשב״ם, דער ריב״ם און רבנו תם — די גרינדער און ערשטע בעלי-תוספות — ווייסט מען כמעט גאָרניט, וועגן זיין לעבן, וועגן די פּאַסירונגען אין זיין קינדהייט, אין זיין בחורשאַפט, ניט אויך שפּעטער, אין די יאָרן פון ע מ י ד ה און פון באַ-רימטקייט שוין אין כל תפוצות ישראל. דאָס פּריוואַטע לעבן אַפילו פון גדולים אין ישראל האָט ניט באַשעפטיקט די אויפמערקזאַמקייט פון זייער דור און די נאָכקומענדיקע דורות האָבן נאָר געזוכט צו וויסן זייערע מעשים, ווי רש״י אַליין האָט עס קורץ און טרעפלעך אויסגעדריקט אין זיין פּירוש צום ערשטן פּסוק פון פּרשה נח — וואָס מיר האָבן געשטעלט אַלס איינעם פון די עפּיגראַפען צו דעם דאָזיקן פּרק: „עיקר תולדותיהם של צדיקים — מעשים טובים", דאָס וויכטיקסטע אין דער ביאָגראַפיע פון צדיקים און גדולים איז ניט וואָס מיט זיי געשעעט, נייערט זייערע מעשים טובים...

דאָס ביסל, וואָס מען האָט אַרויסבאַקומען וועגן רש״י, זיין לעבן און זיין פאַמיליע, איז אַמיינסטן פון די איינצעלנע אָנדייטונגען, צופעליקע שטעלן וואָס מען געפינט אין זיינע פּירושים, אין זיינע תשובות צו רבנים און קהילות, ווי אויך אין אַנדערע ספרים פון זיינע תלמידים, זיינע אייניקלעך און איי-דעמס, און אַנדערע רבנים און גדולים פון זיין דור, אָדער פון תיכף נאָך אים. דאָס דאָזיקע באַציט זיך, אָבער, נאָר און הויפּטזעכלעך, צו דער גייס-טיקער פיזיאָנאָמיע פון רש״ין, צו דער פּ ע ז ע נ ל ע כ ק י י ט. וואָס האָט געהייסן רש״י, צו זיינע כאַראַקטער-שטריכן, שטעלונגען צו פראַגן אין דעם דאַמאָלסטיקן אידישן לעבן, צו זיינע מידות, וועלט-באַנעם, אַזוי צו זאָגן, צו זיין באַציונג צו אידישע מאַסן, צו ניט-אידן, צו... אַנוסים.

וועגן קאָנקרעטע פּאַסירונגען, וואָס זאָלן געווען האָבן און געקענט פאָר-קומען אין רש״ים לעבן, ווי אין לעבן פון יעדן מענטשן, וועגן טאָג-טעגלעכע

פריידן און ליידן — א ו י ס ע ר ד ע ר פ ר י י ד פ ו ן ד ע ר ת ו ר ה, וואָס איז געווען זיין גרעסטע פרייד, און א ו י ס ע ר ד י ל י י ד ן פ ו ן א י ד י ש ע צ ר ו ת, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן מיטן אָנהויב פונם ערשטן קרייצצוג, ווען רש"י איז אַלט געווען דאָס זעקס און פופ־ציקסטע יאָר און וואָס זיינען געווען זיינע גרעסטע ליידן — וועגן טעגלעכע פריידן און ליידן, וואָס רבי שלמה יצחקי האָט געוויס געהאַט איבערגעלעבט, פריער אַלס קינד אין הויז פון זיין פאָטער (וועגן וועמענס באַשטעטיקונג מען האָט לחלוטין קיין שום ידיעות, שפּעטער אַלס ישיבה־מאַן, פריער אין די ישיבות פון וואָרמס און מיינץ און דערנאָך אין דער היים ביי זיך, אין טרואַ, אַליין שוין רב, מפרש, ראש־ישיבה אין זיין געמיינדע און אויטאָריטעט אין אַלע אידישע ענינים, פון נאָענט און פון ווייט; וועגן יענעם גאַנצן קאָמ־פּלעקס פון געשעענישן, טרויעריקע אָדער פריידיקע, וואָס באַגלייטן יעדן מענטשן און וואָס ווערן באַצייכנט מיטן נאָמען איבערלעבונגען — וועגן דעם איז כמעט קיין שום מאַטעריאַל ניט פאַרבליבן און קיין שום ידיעות ניט פאַראַן. „עיקר תולדותיהם של צדיקים מעשים טובים"; דאָס הויפּטזעכלעכע אין דער לעבנס־געשיכטע פון צדיקים איז מעשים טובים.

עס קען, אַלזאָ, קיין רייד ניט זיין וועגן אַ ביאָגראַפיע פון רש"י, אין דעם זין, ווי מיר פאַרשטייען א י צ ט אַלס ביאָגראַפיע: אַ דערציילונג, שילדערונג פונם לעבן פון אַ גרויסן מאַן, באַזירט אויף דאָקומענטירטע פאַקטן און געשעענישן, וואָס האָבן אַזוי אָדער אַנדערש געווירקט אויף דער אויספּו־רעמונג פון זיין כאַראַקטער פון זיין גאונות; אַ שילדערונג פון אַ העלד — אַ גייסטיקן, געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן, מיליטערישן אָדער אינטעלעקטועלן — אינערהאַלב פון זיין סביבה און פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער האָט זיך אויסגעפורעמט, אין וועלכער ער האָט אַקטואירט און געווירקט און וועלכע האָט געווירקט אויף אים, אָדער אַ שילדערונג, וואָס זאָל זיין באַ־גרינדעט אויף אַ וואַרהאַפטיקער רעקאָנסטרוקציע פון דעם לעבן פונם העלד, באַגרינדעט אויף פעסטגעשטעלטע פאַקטן, געשעענישן, דאָקומענטן, שמועסן, אַקטואַציעס און אינטערווענצן, וואָס באַציען זיך צו פאַרשיידענע צייטן און פעריאָדן אין דעם לעבן, אַקטיוויטעט און ווירקונג אויף זיין סביבה, געזעל־שאַפט און צייט פון דעם ביאָגראַפירטען.

וועגן אַזאַ ביאָגראַפיע פון רש"י קען קיין רייד ניט זיין: עס איז קיין מאַטעריאַל ניט פאַרבליבן. דערפאַר אָבער איז פאַראַן און פאַרבליבן גענוג

מאטעריאַל צו שילדערן רש"ים גייסטיקע פיזיאָנאָמיע, זיין גרויסע עטישע פערזענלעכקייט און די אומגעהויערע השפעה, וואָס ער האָט געהאט אויף זיין דור און קומענדיקע דורות, דורך זיין עטישקייט, דורך זיין לויטערקייט און גייסטיקער רואיקייט אין דעם שוים פון דער תורה, וואָס ער האָט מבאר געווען און אין דעם לעבן לויט דער תורה — דער גלייכגעוויכט פון וועלכער איז קיינמאָל ניט געשטערט געוואָרן; און דערדאָזיקער מאַטעריאַל, דאָס זיינען זיינע אומפארגלייכלעכע פירושים, דורכגעזאַפטע מיט ליבע צום פאָלק ישראל און צו מענטשן בכלל, זיינע תשובות, אין וועלכע מען זעט זיין לעבנס-חכמה, זיין לעבנס-קענטעניש, זיין באַציונג צום לעבן און צו די פראַגן און זאָרגן פון זיין צייט.

— ג —

## רש"י אין די ישיבות פון „חכמי לותיר"

אין דער עלטער פון ניינצן (אויב ניט פריער מיט א יאָר) איז שלמה בר יצחק, באַוואָפנט מיט א היפשן באַגאַזש פון תורה און אידישן וויסן, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין דער היים, אין זיין שטאָט טרוא — דאַן די הויפט־שטאָט פונם פירשטנטום שאַמפאַן — אַוועק אויף זיין וואַנדער-וועג צו א מקום תורה: אין די ישיבות פון „חכמי לותיר", וואו עס זיינען געזעסן די חכמים און גדולים פון יענער צייט, די תלמידים פון רבנו גרשם מאור הגולה.

צוערשט איז ער געפאָרן אין די ישיבות פון ו ו ר מ י ז א - וואָרמס, וואו ער האָט א לאַנגע צייט געלערנט תורה ביי ר' י ע ק ב  ב ן  י ק ר, ראש פון יענער ישיבה און איינער פון רבנו גרשמס באַקאַנטסטע און באַליבטסטע תלמידים. רש"י אליין האָט שפּעטער באַטראַכט רבי יעקב בן יקר פאַרן הויפּט פון זיינע לערער אין תורה און פאַרן מוסטער אין מידות טובות און מעשים. אין צענדליקער ערטער אין זיין פירוש אויף תלמוד, דערמאָנט אים רש"י מיטן נאָמען „דער לערער פון גמרא און פון מקרא" און ר' יעקב בן יקרס לערע (יסודו של יעקב) איז געווען פאַר רש"י א לאַנגע צייט, ווי א האַנטבוך (45).

---

(45) — מורה הגמרא והמקרא — רופט אים אָן רש"י. ער דערמאָנט אים אָפט פשוט מיטן נאָמען „רבנו יעקב בן יקר" אָדער „רבי יעקב" אָדער „שמעתי מפי מורי הזקן", אָדער „בשם רבי".

אין פסחים דף קי"א (אויך אין רשב"ם), חולין מו, ביצה כ"ד, ראש השנה כ"ה,

אין יענער ישיבה האָט רש"י איינגעזאַפּט אין זיך דאָס רוב, דאָס הויפּטזעכ־לעכע פון דער תורה, וואָס ער האָט שפּעטער אַליין, איבערפאָרמירט אין דעם גייסטיקן לאַבאָראַטאָריום פון זיין געניאַלער לויטערער פּערזענלעכקייט, ביז עס האָט זיך באַקומען דאָס אומפאַרגלייכלעכע ווערק, וואָס הייסט פּירוש אויף תנ"ך און פּירוש אויף גמרא.

עס איז באַקאַנט, פון פיל פאַקטן, שאלות און תשובות און פון דער־ציילונגען פאַרבליבענע פון זיינע תלמידים — צווישן זיי רש"י — אַז ר' יעקב בן יקר, חוץ וואָס ער איז געווען אַ גרויסע פיגור אין תורה, איז ער געווען אַ גרויסער בעל-מידות. אין רש"ים תשובות-ספר „פּרדס", און אין דעם מחזור וויטרי, וואָס איז אייגנטלעך רש"ים תורה און מנהגים, נאָר געזאַמלט און ארויסגעגעבן דורך איינעם פון רש"ים עלטסטע תלמידים, ווערן דערציילט און געבראַכט פאַקטן און מאמרים, וואָס כאַראַקטעריזירן די עטישע גרויס־קייט פון ר' יעקב בן יקר, רש"ים הויפּט-רבי (46).

ער האָט, אָן שום ספק, געדינט פאַר זיין יונגן תלמיד, שלמה בר יצחק פון טרויא, אַלס מורה-דרך, אַלס ביישפּיל, ווי צו אויספורעמען דעם כאַראַק־טער, ווי צו איינפעסטיקן זיך אין די מידות פון עניוות, אמת, ליבע צו שלום, טאָלעראַנץ צו מיינונגען פון אַנדערע, ליבע צו פּשטות, אַנטלויפן פון כבוד, ניט וועלן אימפּאָנירן דווקא זיין מיינונג און אַלע אַנדערע איידעלע, דערהויבענע שטריכן, מיט וועלכע רש"י האָט זיך אויסגעצייכנט, אין משך פון זיין גאַנץ לעבן און וועלכע זיינען אַזוי אָנזיכטיק אין זיינע ספרים און פּירושים.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע פון דער מיליע, פון דער סביבה, אין וועל־כער דער קינפטיקער גאון האָט זיך געפונען אין זיין יוגנט אין דער צייט סאָמע ווען עס געשטאַלטעט זיך אויס דער כאַראַקטער פון דער פּערזאָן.

ווען רבי יעקב בן יקר איז געשטאָרבן, האָט רש"י פאָרגעזעצט צו לערנען אין דערזועלביקער ישיבה, וועלכע איז ווייטער אָנגעפירט געוואָרען פון ר' י צ ח ק ה ל ו י, אויך איינער פון ר' גרשמס תלמידים מובהקים. ר' יצחק

---

ביצה ב. זבחים נ"ו, סוכה ל"ה און מ"ה. — ציטירט לויט „תולדות ישראל" פון ז. יעב"ץ, חלק י"א, זייט 22 און, טיילווייז, לויט ליפּשיצעס דערמאָנטן ספר וועגן רש"י.

(46) — די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דעם מער אויספירלעך זאָלן מעיין זיין אין „מחזור וויטרי" שכ"א און אין דעם „הפּרדס", פון וועלכן חוץ דער אַל־טער, איז פאַראַן אויך אַ נייע אויפלאַגע.

הלוי, באקאנט אונטער די באַצייכנונגען „סגן לויה", „האשל" (47) און „רבנו הלוי", מיט וועלכע רש"י און זיין דור באַצייכנען אים, האָט, ווי עס איז קענטיק, פאַרגעזעצט די טראַדיציע פון תורה און מידות טובות, וואָס האָט געהערשט אין דער ישיבה פון וואָרמס; און די אויספאַרמירונג פון דעם כאַראַקטער פון דעם קינפטיקן גדול בישראל האָט, משמעות, ניט געליטן פון דעם, וואָס עס האָט זיך געביטן דער „קברניט" (48) אין דער אָנפירונג פון דער ישיבה־שיף.

אין יענער ישיבה האָט אויך רש"י אַריינבאַקומען אַ גוטן ליבן חבר, טאַקע דעם ראש ישיבה, רבנו יצחקס אַ זון, רבי יעקב, וועלכער איז אויך געווען אַ גדול בתורה און אַריבער אין דער רבנישער ליטעראַטור אונטער דעם נאָמען רבי יעבץ (49). און וואַרשיינלעך האָט דיזאַזיקע פריינטשאַפט, וואָס איז צווישן זיי אָנגעקניפּט געוואָרן אין דער ישיבה און וואָס האָט געווים געהאַט אַ קענגנזייטיקע השפעה אויףביידן, אָנגעהאַלטן אויך שפּעטער, נאָכדעם ווי רש"י איז אַרויס מחוץ די ווענט פון די בתי-מדרשים און ישיבות אין לותיר, כדי צו אַריין אין די פיר ווענט פון דעם אייגענעם בית-מדרש און ישיבה, וואָס ער האָט געגרינדעט אין זיין געבורטס-שטאָט טרואַ.

---

(47) — „האשל" — איז דער טייטש דער בוים, לויטן פסוק „ויטע אברהם אשל". אין תלמוד ווערט באַנוצט אַלס מעטאַפאָרע פאַר גרויסע תלמידי חכמים, דער אויסדרוק „אשלא רברבי" (ביצה, דף כ"ז), אַ גרויסער, פאַרצווייגטער בוים און פון דאָרט איז עס אַריבער אין דער רבנישער ליטעראַטור, אין תשובות פאַר דער באַצייכנונג פון אַ גדול בתורה.

אינטערעסאַנט דאָ צו באַמערקן, אַז רש"י, אין זיין פירוש אויף דעם אויס־דרוק „אשלא רברבי", אין דעם ציטירטן אָרט אין תלמוד, באַצייכנט עס ניט אַלס ב ו י ם, נאָר אַלס „שטריק". „אשלא רברבי", פאַרטייטשט רש"י, „מיט גרויסע, דיקע שטריק, וואָס איז שווער צו צערייסן, כלומר: גרויסע תלמידי חכמים", וואָס איז שווער צו באַשטרייטן זייער מיינונג.

(48) — „קברניט" — אָנפירער פון אַ שיף; מעטאַפאָריש, אין תלמוד, אָנפי־דער, ראש פון יעדער זאַך.

(49) — יעב"ץ — איז דער ראשי־תיבות פון יעקב בן יצחק אין „תשובת ר"של ווערט געבראַכט: „רבנו יעקב בן יצחק סגן לויה, וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון רש"י און ווערט גערופן רבנו יעב"ץ"...

ציטירט לויט ז. יעב"צס „תולדות ישראל", ח. י"א' הערה 12, צום עמוד 22.

וואָרמסער ישיבה האָט, אָבער, קענטיק, נאָך ניט אינגאַנצן באַפרידיקט די דורשט נאָך תורה און גיריקייט נאָך אידיש וויסן, וואָס די נשמה פונם יונגן רבי שלמה האָט געשפירט. פאַרוואָגלט אַלס פרוש פון זיין יונגער פרוי, וואָס ער האָט געלאָזט אין דער היים און וועלכע ער פלעגט באַזוכן נאָר אין די ישיבה־„וואַקאַציעס" יום-טוב-צייט, ווען ער פלעגט, וואַרשיינלעך, קומען אַהיים — ווי דער מנהג איז געווען דאַן און פאַרבליבן ביז דער גאָר לעצטער צייט אין די ישיבות — האָט רבי שלמה יצחקי געטראַכט, אַז מיט דער וואָרמסער ישיבה אַליין האָט ער ניט גענוג נאָך מקיים געווען דעם „והוי גולה למקום תורה" און דעם „והוי מתאבק בעפר רגליהם והוי שותה בצמא את דבריהם (50). אים האָט עס געצויגן קיין מיינץ, אין דער ישיבה וואָס רבנו גרשם מאור הגולה האָט געגרינדעט און וואו עס האָט געשוועבט זיין גייסט, אָנגעהאַלטן זיין אופן פון למוד, וואו זיין תורה איז נאָך געווען פריש, פאָרגעזעצט ווייטער דורך זיינע תלמידים נאָכפאָלגער, וואָס האָבן, נאָך זיין טויט, פאַרנומען זיין פּלאַץ אין דער אָנפירונג: פריהער ר ב י א ל י ע ז ר ה ג ד ו ל און דערנאָך, אין רש"יס צייט, רבי יצחק בן יהודה.

אין מיינץ — אין דער רבנישער ליטעראַטור און טראַנסקריפּציע „מגנצא" אָדער „מגנצה" (51) — איז אין יענער צייט געווען איינע פון די פּרעסטיזש־פולסטע ישיבות, און פון די וויכטיקסטע; מען האָט דאָרטן געלערנט לויטן נוסח פון ש"ס, וואָס רבנו גרשם אַליין האָט טגיה געווען און לויט דער טראַ־דיציע פון זיינע פירושים; חוץ תלמוד האָט מען געלערנט דאָרטן אויך תורה און נ"ך (אין קעגנזאַץ צו דעם, וואָס איז מיט יאָרנהונדערטער שפּעטער גע־וואָרן דער מנהג אין די ישיבות פון ליטע, פוילן און רייסן, וואו תנ"ך איז אינגאַנצן ניט געלערנט געוואָרן).

עס שיינט, אַז דאָס לערנען תנ"ך איז געווען איינגעפירט אין אַלע ישי־בות פון די „חכמי לותיר" און שפּעטער האָט עס אַריבערגעטראָגן רש"י אויך

(50) — פרקי אבות: א' ד. „זאָלסט זיך שטויבן אין דער ערד פון זייערע פיס, און טרינקען מיט דורשט זייערע רייד (וועגן תלמידי חכמים).

(51) — מ ג נ צ ה — די פאַרהעברעאיזירטע טראַנסקריפּציע פון דעם אַלטן נאָמען מאַגענצא (מיינץ) האָט געגעבן פּלאַץ די מיטלאַלטערלעכע פּייטנים צו מאַכן אַ שפּיל־וואָרט: „מגנצה", מיינט צו זאָגן מגן־צינה, אַ שוץ און אַ פּאַנצער איז די שטאָט געווען פאַר תורה און פאַרן אידישן גייסט דורך דער גרויסער ישיבה, וואָס רבנו גרשם מאור הגולה האָט אין איר געגרינדעט .

אין זיין ישיבה, אין טרוא, און פאַרגעזעצט און אויסגעברייטערט דעם דאָזיקן מנהג. וואָס אָבער זיכער איז, אַז אין דער ישיבה פון רבנו גרשם אין מיינץ, אין דער צייט, ווען רש"י האָט דאָרט געלערנט, אונטער דער לייטונג פון דעם שוין דערמאָנטן רבי יצחק בן יהודה — וועלכער איז, אגב, געווען רש"ים אַ קרוב, וואַרשיינלעך פון דער מוטערס זייט, פון דער זייט פון ר' שמעון הזקן — האָט דאָס לערנען פון תורה נביאים וכתובים מיט באורים און פירושים, פאַרנומען אַ גאַר חשובן פלאַץ אין דער פּראָגראַמע פון לימודים. דאָס איז צו זען פון פאַרשיידענע פלעצער אין רש"ים פירושים, וואו עס ווערט אָנגעדייטעט אויף דעם און פון אַנדערע מקורות פון רש"ים בני־דור.

אין מיינץ האָט רש"י פאַרבראַכט עטלעכע יאָר. דאָרטן האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט דירעקט צו באַקענען זיך מיט די קונטרסים אויף פאַרשיידענע מסכתות, וואָס האָבן געשטאַמט פון רבנו גרשם אַליין, וועלכער איז ערשט מיט לערך צוויי צענדליק יאָר פאַר דעם נסתלק געוואָרן, און פאַרגלייכן די פאַרשיידענע נוסחאות פון די ש"ס מאַנוסקריפּטן מיט דעם קאָרעגירטן נוסח, וואָס רבנו גרשם האָט געמאַכט פאַר זיך און אַלס אָנגענומענעם טעקסט פאַר זיין ישיבה. דאָסדאָזיקע האָט געדינט פאַר רש"ין אַלס באַזע פאַר זיין גיגאַנטישע, כמעט איבערמענטשלעכע אַרבעט, וואָס ער האָט שפּעטער אָנגעהויבן, פאַרגעזעצט און דורכגעפירט, אין די צענדליקער יאָרן פון זיין לעבנס־אַרבעט אין זיין ישיבה: דאָס שאַפן אַ דעפיניטיוו־דעפּורירטן און רעדאַקטירטן טעקסט פון תלמוד בבלי און שאַפן פאַר אים דעם דעפיניטיוון פּירוש, וואָס זאָל דעם תלמוד שטעלן אין דער מעגלעכקייט פאַרשטאַנען צו ווערן פון יעדן אידישן מענטשן, אויב ער האָט נאָר אַן עלעמענטאַרע קענטעניש אין תורה בכלל.

עס איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז פון מיינץ איז רש"י געפאָרן אויך אין דער ישיבה פון שפּייער און האָט געלערנט תורה ביי ר' אליקום הלוי, וועלכער האָט שפּעטער אויך געשאַפן אַ פּירוש אויף גאַנץ ש"ס (אָדער אויף פיר סדרים), נאָר ער איז צו אונדז דירעקט ניט דערגאַנגען. דידאָזיקע מיינונג ווערט אָבער אָפּגעוואָרפן פון פיל ערנסטע ביאָגראַפן רש"ים (52).

---

(52) — ז. אויבן הערה 44 — גרעץ און צינבערג זיינען מיט דער מיינונג, אַז רש"י האָט געלערנט אין שפּייער. וויס, אין זיין תולדות רש"י וואַרפט עס אָפּ קאַטעגאָריש. די פראַנצויזישע ביאָגראַפן פון רש"י דערמאָנען עס אויך ניט; יעב"ץ

— ד —

# די פרוי פון אַ תלמיד־חכם

אין די ישיבות פון א ש כ נ ז, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן פון דעם צ ר פ ת י רבנו גרשם, און וואו עס האָבן אונטערריכט תורה פאַר הונדערטער תלמידים פון כל תפוצות ישראל, ראשי ישיבה און חכמים אַמיינסטן אויך געבווירענע אין לאָטארינגען, אין דער רהיין־געגנט אָדער אין צרפת, איז אויסגעפורעמט געוואָרן רש״ים תורנישער געשטאַלט און געלייגט געוואָרן די באַזע פון זיין קינפטיקער פ ר ש נ ו ת.

אין דער עלטער פון פינף און צוואַנציק יאָר איז ער צוריקגעקומען אַהיים, אין טרואַ, וואו עס האָט געוואַרט אויף אים זיין פרוי, פון וועלכער ער איז געווען פאַרוואָגלט יאָרן, אין זיין גלוסט צו לערנען תורה; זי האָט געוואַרט אויף אים, ווי עס האָט, לויט דער לעגענדע, געוואַרט יאָרנלאַנג די טאָכטער פון כלבא שבוע, אויף איר מאַן, רבי עקיבא, וועלכער איז אויך פאַרוואָגלט געווען, כדי צו לערנען תורה, אין דער פרעמד.

דאַכט זיך, אַז אין דעם, בולטער, ווי אין אַלע אַנדערע זאַכן, איז צו זען דעם אונטערשייד צווישן אידישן וועלט־באַנעם און דעם גריכישן. זאָל אונדז דאָ דערלויבט זיין אַ זייטיקע אָפּווענדונג.

אַז אַ אידישער פרוי קומט אוים צו זיין צעשיידט יאָרנלאַנג פון איר מאַן, וועלכער וואַנדערט אום אין דער פרעמד און זי וואַרט אויף אים, טריי און פרום, בענטשנדיק די צעשיידונג, איז עס וואַרטונג און אַ צעשיידונג צוליב תורה, צוליב גאָטס וואָרט, צוליב מידות טובות און כתר של תורה; אַז אין דער גריכישער געשיכטע ווערט דערציילט אַ לעגענדע וועגן אַ פרוי, וואָס האָט טריי געוואַרט אויף איר מאַן, וואָס האָט זיך פון איר געשיידט אויף

---

אין זיין תולדות ישראל (חלק י״א ז. 23) באַציט זיך ניט צו דעם; דאַקעגן ברענגט ער ווי אַ פעסטגעשטעלטע זאַך, אַז ר׳ אליקום הלוי איז געווען רש״יס אַ חבר אין די ישיבות פון די רהיינשטעט, אין וואָרמס אָדער אין מיינץ, ניט אָנגעבנדיק אין וועלכער.

וועגן ר׳ אליקום הלוים פירוש אויף ש״ס זיינען פאַראַן באַציונגען אין תשובת רש״ל, און אין תשובות פונם ראַ״ש — ציטירט לויט יעב״צס דערמאָנט ווערק.

יאָרן לאַנגע און געוואַנדערט אין מרחקים — פּענעלאָפּע פון אוליס דעם העלד — איז עס געווען אַ וואַנדערונג און צעשיידונג, וועלכע איז אַרויסגע־רופן געוואָרן איבער לוסט נאָך מלחמות, געשלעגן, שטרייטן, ווילדע המצאות און שלויע איינפאַלן, פאַרבונדענע מיט בלוט־פאַרגיסונגען און אויסראָטונג, מיט אַרויסווייזן פיזישע גבורה און אונטערדריקן און פאַרשקלאַפן דעם שוואַכן, און די פרוי, וואָס איז געזעסן און געוואַרט טריי אויף דעם צוריקקער פון איר מאַן האָט געטרוימט ניט וועגן זיינע העלדישע דערגרייכונגען אין ענינים פון גייסט, נייערט אַז ער וועט קומען צוריק געקרוינט ווי אַ העלד און זיגער אין מלחמה און מען וועט רימען זיינע נצחונות און דערגרייכונגען אין באַ־זיגן, אין פאַרניכטן, אין צושלאָגן און אויסראָטן אָדער אונטערדריקן אַנדערע.

אַן אויבנאויפיקער נאָר פאַרגלייך צווישן די שטרעבונגען און דעם אי־דעאַל פון אַ אידישער פרוי, דעם פ א ר וו אָ ס פון דעם קרבן פון צעשיידונג פון איר ליבן מאַן, וואָס ז י ברענגט און דעם אידעאַל פון דער גריכישער פרוי (דער פאָרגענגערן פון דער איצטיקער פרוי אין די אייראָפּייאישע פעל־קער) און דער פ א ר וו אָ ס פון דעם קרבן פון צעשיידונג מיט איר האַרצנס געליבטן, וואָס איר קומט אויס צו ברענגען, כאַראַקטעריזירט, אויב מען וויל, אַמבולטסטן די פּסיכאָלאָגיע, דעם אידייען־גאַנג פון אידישן וועלט־באַנעם און פון ניט־אידישן און ווייזט אַמקלאָרסטן די אידעאַלן און די שטרעבונגען פון קולטור און ציוויליזאַציע מהות, וואָס זיינען געוואָרן, געווען און פאַרבליבן די טרייב־קראַפט פון... אידישקייט און פון ניט־אידישקייט, וואָרים די פרוי, וואָס וואַרט אויף איר מאַן, וועלכער וואַנדערט אין מרחקים אַ פאַרוואָגלטער און פון איר אָפּגעשיידטער צוליב תורה און גייסטיקייט — אַ איד — אָדער צוליב מלחמה און פיזישער איבערשטייגונג און אונטערדריקונג — אַ ניט־איד, איז די מאָרגענדיקע מוטער, וואָס פלאַנצט איין אין דעם וועזן פון איר זויג־קינד די זעלביקע אידעאַלן און שטרעבונגען, וואָס באַגייסטערן איר פון קינדהייט־אָן, מאַכנדיק איר גרייט אויף די העכסטע קרבנות.

— ה —

## דאָס ליכט, וואָס האָט אויפגעשיינט אין טרויא

אין טרויא איז רש״י פאַרבליבן, זינט זיין צוריקקומען ביזן סוף פון זיין לעבן — פערציק יאָר. דאָ האָט ער זיין היים געבויט, זיין היים, די פּריוואַטע, און זיין „געצעלט פון תורה״, די ישיבה, וואָס ער האָט גע־

גרינדעט; און ביידע היימען זיינען אידענטיפיצירט געוואָרן, ווי איינע; די תלמידים, וואָס האָבן זיך פון אַלע זייטן פון דער דאַמאָלסטיקער אידישער וועלט: פון אדום, פון אשכנז, פון צרפת, פון פּרובנצה, פון כתים און פון כנען (53) געצויגן צו זיין ישיבה, — געצויגן פון מרחקים, ניט געקוקט אויף דער געפאַר און שרעקלעכע מאַטערנישן, מיט וועלכע רייזעס ווייטע זיינען געווען פאַרבונדן אין יענע צייטן — האָבן באַטראַכט דעם רבין ר' שלמה, דעם גוטמוטיקן, נשמה־ריינעם, אמת־ליבנדיקן און תורה־פאַרשפּרייטנדיקן רש"י, ווי זייערן אַ ליבן פאָטער און איינציייטיק חבר; און זיין היים האָבן זיי ווי זייער היים באַטראַכט. און דער רום פון דער ישיבה, וואָס איז אָנגעפירט גע־

---

(53) — אַ נויטיקע אָנמערקונג פון געאָגראַפיש־היסטאָרישן כאַראַקטער: אין דער רבנישער און דיכטערישער ליטעראַטור פון מיטלאַלטער איז געווען איינגעפירט צו באַצייכענען מיט נעמען פון לענדער און פון פעלקער פון פאַרצייטנס, געוויסע לענדער און פעלקער פון יענער צייט.

מיטן נאָמען א ד ו ם ווערט אין תלמוד געוויינלעך באַצייכנט ר ו י ם (אַלס אידענטיפיצירונג פון רשעות): אין דער העברעאישער מיטלאַלטער־ליטעראַטור ווערט דער באַגריף א ד ו ם באַנוצט, אַלס אַפּעלאַטיווע באַצייכנונג פאַר דער קריסטלעכער וועלט בכלל.

צרפת האָט מען דאַן געמיינט צפון־פראַנקרייך, די געגנט, וואָס איז באַקאַנט אין דער געאָגראַפישער געשיכטע פון פראַנקרייך אונטערן נאָמען „איל דע פראַנס" (די געגנט צווישן די טייכן), צו אונטערשיידן פון דער איצטיקער דרום־פראַנקרייך (לונעל, מאָנפּעליע און אַנדערע באַרימטע דאַן קהילות) וואָס פלעגן דאַן באַצייכנט ווערן מיטן אַלגעמיינעם נאָמען פ ר ו ב י נ צ ה (פּראָוואַנס).

א ש כ נ ז — האָט מען דאַן געמיינט צענטער און צפון דייטשלאַנד, מיטן אויסנעם פון די רהיין־געביטן, וואָס זיינען באַצייכנט אין דער היסטאָרישער מאַפּע פון דער תורה־פאַרשפּרייטונג אין 10־טן און 11־טן יאָרהונדערטער, אונטערן נאָמען „לותיר" (לאטרינגען) — חכמי לותיר וצרפת.

כ ת י ם — מיטן נאָמען „כתים" ווערט אין פיל שאלות ותשובות פון יענער צייט, באַצייכנט איטאַליע. אונדז איז אומבאַקאַנט פאַרוואָס...

כ נ ע ן — מיט דעם נאָמען פלעגן רבנים, אין יענער צייט, באַצייכענען די סלאַווישע לענדער, און געגנטן פון מיטל־אייראָפּע, ווי מזרח פון אָסטערמאַרק, גאַ־ליציע און מערב פון דער איצטיקער אוקראַינע, סלאַווישע און נעבן־סלאַווישע לענדער.
עס איז ניט שווער צו משער זיין זיך פון וואַנען עס איז געקומען צו אונדזערע

וואָרן פון ר׳ שלמה, האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשפרייט, איבער דער וועלט, פּאַרטונקלענדיק, ביסלעכווייז, לאַנגזאַם, אין דעם לויף פון די יאָרן, די ליכט און די רום פון די ישיבות פון וואָרמס, מיינץ און שפייער (אשפירה — אין דער רבנישער ליטעראַטור פון יענעם דור) ביז זיי זיינען אונטערגעגאַנגען אינגאַנצן, ווען מיטן אָנהויב פון די גזירות און שמדות פון תתנ״ו (ערשטער

---

גדולים אין יענער צייט אַזאַ מין מאָדנע באַצייכנונג פון ס ל אַ ו ן און סלאַווישע לענדער — וואו עס זיינען דאַן געווען שוין באַדייטנדיקע קהילות.

אונדזערע גדולים פון מיטלאַלטער, איבערהויפּט די חכמי צרפת און אשכנז האָבן זיך אויסגעלעבט זייער וועלט אין תורה און תלמוד; און אַלע זייערע באַגריפן, קענטעניש און פאָרשטעלונגען האָבן זיי געשעפּט פון יענעם, באמת, אומדערשעפּלעכן קוואַל, באַצייכנענדיג עס מיט ווערטער, מעטאַפאָרעס אָדער מושגים, וואָס זיי האָבן גענומען פון תלמוד אָדער תורה און וואָס זיינען געווען אָנגעמאָסטן פאַר דעם.

אין ספר בראשית (ט. כ״ה) אין פרשת נח ווערט דערציילט, אַז נח האָט פאַרשאָלטן חמס זון, כנען, (פאַרן זינד פון זיין פאָטער) מיט די ווערטער: „ארור כנען, עבד עבדים יהיה לאחיו״ (פאַרשאָלטן זאָל זיין כנען, אַ קנעכט פון קנעכט זאָל ער זיין ביי זיינע ברידער). אויף דעם סמך פון דעם פסוק איז אויסגעוואַקסן דער תלמודישער באַגריף „עבד כנעני״ (אַריין אויך אין אידישן פאָלקס־ריידן), וואָס מיינט צו זאָגן אַ לעבנסלענגלעכער קנעכט.

דאָס וואָרט „סלאַוו״ איז, ווי באַקאַנט, אַ פאַרקירצונג און מאָדיפיקאַציע פונם דייטשישן וואָרט „שקלאַף״, ווייל פון די פעלקער, וואָס האָבן געוואוינט אין די איצטיקע סלאַווישע לענדער (אַריינגערעכנט ליטווישע און פּרייסישע, כמעט ביז מיטל־אייראָפּע) פלעגן רעקרוטירט ווערן דורך געוואַלט פון מלחמה און איבערפאַל כמעט אַלע מתנות פון שקלאַפן, וואָס פלעגן פאַרקויפט ווערן אויף די שקלאַפן־מערק פון דעם דאַמאָלסדיקן „ציוויליזירטן״ טייל פון אייראָפּע.

סלאַוו, אַלזאָ, אַ סינאָנים פון שקלאַף, האָט באַצייכנט אַ גרויסן געאָגראַפישן (ניט בלויז דעמאָגראַפישן) שטח פון אייראָפּע, האָבן די רבנים און גאונים, אין יענע יאָרהונדערטער באַצייכנט די לענדער פון די ס ל אַ ו ן ־ ש ק ל אַ ו ן. די „עבדים־לעבדים״ מיט אַ נאָמען פון אַ לאַנד, וואָס איז אין תורה און תלמוד אַ סינאָנים פון אייביקן קנעכטנטום: כנען ־ כנעני, דאָס מיינט צו זאָגן דאָס לאַנד פון וואַנען עס שטאַמען לעבנסלענגלעכע קנעכט.

דאָס איז ניט קיין טעות, וואָס אונדזערע לומדים און גדולים האָבן געהאַט פאַרבויטנדיק כ נ ע ן, די אַלטע פעניציע, די טעריטאָריע פון ארץ־ישראל אויף דאָס לאַנד פון די סקלאַוון־שבטים. זיי האָבן גוט געוואוסט וואו כנען איז געווען; נאָר, אויסלעבנדיק זיך אין תלמוד און תורה האָבן זיי זיך באַנוצט אויך פאַר דער באַצייכנונג פון די נייטיקע געאָגראַפישע טערמינען מיט תלמודישע מושגים, טערמינען און מעטאַפאָרעס.

קרייצצוג) זיינען פיל פון די אַלטע קהילות אינם רהיין-געביט אינגאַנצן אונ־טערגעגאַנגען, אָדער שטאַרק געליטן און אָפּגעשוואַכט געוואָרן דעמאָגראַפיש, מאַטעריעל און אָרגאַניזאַציאָנעל.

ישיבה-בחורים און פּרושים, דורשטיקע נאָך גאָטס וואָרט, האָבן זיך מיט די שיירות פון „עוברים ושבים", מיט די קאַראַוואַנעס פון סחורה, וואָס אידן פלעגן פירן דאַן פון איין לאַנד אין דער צווייטער — אין מיטל- און מערב-אייראָפּע, וואָס האָט דאַן זיך אָנגעהויבן צעברעקלען און צעשפּליטערן, פעאָ־דאַלמעסיק, אין קליינע פירשטנטומס און מלוכהלעך — געצויגן קיין טרואַ, קומענדיק אַממיינסטן אין דער צייט פון די גרויסע יארידים, וואָס פלעגן זיך דאָרטן שטעלן געציילטע מאָל אין יאָר; פאַר ישיבה-בחורים פלעגט לייכטער און זיכערער זיין דאָס פאָרן מיט אַ שיירה. און אַזעלכע קאַראַוואַנעס פלעגט תמיד לייכטער זיין צו געפינען, ווען עס איז נאָר געווען אין פּערספּעקטיווע אַ גרויסער יארידים-סעזאָן, וואו מען פלעגט פאַרקויפן אָדער קענען טוישן סחורה פון איין לאַנד אויף דער סחורה פון דער צווייטער.

טרואַ — אַ קרייץ-פּונקט דאַן, אויף דעם שליאַך און וועג צווישן דרום-פראַנקרייך, איטאַליע און דייטשלאַנד, לענדער וואו אידן האָבן דאַן געהאַט גרויסע צענטערן — איז געווען אַזאַ מין באַדייטנדיקע יאַריד-שטאָט, דערצו איז דאָרטן געווען שטאַרק אַנטוויקלט גאַרבעריי און די אויסאַרבעטונג פון לעדער און אַלע סאָרטן פון פּאַרמעט; דאָס האָט געבראַכט, אַז אין טרואַ און אין צפון-פראַנקרייך, בכלל, איז פּאַרמעט געווען באַדייטנד ביליקער, ווי אין אַנדערע אידישע ישובים, אין דער דאַמאַלסטיקער דיאַספּאָרע. און אַז פּאַרמעט איז ביליק, האָבן אָרימע ישיבה-בחורים געקענט לייכטער דערשלאָגן זיך צו קויפן דעם נויטיקן רוי-שטאָף פאַר אַן אייגענעם קונטרס צו קענען פאַר־צייכענען דעם רבינס חידושים, פּירושים און אפילו אליין אָראָפּשרייבן פאַר זיך גאַנץ ש"ס און תנ"ך.

ביסלעכווייז, בהדרגה, האָט דער רום פון רש"ים ישיבה פאַרשפּרייט זיך איבער גאָר דער דאַמאַלסטיקער אידישער וועלט, און ט ר ו אַ איז אַ דאַנק דער באַרימטקייט פון רבי שלמה יצחקי געוואָרן דער צענטער פון תורה, וואָס האָט געצויגן, געמאַגניעט צו זיך די אידישע יוגנט. „פון צרפת האָט אויפגע־שיינט אַ גרויסע ליכט, וואָס מען האָט נאָך אַזעלכע ניט געזען פאַר די אויגן" און דאָס ליכט איז דער רב, דער גדול ר' שלמה פון טרוייש בר יצחק... און דאָס ליכט איז אַזוי גרויס און שטאַרק, אַז: אויב עס זאָל חם ושלום פאַר־

געסן ווערן די תורה פון ישראל. וואָלט ער זי קענען ווידער אומקערן פון פאַר־געסנקייט; אָבער ער האָט געמאַכט, אַז זי זאָל ניט פאַרגעסן ווערן״ (54) דאָסדאָזיקע ליכט פון תורה, אָנגעצונדן אין טרוא דורך רבנו שלמה יצחקי, האָט העל באַלויכטן דאָס אידישן לעבן ניט נאָר אין זיין צייט, נאָר אויף דורות און דורות פון אונדזער נאַציאָנאַלער אייביקייט האָט זי געלויכטן אין אידישן לעבן, אין גאָר דער אידישער וועלט, און געוואַרעמט די נשמה און דעם געפיל פון אונדזערע קינדער און דערוואַקסענע.

ווען אין טרוא, אין ראמעריו און וויטרי, און אין די אַנדערע אַרומיקע שטעט פון שאַמפּאַן, וואו עס זיינען אַנטשטאַנען, אונטער דעם ליכט פון רש״י, ישיבות של תורה, געגרינדעטע דורך זיינע אייניקלעך, איידעמס און קינדס קינדער, די ערשטע פון די בעלי-התוספות, זיינען שוין לאַנג קיין אי־דישע ישובים ניט געווען, האָט אין די ישיבות פון פּוילן, פון ליטע, פון רייסן און פון גאַליציע געלויכטן, מיט פולן וואַרעמען אויפפלאַקער, געלויכטן דאָס ליכט, וואָס האָט אויפגעשיינט אין ט ר ו א, אין יאָר 1065 — אָנגעצונדן פון דעם ליכטיקן זאַנפטיקן רש״י. און דאָס ליכט לייכט און וואַרעמט אין הע־לער שיין, אַלץ ווייטער און ווייטער, אין ארץ־ישראל, ווי אין גלות — און עס וועט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן, ווייל ער, רש״י, האָט געמאַכט דורך זיי־נע פּירושים, אַז תורה זאָל פאַרשטאַנען ווערן פון יערן אידן און תלמוד זאָל קיינמאָל — קיינמאָל — פאַרגעסן ווערן.

— ו —

## אַ רב און אַ גאון, אַ — ווייַנגערטנער

הגם רש״י איז נאָך געווען גאָר אַ יונגערמאַן, ווען ער איז צוריקגעקומען פון זיינע וואַנדערונגען איבער די ישיבות פונם רהיין-געביט, איז ער שוין אָבער געווען אַזוי ווייט פול מיט תורה און אַזוי באַרימט, אַז אין דער קהילה פון זיין געבורט-שטאָט האָט מען גלייך איינגעזען דאָס גרויסע ליכט, וואָס איז אין אים פאַרבאָרגן און אַז עס איז ניט מעגלעך, אַז ער זאָל פאַר־בלייבן אויסער דעם אָרטיקע בית־דין און מען האָט אים גלייך באַשטימט אַלס

(54) — „ספר הקבלה״ פונם ראב״ד, ז. 84, ציטירט לויט דעם דערמאָנטן באַנד פון יעב״צס „תולדות ישראל״.

מיטגליד אָדער דיין אינם זעלביקן. אויף איינער פון די תשובות, וואָס זיינען פאַרבליבן פון יענער צייט איז ער געחתמעט מיט זיינעם אַ חבר אין דעם דערמאָנטן בין-דין ר׳ ז ר ח ב ר א ב ר ה ם. אַן עלטערער פון אים און דערפאַר האָט יענער געחתמעט פריער (55). זיינע חברים, אָבער, אינם בית-דין זיינען פאַרגעסן געוואָרן גאָר אינגיכן און זיין פערזענלעכקייט האָט גע-נומען שטייגן און שטייגן העכער און העכער, מיט דעם כוח פון דער גאונות, לומדות, געניאַליטעט פון זיינע פרשנותע און פעדאַגאָגישע מעטאָדן און מיט דעם כוח פון דער אימאַניטעט, וואָס האָט אויסגעשטאַלט פון זיין אומפאַר-גלייכלעכער עטישער פערזענלעכקייט.

באַשטימט אַלס חבר צום בית־דין און זייענדיק ראש-ישיבה, האָט אָבער רש״י ניט גענעבט פון רבנות. רש״י האָט ניט געמאַכט די תורה ווי אַ „קרדום לחפור בה“, ווי אַן אינסטרומענט פאַר פרנסה פאַר זיך און זיין פאַ־מיליע; ער האָט ניט באַקומען קיין געהאַלט פאַר זיין רבנות־אַמט. אין יענער צייט און אַ לאַנגע צייט נאָכדעם האָבן רבנים און לערער פון תורה ניט באַ-קומען ביי קהל קיין שום שכירות; מען האָט באַטראַכט פאַר אַן ערן-אַמט דאָס רבנות און די ה ו ר א ה. דער וואָס האָט זיך מיט דעם אָפּגעגעבן, ווען אַפילו לעבנסלענגלעך, איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער פאָרשטייער פון דער קהילה און אויך די דאַמאָלסטיקע מ א כ ט פלעגט אים באַטראַכטן אַלס אַזעלכן; אין דער קהילה האָט געהערשט דער גרעסטער דרך-ארץ פאַרן ר ב און מ ו ר ה ה ו ר א ה; זיינע פסקים און אָנווייזונגען פלעגן אויסגעפאָלגט ווערן מיט יראת הכבוד פונם יחיד, ווי פון קהל; דאָס געזאָגטע אין די תשובות אָדער אין די פסקי־הלכה איז געווען פאַר יעדן אידן פאַרפליכטנדיק, ווי אַ געזעץ, ווייל עס איז געווען שטאַרק און מעכטיק די אינערלעכע דיסציפּלין אין די קהילות און דער דרך-ארץ פאַר תורה איז געווען אומגעהויער הויך און מעכטיק.

דער רב, ווי יעדער בעל-הבית אין דער עדה, ווי יעדער איד, האָט זיך געהאַט זיין פריוואַטע באַשעפטיקונג, פרנסה, מלאכה אָדער מסחר, פון וועל-כע ער האָט געצויגן חיונה בריות אָדער בצמצום, ווי זיין מזל איז געווען, דאָס רבנות און די ה ו ר א ה, אפילו, האָט מיט דעם ניט געהאַט צו טו און ניט געשטערט צו דעם; דאָס רבנות, איז פאָלגלעך געווען אַ געזעלשאַפט-לעכער אַמט אין דער קהילה.

---

(55) — א. מ. ליפשיץ — רש״י, ז. 21; דער מחבר ציטירט עס פון די תשובות חכמי לותיר וצרפת, דף ס״ט.

אויך רש"י, ווען ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס רב און מורה הוראה אין טרוא און האָט דורך צענדליקער יאָרן פון אָנפירן די הוראה, פאַרשפרייטן תורה, מפרש ומבאר זיין תורה און תלמוד, פּאַקטיש איינגעפירט דאָס איינשטעלונג פון רבנות, אַלס פּערמאַנענטן געזעלשאַפטלעך-רעליגיעזן און פּעדאַגאָגיש-דידאַקטישן אַמט, (56) ביי אידן, אויך ער, רש"י האָט קיין שום מאַטעריעלע באַלוינונג ניט באַקומען פאַר זיין לעבנסלענגלעכער רבנות און הוראה און, ווי יעדער אַנדערער איד, אין זיין שטאָט, האָט ער אָפּגעטיילט תורה פון מלאכה און דרך-ארץ, זוכנדיק אַ וואָכעדיקע באַשעפטיקונג פאַר די לעבעדיקע הצטרכותן פון זיין פאַמיליע.

אַ גרויסער טייל פון די אידן אין יענער געגנט האָבן, דאַן, פאַרנומען זיך מיט ווייַנגערטנערײַ. שאַמפּאַן איז דאָס אָרט פון ווייַנגערטנערייַ און אידן האָבן, ביז נאָך דעם אָנהויב פון די קרייצצוגן און ביז דער דעפיניטיווער איינשטעלונג פונם פעאָדאַליזם אין אייראָפּע, פאַרנומען זיך, אין פראַנקרייך

(56) — רש"י ווערט באַטראַכט, ווי דער וואָס האָט איינגעשטעלט רבנות אין פראַנקרייך; אַלנפאַלס פון זיין צייט הויבט אָן רבנות צו ווערן אַ פּערמאַנענטע געזעלשאַפטלעכע פונקציע, הגם אָן מאַטעריעלער באַלוינונג; און פון פראַנקרייך ווערט עס אויסגעשפרייט איבער אַנדערע אידישע ישובים אין אייראָפּע.

עס איז נויטיק צו באַמערקן, אַז מיר מיינען דאָ די ווערטער רב און רבנות ניט אין דעם זינען, ווי עס ווערט פאַרשטאַנען אין תלמוד, אַלס סינאָנים פון לומדים, העכסטע חכמים און לומדי תורה, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין הלכה אָדער אגדה און מחדש געווען דינים אָדער תקנות; נייערט מיר מיינען עס דאָ אין זין פון אַ געזעלשאַפטלעכער בכבודער פונקציע, וואָס די קהילה פאַרטרויט אַ לומדישער אויטאָריטעט, אַלס אָנפירער פון דער קהילה און רעליגיעזע, אידישקייט-אונטערריכט עניינים און פאַרשטייערשאַפט. מיט איינעם וואָרט, אַ... רב, כמעט ווי עס ווערט פאַרשטאַנען אין אונדזערע צייטן, נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט נאַטירלעך די גרויסע טראַנספאָרמאַציע, וואָס דאָס קהילה-וועזן האָט געמאַכט פון די צייטן זינט רש"י, וואָס מיינט צו זאָגן פון מיטלאַלטער ביז אונדזער צייט; אַ רב, וואָס מיינט צו זאָגן — אַ מורה הוראה, ווי דער חשובסטער פאַרשטייער אין דער עדה און דעם, וואָס פירט אָן מיטן לימוד פון תורה און האָט דעם קאָנטראָל איבער אידישקייט, אין דער געמיינדע און אומגעגנט.

עס שיינט אונדז, אַז אַזאַ באַצייכנונג פון „רבנים" האָט אָנגעהויבן אָנגעווענדעט ווערן צוערשט, זינט נאָך רש"י, צו די חכמים אין פראַנקרייך (פאַר רש"י הייסן די

איבערהויפּט, מיט וויינגערטנערײַ (57). און רש"י האָט זיך אויך אָפּ-געגעבן מיט וויינגערטנערײַ, מיט דער אויסאַרבעטונג פון די וויינען, פון די גוטע וויינען פון שאַמפּאַן, וואָס האָבן שוין דאַן געהאַט אָנגעהויבן צו באַקומען אַ נאָמען אין אייראָפּע.

דער רב, דער גאון, דער וואָס האָט דאַן שוין באַלויכטן די אויגן פון דער דיאַספּאָראַ, דער גדול הדור, וועמענס וואָרט און פּסק-הלכה איז אויס-געפאָלגט געוואָרן פרייוויליק, ווי אַ געזעץ, פון אַלע קהילות פון נאָענט און

---

גדולים פון יענער געגנט ח כ מ י לותיר וצרפת, נאָך רש"י הייסן זיי: ר ב ו ת י נ ו בעלי התוספות).

פון רש"י אָן, איז דאָס ר ב נ ו ת געוואָרן אַ שטאַנד ביי אידן, פריער אַ כבוד-אַמט שלא על מנת לקבל פרס, שפּעטער, וואַרשיינלעך, אָנהויבנדיק פונם 15-טן יאָרהונדערט, איז רבנות געוואָרן אַ באַצאָלטער אַמט, באַקומענדיק פון דער קהילה „שכר בטלה, אָדער שכר ביטול-זמן".

גידעמאַן, אין דעם ערשטן חלק פון זיין קלאַסישן בוך וועגן אידישן לעבן אין מיטלאַלטער, ברענגענדיק דידאָזיקע מיינונג, זאָגט אַרויס דעם געדאַנק, אַז שוין דאַן, זינט דעם 11-טן יאָרהונדערט, האָט דאָס רבנות אָנגעהויבן באַטראַכט צו ווערן פון דער מ אַ כ ט אין די מלוכות און פירשטנטום פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד, ווי אַ מין אָפיציעלער אַמט און שטעלע צווישן אידן.

ר' מנחם בן שלמה אין בית מאיר, באַקאַנט אַלס „המאירי" ברענגט דעם סדר פון גדולים אין ישראל אין אַזאַ אופן: „דער גרעסטער פון די ערשטע גאונים — איז רב האַי גאון; דער גרעסטער פון פּוסקים — איז דער ריא"ף; דער גרעסטער פון די מחב-רים — איז דער רמב"ם; דער גרעסטער פון די רבנים — איז רש"י ז"ל; די אחרונים פון די רבנים — זענען די בעלי התוספות".

ז. גידעמאַנס דערמאָנט ווערק, ז. 14 און הערה 7.

דיזעלביקע מיינונג, אַז דאָס ר ב נ ו ת, אין דעם זין, אַז די געזעלשאַפטלעכע און געמיינדע-פירונג ווערט פאַרטרויט אַ גדול בתורה, ווערט אַ פאַקטאָר אין לעבן פון די אידן אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד — און פון דאָרטן שפּעטער אין פּוילן, ליטע און אַנדערע לענדער — אָנהויבנדיק פון רש"י, ווערט אַרויסגעזאָגט דורך פיל אַנדערע און פאַרשיידענע אויטאָריטעטן, צווישן אַנדערע פון סאַלאָמאָן צייטלין אין זיין אַרבעט וועגן רש"י אין „דזשואיש יאָר בוך", באַנד 41.

אויך גרעץ איז מיט דערזעלביקער מיינונג. ז. דברי ימי ישראל, גרעץ-שפר, ח. ד. זייטן 84-85 (וואַרשעווער אויפלאַגע פון 1916).

(57) — ז. מיין אַרבעט: „אידן אַלס אַגריקולטור-פאָלק" (אין שפּאַניש) אין בוך: "Cincuenta años de Colonización Judía en la Argentina", ז. 27—24 און ווייטער.

ווייט, האָט געלעבט פון דעם, וואָס ער האָט באַארבעט א ווייַנגאָרטן — מיר ווייסן אפילו ניט צי אַן אייגענעם, צי אין פאַכטע — געמאַכט ווייַן ניט דווקא אויף קידוש און הבדלה, נאָר פאַרקויפט הויפּטזעכלעך צו ניט-אידן, און פון דעם מפרנס געווען זיין הויזגעזינט — און מען ווייסט ווידער ניט צי ברווח צי בצמצום; אין די פּירושים רש״יס, און אין די תשובות, וואו עס איז פיל מאָל דערמאָנט וועגן דעם, ווי אויך וועגן די ענינים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער אויסאַרבעטונג פון ווייַן בכלל און מיט די דינים פון יין נסך, איז ניטאָ די מינדסטע אָנדייטונג וועגן דעם ווי אַזוי עס האָט זיך מ אַ ט עֶ ר י ע ל געלעבט רש״ין (58).

רש״י קערט זיך אָפּט אום אין זיינע פּירושים און תשובות צום ענין פון ווייַנגערטנעריי, ווי פון ערד־אַרבעט בכלל, אַרויסווייזנדיק אַ מערקוויר־דיקע פאַקקענטעניש אין אַלע פּרטים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט רייסן פון ווייַנטרויבן, מיט אַנזאַמלען זיי און טרעטן אין די ווייַנקעלערס (59). רש״י איז בכלל געווען אַ גרויסער בקי אין פאַרשיידענע מלאכות און וועלט-זאַכן און דידאַקטיקע בקיאות זיינע אין מילי־דעלמא האָט ער, דער גרויסער פעדאַגאָג און דידאַקט, אויף אַ גלענצנדיקן אופן אָנגעווענדעט אין זיינע פּירושים צו תנ״ך און דער עיקר צו תלמוד, דערקלערנדיק — ווי דאָס קען טון נאָר אַ גאָט-געבענטשטער פעדאַגאָג — מיט ביישפּילן קאָנקרעטע און נאָענטע פון דעם ווי אַזוי די אָדער יענע זאַך ווערט פאַבריצירט, זאַכן און ענינים, וואָס וואָלטן פאַרן לערנער געווען ווייט פרעמד און אומפאַרשטענדלעך, אַן דידאַקטיקע פשוטע, אָבער אויספירלעכע שילדערונגען, וואָס ר׳ שלמה יצחקי האָט עקספּאָנירט.

גאָט האָט באַשאָנקען דעם דאָזיקן גאון פון פּירוש און גאון פון מידות טובות, ניט נאָר מיט אַ גוט הארץ, מיט פשטות און עניוות, נאָר אויך מיט אַ שאַרף אויג, דורכדרינגענדיקער תפיסה, קלאָרן שכל צו באַמערקן, זען און אויפנעמען און געדענקען ניט נאָר ענינים פון תורה און פרומקייט, נאָר אויך פיל ענינים, וואָס האָבן צו טון מיט אַרבעט, מיט אינדוסטריע, מיט אַגרי־קולטור, מיט פאַבריקאַציע. און פון קינדווייז אָן האָט רש״י אָנגעזאַמלט די אַלע אָבסערוואַציעס, באַאָבאַכטונגען, צוקוקנדיק זיך אין זיין געבורט־שטאָט

(58) — ר׳ שלמה יצחקי — פון ליפשיץ, ז. 21.

(59) — אַ ציטאַט, וואָס ווערט געבראַכט אין ליפשיצעס דערמאָנט ווערק ז. 21, הערה 5, גענומען פון די תשובות חכמי לותיר וצרפת, סימן פ״ד.

וואו עס איז געווען אנטוויקלט אַ היפּשע פאַבריקאַציע און פאַרשיידענע אינ־דוסטריעס, צו דעם, ווי יעדער זאַך ווערט געמאַכט; און זייענדיק אליין נעגליכן צו „אַ קאַלך-גרוב, וואָס פאַרלירט ניט קיין טראָפּן״, האָט ער אַלץ געדענקט און שפּעטער, ווען ער האָט אָנגעהויבן זיין הוראה אין דער ישיבה און צוזאַמענשטעלן — אויף אַן עכט-פּעדאַגאָגישן אופן: ביי דער פּראַקטיק זעלבסט פונם אונטערריכט — זיינע לעקציעס, האָט ער זיך באַנוצט אויף אַ מערקווירדיקן אופן מיט דעם אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל פון וו אַ כ ע ד י ק ע אָבער אין פּראַקטישן לעבן אַזוי נויטיקע ענינים, אַלס אילוסטראַציעס פאַר זיינע פּירושים. און דערפאַר באַקומט זיין פּירוש, אין פיל ערטער אין תלמוד און אין תנ״ך, אַ כאַראַקטער פון אמת מאָדערנע פּראַקטישע לעקציעס איבער פאַרשיידענע קענגשטאַנדן.

מיר שטעלן זיך דאָ ניט אָפּ אויף דער כאַראַקטעריסטיק פון זיינע פּירושים. מיר האָבן דאָ נאָר באַרירט דעם פּונקט אויף וויפיל עס איז נויטיק פאַר דער דערגאַנצונג פון דעם ג ע ש ט אַ ל ט פון ר׳ שלמה יצחקי, דעם גאון, וואָס האָט געלעבט פון וויינגערטנעריי און איז פאַרבליבן אומשטערבלעך דורך זיין תורה, פּירושים, מידות און פּשטות.

עס איז זעלטן צו געפינען צווישן די אידישע גדולים אַזאַ ביישפּיל פון הונדערט-פּראָצענטיקער תורה מיט הונדערט־פּראָצענטיקער „דרך ארץ״ — אין זין פון קענטעניש פון פּראַקטישן לעבן — פאַרייניקט אין איין פּערזאָן. ווי דאָס איז געווען פאַרייניקט אין רש״י, אין אַ נאַטירלעכער, אוממיטלבאַרער צוזאַמענהעפטונג. און רש״ים פּירושים באַשטעטיקן עס אויף שריט און טריט.

מען געפינט אין רש״ים פּירושים אויספירלעכע שילדערונגען, געמאַכט ווי דורך אַ פאַכמאַן, וועגן די פאַרשיידנסטע זאַכן, מלאכות און אינדוסט־ריעס; ווי צום ביישפּיל: שטעמפּלען, מטבעות, שמידעריי, שטיינקריצעריי, פאַבריקאַציע פון גלאָז, שיפסבוי און האַפנס, יאַגד אויף עופות, מיליטער־און מלחמה-אָפּעראַציע, געוואוינהייטן און לעבנס-פאָרמען פון חיות; באַפרוכ־טונג פון צמחים, פישצוכט, בינענצוכט (60), אַגריקולטור, וויינגערטנעריי,

---

(60) — די מראה מקומות, וואו די אַלע זאַכן ווערן געשילדערט און אויס־גערעכנט אין רש״ים פּירושים — ווערן געבראַכט אין ליפשיצעס דערמאָנט בוך, ז. 37, הערות 1 און 8.

טעפּעריי, פאַבריקאַציע פון נאָדלען, גאָלדשמידעריי, שניידעריי (61).

רש"י איז געווען, אַלזאָ, ניט נאָר אַ יושב באהלי של תורה, ניט אַ בית-מדרשניק אַליין, נאָר אויך אַ טיפער קענער אין מילי-דעלמא און זיין גאַנץ וויסן, זיינע ברייטע קענטעניש אין די פאַרשיידנסטע פאַכן האָט ער אָנגעווענדעט צום דינסט פון דער תורה, צום דינסט צו מאַכן ווי ווייט מעגלעך פּשוטער און צוגיינגלעכער די פאַרשטענדעניש און קענטעניש פון תורה שבכתב און תורה שבעל פה פאַר די ברייטע פאָלקס-מאַסן.

— ז. —

## רש"יס טעכטער, איידעמס און אייניקלעך — די ערשטע בעלי-התוספות

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעדייטעט, אַז עס איז פאַרבליבן קנאַפּ ידיעות וועגן רש"יס פּריוואַט-לעבן. אין זיינע פּירושים איז ניט צו געפינען קיין אייבעריקע אָנדייטונגען אויף דעם; אין די תשובות, וואָס זיינען פאַרבליבן פון אים און זיינען געזאַמלט געוואָרן דורך זיינע תלמידים און אייניקלעך — און נאָר אַ טייל פון זיי איז ביז איצט דערשינען — געפינט מען אויך גאָר ווייניק מאַטעריאַל אָדער אפילו אָנדייטונגען, וואָס זאָלן קענען דערלויבן צו רעקאָנסטרואירן, זאָלן זיין טיילווייז, אַ בילד פון רשי"ס פאַמיליע-לעבן.

עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז רש"י האָט קיין זין ניט געהאַט, נאָר טעכטער, וועלכע ער האָט אויסגעגעבן צו תלמידים זיינע, וואָס זיינען שפּעטער געווען גדולים, אַליין געגרינדעט ישיבות אין די דערבייאיקע שטעטלעך, און גאָט האָט אים געבענטשט מיט אייניקלעך אַזעלכע, וואָס האָבן גערשנט די גאונות פונם זיידן. זענען די איידעמס און די אייניקלעך די גרינדער פון דער תוספות-שולע, וואָס האָט פאָרגעזעצט אין משך פון דורות די תורה, וואָס רש"י האָט איינגעפלאַנצט אין פראַנקרייך און דערהויבן די פאָרשונגען און פּלפּול ביז צו דער העכסטער מדרגה, זוכה זייענדיק, אַז דער תוספות זאָל ווי רש"י באַגלייטן כמעט אַלע אויפלאַגעס פון תלמוד בבלי. פון דער לינקער זייט פונם פנים, ווי רש"י באַגלייט דעם תלמוד, רעכטס.

---

(61) — ז. תולדות ישראל, פון ז. יעבץ, 11-טער באַנד, ז. 29—30 אין די הערות.

רש"י, האָבן מיר געזאָגט, האָט ניט געהאַט קיין זין, נאָר טעכטער, אָבער וויפל טעכטער האָט רש"י געהאַט? אפילו דעמדאָזיקן וויכטיקן דעטאַל אין רש"יס לעבנס-געשיכטע איז ביז איצט ניט געלונגען צו פעסטשטעלן. רש"יס ביאָגראַפן זיינען שטאַרק מחולק: ווער עס גיט אָן צוויי טעכטער: מ ר י ם און י ו כ ב ד און ווער עס גיט אָן אַ דריטע, אַן עלטערע, ר ח ל, וואָס זאָל געווען האָבן אַ פראַנצויזישן נאָמען בעלאָס, וואָס מיינט צו זאָגן אַ זייער שיינע. אָדער „בעלזשען" — אַ יפת תואר.

ווען די ערשטע צוויי איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז: מרים האָט חתונה-געהאַט פאַר ר' יהודה בן נתן (ריב"ן), און יוכבד איז געוואָרן די פרוי פון ר' מאיר בן שמואל. צוויי גדולים שבגדולים, אמתע פאַרזעצער פון רש"י, אין תלמודישער גאונות און פירושים אויף תורה און תלמוד זיינען אַרויסגעקומען פון דער לעצטער. הגם דער וועג זייערער אין לערנען אין געווען אַן אַנדערער. עס איז גענוג צו דערמאָנען די נעמען פון דעם ר ש ב " ם און רבנו ת ם, אַז יעדער זאָל וויסן די גרויסקייט פון דער רש"י-דינאַסטיע.

מיט דעם רשב"ם האָט רש"י אַליין נאָך געלערנט תורה און זוכה געווען צו האָבן אים צווישן די תלמידים פון זיין ישיבה; דער רשב"ם אַליין דערציילט, אַז ער האָט נאָך דערוויזן צו דעבאַטירן מיט זיין זיידן וועגן דעם דרך און אופן צו מפרש זיין תורה; ער האָט אויך פאַרענדיקט צו מפרש זיין אַ טייל פון די מסכתות, וואָס רש"י האָט ניט דערוויזן צו פאַרענדיקן. אין דעם האָט אויך מיטגעהאָלפן אים זיין פאָטער, רש"יס איידעם.

רבנו י ע ק ב ת ם, איז געווען אַ קינד פון געציילטע יאָרן, ווען דער זיידע איז געשטאָרבן; ער האָט זוכה געווען צו זיין דער גרעסטער און וויכ-מיקסטער פון די בעלי-התוספות און חולק זיין אויף זיין גרויסן זיידן וועגן דעם ענין אין סדר פון די פרשיות אין די תפילין און ווערן אַן אָביעקט פאַר אַ וואונדערבאַרער פאָלקס-לעגענדע.

און די דריטע טאָכטער — אויב זי האָט בכלל עקזיסטירט? (62).

(62) — די פראַנצויזישע אידישע היסטאָריקער און אייניקע דייטשישע, צווישן זיי גרעץ, ברענגען די ווערסיע פון דריי טעכטער; אויך צינבערג, שטיצנדיק זיך וואַרשיינלעך אויף זייער אויטאָריטעט, גיט-אָן אין זיין „געשיכטע פון ליטעראַטור ביי אידן" אַלס דריי, די צאָל פון רש"יס טעכטער.

ליפשיץ — וועלכן מיר באַטראַכטן פאַר דער אויטאָריטעט אין דעם ענין, ווייל ער האָט געאַרבעט איבער די ערשטע מקורות, דורכשטודירנדיק גרינטלעך די שאלות

וועגן איר דערציילן פראַנצויזיש-אידישע הסטאָריקער, אַז זי האָט געהאַט אַ שלעכט לעבן מיט איר מאַן און האָט זיך מיט אים געגט. גרעץ, אָנגעבנדיק דעם נאָמען פון דער דריטער טאָכטער, זאָגט אָבער, אַז „אונדז איז ניט באַ־קאַנט דער נאָמען פון דעם דריטן איידעם" (63). מיר ברענגען דאָ די ווערסיע — מער לשם אינפאָרמאַציע, ווי צוליב איר ווארהאַפטיקייט — וועגן דער לעבנס-געשיכטע פון רש"ים דריטער טאָכטער, וואָס האָט, ווי מען וויל האָבן, געהייסן רחל, אָדער „בעלאָס", אָדער „בעלזשען".

רש"י האָט זי אויסגעגעבן פאַר איינעם מיטן נאָמען אליעזר אָדער זשאָ־סעלין. רחל איז געווען אַ גרויסע צנועה און מלומדת, אַ סברה, אַז זי איז אַפילו געווען רש"ים סעקרעטאַרן, ווען ער איז געווען קראַנק (64) און האָט געשריבן אונטער זיין דיקטאָט אייניקע תשובות. דער שידוך איז ניט עולה יפה געווען. זי איז געווען אַ גוטע און ער, כאָטש אַ בן-תורה (און געהייסן זשאָסעלין?) איז ער געווען אַ שלעכטער; זיי האָבן ניט געקענט אויסקומען צווישן זיך און געגט זיך; זי איז פאַרבליבן מיט איר קינד ש מ ע י ה. — דאָס זאָל זיין דער שפּעטער באַרימטער שמעיה, רש"ים אַן אייניקל — וועל־

---

ותשובות און אַלע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען פאַרבליבן פון יענער צייט, פון רש"ים תלמידים און בני־דור, דערמאָנט נאָר צוויי טעכטער: מרים און יוכבד. אַנדערע היסטאָריקער זיינען אויך מיט אַזאַ מיינונג.

אונדז דאַכט זיך, אַז גערעכט זיינען די לעצטע, וואָרים די גאַנצע מעשה, וואָס די פראַנצויזיש־אידישע ווי ניט־אידישע היסטאָריקער דערציילן, וועגן דעם פאַמי־ליע-לעבן פון רחלען, איז אפשר... פראַנצויזיש אין אינהאַלט, עס איז אָבער זייער ניט... רש"יאַרטיק אין גייסט און דער נאָמען זעלבסט פון איר מאַן, „זשאָסעלין", אַנ־שטאָט אליעזר (אַנדערע זאָגן, אַז ער האָט גאָר געהייסן אפרים) און דערצו נאָך אַ בן־תורה, ווי אויך דער פראַנצויזישער נאָמען „בעלאָס", אנשטאָט רחל, פאַר רש"ים אַ טאָכטער, קלינגט עס עפּעס צו נאָוועליסטיש ווערליג פאַר... רש"ין.

(63) — גרעץ־שפּ"ר „תולדות ישראל", באַנד 4, ז. 91.

(64) די פראַגע צי רש"ים טעכטער האָבן געקענט לערנען צי ניט, איז אויך היפּש דעבאַטירט געוואָרן צווישן די ערשטע פאָרשער פון רש"ים ביאָגראַפיע. אונדז דאַכט זיך, אַז עס קען קיין פראַגע ניט זיין וועגן דעם: רש"י, וואָס האָט מקיים געווען די תורה האָט זיכער ניט פאַרפעלט צו מקיים זיין אַ מצוות עשה אַזאַ, ווי דער „ושננתם לבניך", און אַז ער האָט ניט געהאַט קיין זין, האָט ער געלערנט מיט די טעכטער תורה.

פון דעם, אָבער, איז נאָך ווייט ניט געדרונגען, אַז ווען רש"י איז אויף דער עלטער קראַנק געוואָרן, און געדאַרפט דיקטירן די תשובות, זאָל ער רופן זיין טאָכ־

בער האָט זיך דערצויגן אויף רש״ים קני און געווען דער נאָענטסטער צו אים אין תורה הערן. ער איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער למדן, ער האָט אָבער קיינ־מאָל ניט געקענט מוחל זיין זיין פאָטער, ר׳ אליעזרן, פאַר דער שלעכטער באַ־האַנדלונג, וואָס ער האָט געגעבן דער מוטער, און ער האָט אין זיינע שריפטן און תשובות קיינמאָל ניט דערמאָנט זיין פאָטער, ווי דער מנהג איז געווען דאַן ביי די גדולים און חכמים, צו אונטערשרייבן אונטער די תשובות, ספרים אָדער פירושים, חוץ דעם אייגנעם, אויך דעם נאָמען פון דעם פאָטער. ער פלעגט זיך אונטערשרייבן סתם: „ר׳ שמעיה״, ווי ער וואָלט זיך געשעמט צו דערמאָנען דעם נאָמען פונם פאָטער. פראַנצויזיש-אידישע היסטאָריקער ווילן האָבן, אַז דערדאָזיקער ר׳ שמעיה זאָל עס געווען זיין דער, וואָס האָט געאַר־בעט, נאָכדעם ווי רש״י איז געשטאָרבן, צו ברייינגען אין אָרדנונג זיינע פאַר־בליבענע תשובות, חיבורים און ספרים. ער האָט עס, הייסט עס, געטון, אַלס נאָענטסטער אייניקל צו אים, ווייל ער איז תמיד געווען מיט רש״ין, ביי רש״ין אין שטוב און דערצויגן געוואָרן דאָרטן, האָט ער מער ווי די אַנדערע איי־ניקלעך און תלמידים געהערט רש״ים „תורה שבעל פה״, געהאט אַ מער פול־שטענדיקע פאַרצייכנונג פון דעם, געווען מער ווי אַנדערע פון זיינע אייניקלעך

---

טער, ווען דערביי איז געווען זיין עלטסט אייניקל, דער רשב״ם, וואָס איז שוין דאַן געווען אַ גדול בישראל און אַז רש״י איז געשטאָרבן האָט ער פאַרנומען זיין פלאַץ אין טרוא, אַלס מ ו ר ה ה ו ר א ה, אין ביידע טייטשן פונם וואָרט: רב און ראש ישיבה.

די באַהויפּטונג פון די ערשטע ביאָגראַפן רש״ים איז באַזירט אויף פאָלגנדיקן זאַץ אינם „פרדס״: „עת היא לי עתה לבין בקצרה, אשר לא כדת, כי נשכחתי, ואזלת ידי מלמשוך בעט סופר, ו ל כ ן ב ת י קראתי מפני שורות הללו והיא כותבתן״ (איך מוז איצט מקצר זיין, ניט ווי דער שטייגער איז, ווייל איך בין קראַנק גע־וואָרן און קען ניט שרייבן, ד ע ר ו ם האָב איך מיין טאָכטער גערופן, איבער די דאָזיקע שורות און זי שרייבט זיי — „פרדס״, סימן רמ״ב). איז קלאָר, אַז דאָ איז געשען אַ טעות בעתן איבערשרייבן דעם מאַנוסקריפּט, א קליינער און לאָגיש מעג־לעכער טעות; בלויז אין איין אות: מען האָט פאַרביטן אַ „כ״ אויף אַ „ב״ — און אין רש״י־כתב זיינען זיי דאָך אַזוי ענלעך. דאָרטן וואו עס ווערט געזאָגט „ולכן בתי״... דאַרף געזאָגט ווערן „ולבן בתי״, וואָס מיינט צו זאָגן דעם זון פון מיין טאָכטער, דעם רשב״ם. ז. יעב״ץ ברענגט גלייך טאַקע „ולבן בתי״ און קאָרעגירט: „והוא כותבן״ (זע ז. יעב״ץ „תולדות ישראל״ חלק י״א זייט 57). די ערשטע וואָס האָבן אָנ־געוויזן אויף דעם מעגלעכן און לאָגישן טעות זיינען געווען די דייטשיש־אידישע פאָר־שער צונץ און בערלינער.

תלמידים — דער רש"בם און דער ריב"ם — און ווי סתם תלמידים דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון רש"יס פירושים און מיט גאנג און שיטה אין זיינע תשובות; און דערפאַר איז אים געווען גרינגער און מעגלעכער צו אָרדנען דערנאָך די כתבים און תורה פון זיין זיידן.

אַנדערע היסטאָריקער לייקענען, ווי געזאָגט, די עצם באַהויפּטונג, אַז רש"י האָט געהאַט אַ דריטע טאָכטער; און במילא פאַלט־אָפּ די מיינונג, אַז ר' שמעיה, איינער פון די ערשטע בעלי־התוספות, איז געווען אַן אייניקל פון רש"י. דידאָזיקע באַהויפּטן, אַז דער קינפּטיקער ר' שמעיה, איז געווען אַ תלמיד — און אַ זייער נאָענטער תלמיד פון רש"י, איינער פון די, וואָס האָט מער ווי אַנדערע איבערגענומען תורה פון זיין מויל און איז, ווירקלעך, געווען נעענטער פון אַנדערע צו אים. און דערפאַר איז ער שפּעטער, נאָכדעם ווי רש"י איז נפטר געוואָרן און זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען זיין עלטסט אייניקל, דאָן שוין אַ גדול בישראל — רבי שמואל בר מאיר, — באַרימט און באַקאַנט אַלס רשב"ם (65), געוואָרן דער מסדר פון רש"יס תשובות און דער רעדאַקטאָר, אין דער דעפיניטיווער פאָרמע, פון רש"יס צוויי ספרים פון תשובות און פסקי הלכה: „ספר הפרדס" און „ספר האורה".

דערדאָזיקער ר' שמעיה, לויט דער מיינונג פון דער גרופּע היסטאָריקער, איז געווען ניט רש"יס אייניקל, נאָר דער שווער טאָקע פונם רשב"ם, און רבנו יעקב תם, רש"יס אייניקל, רבנו תם אַליין, וועלכער איז געבוירן געוואָרן פינף יאָר פאַרן טויט פון זיין אומשטערבלעכן זיידן (66) באַהויפּטעט עס.

אָרום דעמדאָזיקן ענין פון רש"יס דריטער טאָכטער, „דעם נאָמען פון איר מאַן, וואָס זאָל געווען פאַרבלייבן אומבאַקאַנט" און וועגן רש"יס אייניקל ר' שמעיה — ווי מען וויל האָבן — הערשט אַ גרויסער פּלאָנטער. דעפיניטיוו איז נאָך קיין זאַך ניט פעסטגעשטעלט געוואָרן. אַזאַ אויטאָריטעט אין דער

---

(65) — „ובשנת תתס"ה (1105) נפטר נר ישראל רש"י ומלך אחריו רבנו שמואל בן ר' מאיר" (און אין איין יאָר תת"סה איז געשטאָרבן דאָס אידישע ליכט רש"י און עס האָט נאָך אים געקיניגט רבנו שמואל בן רבי מאיר (אין תשובות פונם רש"ל ס. כ"ט).

(66) — רבנו יעקב תם, דער אינגסטער פון די דריי באַרימטע ברידער (איינער פון וועלכע, דער ריב"ם, איז געשטאָרבן אַ יונגערמאַן, איבערלאָזנדיק אַ פרוי מיט זיבן קינדער און ווערנדיק באַקלאָגט פון זיין אַלטן פאָטער, רש"יס איידעם, ר' מאיר און פון זיינע צוויי ברידער) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תת"ם 1100.

פאַרשונג פון דער רבנישער ליטעראַטור פון יענער צייט, ווי ז. יעב״ץ, גיט-אָן ר׳ שמעיהן קאַטעגאָריש, ווי רש״ים אייניקל (67); אַ צווייטער אויטאָריטעט אין דער פאַרשונג פון רש״יס ווערק און לעבן, ר׳ אליעזר מאיר ליפשיץ, ברענגענדיק באַווייזן, אַז רש״י האָט געאַרבעט איבער זיין פירוש אויף יחזקאל צוזאַמען מיט ר׳ שמעיהן דערמאָנט ניט אין ערגעץ, אַז ער איז געווען זיין אייניקל; און ער קען עס ניט דערמאָנען, וויבאַלד ער ברענגט נאָר די נעמען פון צוויי רש״ים טעכטער.

דער פּלאָנטער האָט זיך גענומען, ווי אונדז דאַכט זיך, פון דעם, וואָס אין רש״ים ישיבה האָבן געלערנט צוויי תלמידים, וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען שמעיה, איינער פון וועלכע איז געווען פון די ערשטע בעלי-התוספות, און ער ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען „ר׳ שמעיה מטרוייש״ (ר׳ שמעיה פון טרואַ) און דער אַנדערער איז אַריבער אין דער געשיכטע פון דער רבנישער ליטעראַטור מיטן נאָמען ר׳ ש מ ע י ה ה ש ו ש נ י און איז געווען ניט מער ווי אַ מפרש (68).

דעם אמת געזאָגט, זעט אונדז אויס די דעבאַטע אַרום דעם ענין אַביסל איבעריק: ווען ר׳ שמעיה זאָל געווען זיין רש״ים אייניקל, וואָלט ער געוויס זיך געיחוסט מיט דעם און אין זיינע כתבים געווען זיך פאַררופן אויף דעם, ווי דאָס האָבן געטון די אַנדערע דריי באַרימטע אייניקלעך זיינע, דער רשב״ם,

(67) — ז. יעב״צס ציטירט ווערק, זייט 120, און פון דאָרט איז דער ציטאַט, וואָס מיר האָבן געבראַכט פריער.

(68) — א. מ. ליפשיץ: „רש״י״, ז. 191.

איינער פון זיי, ר׳ שמעיה, דער פון די בעלי התוספות, וואָס ווערט אָנגעגעבן, אַלס רש״ים אייניקל, איז געווען דער, וואָס האָט צוזאַמענגעשטעלט, ווי געזאָגט אויבן, נאָך רש״ים טויט, די צוויי ספרים רש״ים, דעם „ספר הפרדס״ און „ספר האורה״. ער האָט אויך אָנגעשריבן דעם פירוש אויף מסכת מידות. חוץ דעם האָט ער אַרויסגעגעבן אויפן געביט פון הלכה אַ ספר, וואָס טראָגט דעם נאָמען „ספר הלקוטים״ (דאָס זאַמלונגס־בוך). אין דער זעלביקער צייט, מער־ווייניקער, איז געווען אַ צווייטער, ר׳ שמעיה, אויך רש״ים אַ תלמיד; און ד ע ר איז עס ר׳ שמעיה השושני. ער געהערט ניט צו די בעלי התוספות; פון אים זיינען קיין הלכה־ספרים ניט פאַרבליבן, נאָר פירושים צו שיר השירים און אויף איינצעלנע ערטער אין תורה. עס איז אויך פאַרבליבן פון אים אַ כתב־יד, וואָס הייסט „סודות״ און וואו עס ווערט גערעדט וועגן דעם געבוי פונם ארון הברית.

דער ריב"ם און רבנו תם. די ערשטע בעלי-התוספות האָבן שטאַרק זיך אױ־בערגענומען מיטן יחוס און אָפּשטאַם פון רש"ין און האָבן עס באַטאָנט אין זייערע עקזעגעטישע און דיאַלעקטישע ספרים; אַזױ צום בײַשפּיל, װײַסט מען, אַז רש"יס אַן אייניקל, מרים, די שװעסטער פון דעם רשב"ם, ריב"ם און רבנו תם, האָט חתונה־געהאַט פאַר רש"יס אַ באַרימטן תלמיד, ר' שמחה, פון װיטרי, װאָס האָט אַרױסגעגעבן אַ מחזור, באַקאַנט אונטערן נאָמען „מחזור װיטרי" (װאו דאָס רוב איז רש"יס לערע) און זייער זון ר' שמואל איז געװאָרן איינער פון די באַרימטסטע אין דער פּעריאָדע פון די בעלי-התוספות. און ר' שמחה װיטרי אַליין איז געװען אַ ברודער פון רש"יס איידעם ר' מאיר בר שמואל און פאָלגלעך אַ פעטער פון דעם רשב"ם און רבנו תם.

מיר ברענגען דאָסדאָזיקע אַלס באַװײַז, אַז די, װאָס האָבן װירקלעך אָפּגעשטאַמט פון רש"ים דינאַסטיע — מיר באַנוצן דאָס װאָרט אַנשטאָט צו זאָגן „משפּחה" — פלעגן זייער יחוסדיקן אָפּשטאַם גוט באַטאָנען. איבערהױפּט אין די ערשטע דורות נאָך רש"י. שױן־זשע — פאָלגלעך — װאָלט ר' שמעיה. דער מחבר פון אַ פּירוש אױף מסכתא מידות, װאָס װערט געדרוקט, װי רש"ים פּירוש, צוזאַמען מיטן פּנים פונם תלמוד, ניט געװעסט באַטאָנען עס ערגעצװאו, (װי דאָס האָבן געטון אַנדערע רש"יס אייניקלעך), װען ער װאָלט װירקלעך געװען רש"יס אַן אייניקל?

— ח. —

# װי אַ שטילער זאַנפטער טײַך האָט זיך געצױגן זײַן לעבנס-װעג

װי האָט זיך געצױגן רש"ים לעבנס-װעג? עס זיינען, װי געזאָגט, ניט פאַרבליבן קיין שום דאַטן װעגן װעלכע איז ניט „װאָכעדיקע" געשעענישן, װאָס זיינען אָן שום ספק פאַרגעקומען אין משך פון רש"ים לעבן, װי עס איז פאַרשטענדלעך, אַז אַזעלכע זאַלן פאָרקומען אין לעבן פון יעדן מענטשן.

װען די מענטשן פון זײַט צײַט, זײַנע תלמידים און אייניקלעך, װאָלטן געװען האָבן אַ מער װאָכעדיקן, מיר מיינען װעלטלעכן צוגאַנג צו די טאָגטעגלעכע געשעענישן און טרעפעניש אין לעבן און אָפּשאַצן, װי מיר

טוען עס, זייער באַדייטונג און די השפּעה, וואָס דידאַזיקע האָבן אויף דער אַנטוויקלונג און טעטיקייט פונם זשעני, וואָלט ניט געוועסט פאַרבלייבן פאַר די דורות, וואָס זיינען נאָכגעקומען, רש״יס פּ ר י וו אַ ט לעבן, ווי אַ פאַרזיגלט בוך, וואָס וועט שוין קיינמאָל ניט געעפנט ווערן און קיינמאָל ניט געלייענט ווערן.

מיר איצט פאַרשטייען און שאַצן אָפּ, אַז דאָס „פּריוואַטע", דאָס וואָכעדיק־וועטלעכע, דאָס גראָע געשעפטלעכע לעבן פון אַ זשעניע געהער אויך צום וויסן און צו דער פאָרשונג פון דער געשיכטע פון זיין לעבן, ווייל ס׳איז ניט פאַראַן אין דעם לעבן פון אויסדערוויילטע מענטשן, פון מענטשן גאונים אַזאַ ק ל יי נ י ק יי ט, וואָס זאָל ניט ווירקן אויף זייער גייסט, וואָס זאָל ניט האָבן קיין השפּעה אין אַזאַ אָדער אַנדער ריכטונג אויף זייער נשמה, אויף זייער אויסדרוק, אויף זייערע האַנדלונגען, אויף די ע מ אָ ט י וו ע און ע פ ע ק ט י וו ע מאַניפעסטאַציעס פון זייער גייסטיקייט, אַזוי צו זאָגן.

אין אַ זשעניע, איז קיין זאַך ניט קיין „פּריוואַטעס", אַלעס געהער צו דער געשיכטע פון זיין לעבן, ווייל אַלעס איז דער אויסדרוק פון די פונקען פון זיין אויסערגעוויינלעכן גייסט; און יעדער מאַניפעסטאַציע, וואָס ווירקט אָדער אינטערוועניִרט אין זיין לעבן אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן, ווי „פּריוואַט" דאָס זאָל ניט זיין, איז וויכטיק צו דערקענען, צו פאַרשטייען, אַלס עלעמענט פון השפּעה, אַלס פאַקטאָר, וואָס האָט צו עפּעס געפירט, און, פאָלגלעך, איז עס אַן עלעמענט פאַר פאָרשונגען פון געשיכטע.

אַזוי דענקען מיר היינט צו טאָג און אַזאַ איז דער צוגאַנג צו דער ב י אָ ג ר אַ פ י אָ ל אָ ג י ע פון גרויסע מענטשן, צום באַדויערן האָט מען ביי אידן אַנדערש געדענקט, אין די אַלטע צייטן, ווי אין מיטלאַלטער; דערפאַר איז פאַרבליבן אַזוי ווינציק ר יי ן - ב י אָ ג ר אַ פ י ש ע ר עלעמענט צו רעקאָנסטרויִרן דעם ריכטיקן כאַראַקטער און דאָס ווירקלעכע, דאָס לעבעדיקע אין דעם לעבן פון אונדזערע גדולים און חכמים, פון דער צייט פון די תנאים, ביז כמעט דעם נייעם געשיכטע-אַלטער; מיט זייער קליינע אויסנאַמען, וואָס זיינען פאַראַן, פון דעם כלל.

מען איז זיך משער — און מיט אַ פעסטן גרונט, אַז רש״יס לעבנס־וועג האָט זיך געצויגן ווי אַ ש ט י ל ע ר, ז אַ נ פ ט ע ר ר ו א י ק ע ר ט יי ך,

וואָס ציט זיין רואיקן לויטערן וואסער-שטראָם, אָן רעש, אָן טומל, צווישן לאָנקעס און פעלדער, אין פלאַכלאַנד, אָן רווישיקע קאַסקאַדן, וואָס קומען, ווען דעם שטראָם קומט אויס, פּלוצים, צו גובר זיין שטיינער־שוועלן, פעלזיקע שפּריציקייטן אָדער פעסטיקייטן, אויף וועלכע ער, דער שטראָם, שלאָגט זיך אָן אויף זיין שטיל-שטראָמענדיקן וואסער-וועג.

שטיל, צנועהדיק, באַהאַלטן צווישן די בערג, פעלדער, לאָנקעס, אָדער וועלדער, לאָזט אַזאַ טייך פליסן זיינע וואסערן טאָג-איין, טאָג-אויס, יאָר־איין יאָר־אויס, אייביקייטן גאַנצע; און אין זיין נאַטירלעכער באַשיידנקייט ווייסט ער ניט, דערדאָזיקער טייך, האָט די מינדסטע אַנונג ניט, פון דער גרויסער וויכטיקער פונקציע, וואָס ער פירט אויס און דערפילט, באַוואַסערנדיק און אויפלעבנדיק אַ קאַנט, מאַכנדיק פרוכטבאַר אַ געגנט און דערהאַלטנדיק ביים לעבן מענטשן און פלאַנצן, גראָז און חיות; דערהאַלטנדיק הייסט עס ביים לעבן אַ גאַנצן קאַנט, אַ גאַנצן ישוב.

ווען עמעצער וואָלט געווען די אויפמערקזאַמקייט פון אַזאַ טייך אויף זיין גרויסקייט און וויכטיקייט, אויף דער ערשטראַנגיקער אויפלעבנדיקער פונקציע, וואָס ער פירט דורך מיט זיין געוויינלעכער, טאָגטעגלעכער „אַר-בעט“, פון לאָזן שטיל, אָן רעש, כמעט רוטינער פליסן זיין באַלעבנדיקן שטראָם — ווען עמעצער וואָלט אַזאַ טייך דערציילט, אַז פון זיין כמעט רוטינערער אַרבעט איז אָפּהייענגיק דאָס לעבן פון אַ ישוב, פון אַ געגנט, וועלכע וואָלט אָן זיין אַקטיוויטעט אין אַ מדבר פאַרוואַנדלט געוואָרן, וואָלט דערדאָזיקער טייך דער ערשטער געווען צו באַטראַכטן עס פאַר אַ גוזמא, פאַר אָן אומ-פאַרדינטן און מוראדיק איבערגעטריבענעם לויב, פאַר אַ גלאָריפיקאַציע פון אַ געוויינלעכער פּשוטער אַרבעט, וואָס ער, דער טייך טוט, ווייל דערצו איז ער באַשאַפן געוואָרן, ווייל דאָס איז זיין אויפגאַבע, זיין וועזן, זיין באַרוף אין לעבן; ער טוט עס, ווייל — דאָס איז זיין נאַטירלעכע פונקציע אין לעבן, ריכטיקער געזאָגט, ווייל דאָס איז זיין לעבן... קומט אים דען אַ דאַנק דער-פאַר? קומט אים דען אַ לויב פאַר דעם? אָדער חלילה, גאָר גרויסקייט און דערהויבונג? און פאַרוואונדערט פון דעם, וואָס מען האָט אים דערציילט, וואָלט דער טייך ווייטער פאַרגעזעצט זיין נאַטירלעכן רואיקן, אייביקן שטראָ-מען, ניט גלויבנדיק, ניט וועלנדיק גלויבן, אַז ער איז עס דער, וואָס גיט לעבן דעם ישוב, אַז ער איז עס דער, וואָס באַפרוכפּערט אַ וועלט, אַז אין זיין זכות לעבט די גאַנצע אומגעגנט, וועלכע וואָלט אָן אים שנעל פאַרוואַנדלט גע-

וואָרן אין אַן אויסגעטריקנטער, וואַסערלאָזיקער וויסטע, וואו קיין לעבעדי־קער אָטעם קען ניט געדייען.

ווי אַ טאַטע טייך, אַזוי שנעל און צניעותדיק, אַזוי רואיק און נאַטירלעך, אין פשוטסטער, אוממיטלבאַרסטער עניוות, איז געפלאָסן רש"ים לעבן, אין טרויע; און ער האָט באַלעבט דורך דעם שטראָם פון זיין תורה און אידישער חכמה, דורך דער ווייכקייט און זאַנפטקייט פון זיינע מידות טובות — וואָס אַלע באַוואונדערן און פאַרערן, אויך די, וואָס קענען ניט נאָכטון דעם לויטערן מוסטער — דאָס אידישן לעבן אין צפון-פראַנקרייך.

זיין נאָמען האָט פאַרשפרייט זיך שנעל איבער דער גאָרער דאַמאָלס־טיקער אידישער וועלט, ווי אַ ליכט, וואָס דרינגט דורך די פינסטערניש און פון מרחקים זעט מען איר שוין און מען גייט, דורך פינסטערקייט, צו דעם אָרט, פון וואַנען דאָס ליכט שלאָגט. פון זיין באַשעפטיקונג אין וויינגאָרטן האָט ער געצויגן חיונה; ער האָט געאַרבעט דאָרטן מיט זיין הויזגעזינט; און מסתמא געלעבט אַ לעבן ניט פון מאַטעריעלן וואוילטאָג און, געוויס, ניט פון רייכקייט און פון געווינס. אָבער צי איז דען דאָ אַ גרעסערער וואוילטאָג ווי די תורה? אַ גרעסערער געווינס ווי צו באַלייכטן און דערקלערן פאַר ישראל גאָטס וואָרט? קען דען זיין אַ גרעסערער פאַרגעניגן אין לעבן, ווי קלאָר מאַכן פאַר די, וואָס ווילן לערנען און וויסן, דאָס וואָרט פון תורה און פון אונדזערע חכמים, ווי עס איז אויסגעדריקט אין מקרא, משנה, תלמוד און מדרש-אגדה? דאָס לעבן איז דאָך, דאַכט זיך, אַזוי פשוט, נאַטירלעך, גראַד־ליניג, רואיק, זאַנפט און וואויל — מען דאַרף גיין אין גאָטס וועג: ליבן אַלעם וואָס גאָט האָט באַשאַפן, טון גוטס, לעבן אין שלום, ליב האָבן און פּראַקטיצירן דעם אמת און די ריינקייט, די פיזישע און נשמהדיקע ריינקייט איבער אַלעם אין לעבן; אָפּהיטן גאָטס תורה, אידישע מנהגים, לעבן בשלום מיט די אַרו־מיקע, טון די אייגענע באַשעפטיקונג, קיינעם ניט נאַרן, מקיים זיין ווי ווייט עס לאָזט זיך די „מצוות עשה" און דערווייטערן זיך פון די „לא תעשהס", אָפּהיטן די אידישע מנהגים, ווייל אַ אידישער מנהג אז אַ דין און, דער עיקר, לערנען גאָטס תורה, ווייל „אויב מיר שיידן זיך פון איר, איז ווי מיר שיידן זיך פון אונדזער לעבן" (69).

(69) — וועגן דעם אין דער „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" פון בראָקהאויז־עפראָן, באַנד 15, עמוד 957 און 958.

¹) — אין די תשובות פון „חכמי לותיר וצרפת", ציטירט לויט א. מ. ליפּ־שיצעס בוך רש"י, ז. 21, ה. ו.

פליסט זיך דער לעבנס־וועג פונם גדול אַזוי איינפאַך, אַזוי פשוט, אַזוי נאַטירלעך, אַזוי באַשיידן, ווי אַ טייך, וואָס באַוואַסערט אַ געגנט, גיט דעם ארום לעבן און אַליין ווייסט ער ניט און באַגרייפט גאָר ניט, אַז ער איז עס דער, וואָס באַלעבט אַלעם? און ווען פון אַ קהילה אַ וויכטיקער ציט מען זיך צו אים — ווייל זיין נאָמען איז שוין גרויס געוואָרן אין דער אַרומיקער אידישער וועלט און זיינע פירושים, און זיין תורה, און זיינע מידות האָבן שוין אָנגעהויבן באַרימט צו מאַכן זיין נאָמען אין דער אָפּשאַצונג פון זיין דור — מיט אַ וויכטיקן פאָרשלאָג: ער זאָל מתיר זיין איינעם, וואָס מען האָט, אידער עפּעס אַ זינד מנדה געווען, איז דער ערשטער צו פּאַרוואונדערן זיך איבער דעם, וואָס אַזאַ וויכטיקע ווענדונג ווערט געריכטעט צו אים, רש״י אַליין... מחמת ווער איז ער דען, וואָס ער זאָל נעמען אויף זיך אַזאַ וויכטיקע פונקציע? און ער ענטפערט דערדאָזיקער געמיינדע אין זיין תשובה, מיט דער נאַטירלעכסטער פשטות: „חלילה, ווי קען איך נעמען פאַר זיך דעם נאָמען און באַשטימען מיך פאַר אַ חשובן בית־דין? ווען איך וואָלט זיין דאָרטן צווישן אייך, וואָלט איך צוזאַמען מיט אייער בית־דין מיטגעציילט אין היתר; אָבער ווער בין איך דען צו נעמען פאַר מיר אַ נאָמען אין פרעמדע ערטער? (70).

אויף טריט און שריט שפּירט מען די גרויסקייט פון דערדאָזיקער נאַטירלעכער, אמתער באַשיידנקייט. רש״י האָט קיין אַנונג ניט, אַז „ער איז די ליכט פון גלות“, אַז „פון זיין מויל לעבט דער דור“, אַז „פון זיינע וואַסערן טוען מיר טרינקען“, אַז „ווען ניט ער וואָלט תורה פאַרגעסן געוואָרן פון ישראל“, ווי עס האָט קיין אַנונג ניט דער טייך, אַז ער באַוואַסערט און אַז אַ דאַנק אים לעבט דער גאַנצער קאַנט.

„דאָס גאַנצע לעבן רש״ים איז ווי אַ קייט פון עטישע פאַקטן. די תורה, וואָס ער האָט געלערנט צו זיינע תלמידים, איז דאָך אויך זיין לעבנס־תורה און דער וואָרצל פון זיין נשמה“... „די זאַנפטקייט פון זיין וואַרעמער פרומקייט איז ווי אַ וואונדערלעכע האַרמאָניע פון אַלע זיינע זעלישע כוחות“ (71).

---

(70) — חלילה לי ליטול את השם ולעשותי בין דין חשוב. אם הייתי ביניכם, הייתי נמנה עמכם בהיתר, אבל מי אני ליטול לי שם במקומות אחרים“.
תשובות חכמי לותיר וצרפת מ״א, ציטירט לויטן דערמאַנטן בוך, ז. 24.
(71) — א. מ. ליפשיץ — דאָס ציטירטע בוך, ז. 23.

פון זיינע תשובות און פירושים, שפּראָצט אַרויס, דאָ און דאָרט, זיין אומגעהויערע ליבע צו וואַרהאַפּטיקייט און די גרענעצלאָזע גראַדליניקייט פון זיין נאַטור; די ריינקייט פון זיין גייסט און די גוטסקייט פון זיין האַרצן, אָבער מער ווי אַלץ און שטאַרקער פון אַלץ און העכער פון אַלץ איז די ליבע צו אידן און דאָס האָט אים באַוואויגן אָפּט צו מקיל זיין אין געוויסע פאַלן אין זיין חשיבות, הגם ער טוט עס, ווי רש"ים פּשטות און עניוות האָט אים תמיד דיקטירט, מיט דער העכסטער פּאָזיכטיקייט, דיסקרעטקייט און אָן צו צוגעבן זיין ריכטונג די מינדסטע טראַנסצענדענץ.

זיין נאָמען איז גרויס געווען שוין פאַר זיין לעבן — און ער האָט קיין אַנונג וועגן דעם ניט נאָר ניט געהאַט, נאָר ניט געקענט האָבן אַפילו, ווייל די נאַטור זיינע איז געווען אַזאַ און זיין לעבן איז געווען אַ פּערזאָניפיצירונג פון זיין פּערזענלעכקייט.

פון מרחקים און פון נאָענטע קאַנטן האָבן זיך געצויגן קיין טרואַ ישיבה־בחורים און תלמידים, צו זעטיקן זייער דורשט נאָך תורה אין דעם לעבעדיקן קוואַל, וואָס שלאָגט פון רש"ים פּשוט'ן לערנען און אופן ווי ע ר דערקלערט די תורה; און הונדערטער תלמידים פון די ווייטסטע אידישע ישובים קומען „צו שטויבן זיך נעבן זיינע פיס" און „געניסן פון דער שיין פון זיין ליכט", ניט נאָר דורך לערנען תורה, נייערט אויך צו אויספורעמען דאָס אייגענע לעבן פון דעם מוסטער פון זיינע מידות — רש"י ווייסט ניט, ווייל עס ניט וויסן און קען עס ניט פאַרשטיין, ווייל: תורה־לערנען לערנט ער דאָך אויך, איינצייטיק און צוזאַמען מיט זיינע תלמידים, וועלכע ער באַטראַכט, ווי חברים, ווי פריינט, ווי קינדער — אַלע צוזאַמען לערנט מען דאָך תורה, לערנט מען יעדער ביי אַן אַנדערן קעגנזייטיק, און תורה איז דאָך לעבן — טאָ ווער קען עס זאָגן וועגן אַ צווייטן, אַז ער טיילט אים אַרויס לעבן?

און דערדאָזיקער גאון פון תורה, גאון אין מידות און גאון פון פּשטות און נאַטירלעכער עטישקייט, האָט קיין פאַרשטעלונג ניט געהאַט, אַז ער האָט אויף אייביק געמאַכט איינוואָרצלען די תורה צווישן אידן און, אַז אויב ט יי ל ן ל ע ב ן, האָט ער דורך זיינע דערקלערונגען און צוגענגלעך און פאַרשטענדלעך מאַכן תורה די אידן, געגעבן לעבן ניט נאָר צו זיינע תלמידים, ניט נאָר צו זיין דור, נאָר די דורות און דורות נאָכקומענדיקע אויף יאָרנהונדערטער לאַנגע.

ווי אַ טייך, וואָס פליסט שטיל און נאַטירלעך דעם וועג, דערפילנדיק

זיין נאַטור-באַשטימונג: צו באַוואַסערן און באַלעבן די געגנט, דעם ארום, די מרחקים, וואוהין נאָר זיין וואַסער דערגרייכט — און אַליין ווייסט דער טייך ניט אָפּצושאַצן די געוואַלטיקע וויכטיקייט און באַדייטונג, וואָס דאָס נאַטירלע-כע דערפילן פון זיין באַשטימונג האָט פאַרן יקום, פאַרן באַשטאַנד, וואָס ער באַלעבט — אַזוי איז רש״ים לעבנס-וועג געפלאָסן, אין דער טרוא פונם עלפטן יאָרהונדערט, געפלאָסן אַזוי יאָרנצענדליקער, אָן איבעררייס, אָן האַסטיקע „עקס-אַברופּטאָס", אָן שאַרפע קאָנטראַסטן, אָן צו אָנשלאָגן זיך אויף פעלזן שפּיציקע פון קעגנערשאַפט, פון שטורמישע אָדער פון טראַגישע געשעענישן, וואָס באַטריבן דעם גייסט.

צי אין אָרעמקייט, צי אין רייבקייט, — די תורה איז געגנג רייך געווען צו באַרייכערן זיין מאַטעריעלע אָרעמקייט — אין די יאָרנצענדליקער, ווען ער האָט תורה ג ע ל ע ר נ ט און, איינציייטיק א ו נ ט ע ר ר י כ ט ע ט אין זיין ישיבה אין טרוא און תשובות געענטפערט צו קהילות פון לותיר, אשכנז און צרפת, וואָס האָבן זיך צו אים געווענדעט, שטעלט זיך אונדז פאָר זיין לע-בנס-וועג, ווי אַ שטילע, צאַרטע אידיליע פון גייסטיקער הייטערקייט, נאַטירלע-כער איינפאַכקייט און זעלישער רואיקייט, געשפּייזט פון זעלישן גלייכגעוויכט און באַוואויגן פון ליבע צום אמת און פון  ל י ב ע  א י ב ע ר  ל י ב ע צו תורה.

אַז מען טראַכט פון רש״ים לעבנס-וועג אין די יאָרן, ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן צו עלטער, האָבנדיק אַריבערגעשטיגן די פופציקער פון זיין לעבנסוועג און געפינענדיק זיך אין דעם זעניט פון זיין גרויסער אויפ־גאַבע און אונטערנעמונג: צו מפרש זיין און דערקלערן מקרא און גמרא, קומט אין דער פאָרשטעלונג „אַ העל-קלאָרער, זאַנפטער, צנועהדיקער פאַר-נאַכט, ווען אין דער רואיקער לופט שוועבן טויבן, שוועבן אַזוי שטיל, אַז מען הערט ניט דאָס פאָכן פון זייערע פליגל" — צו דעם קען פאַרגליכן ווערן רש״ים רואיקער הייטערער געמיט. אַנדערש איז כלל ניט אָפּצושאַצן די שטיל־קייט פון רש״ים צנועהדיקן, רואיקן וועזן (72).

אָבער דער הייטערקייט פון דאָס שטילע, באַשיידן, איינפאַך און עטיש לעבן, אין שוים פון תורה און הוראה — פונם גדול בישראל — איז אויף דער עלטער באַשערט געווען צו ווערן איבערגעריסן דורך אַ האַסטיקן אומ-

---

(72) — א. מ. ליפשיץ — ציטירטע בוך, ז. 31.

גליק, וואָס האָט געטראָפן ניט אים פּריוואַט, נאָר כלל ישראל אין די רייי־טשישע און לאָטאַרינגישע געמאַרקן... דער שטילער זאַנפטער פאַרנאַכט פון זיין רואיק לעבן אין שוים פון תורה, איז פאַרפינסטערט געוואָרן פּלוצים. אין דער לופט, וואו עס האָבן שטיל געשוועבט טויבן — און די כנסת ישראל איז געגליכן צו אַ טויב, שנאמר, ווייל עס איז געזאָגט געוואָרן„ י ו נ ת י מיין טייבעלע בחגוי הסלע, אין די שפּאַלטן פונם פעלז, ב ס ת ר ה מ ד ר ג ה, אין דער פאַרבאָרגעניש פונם באַרג־טרעפּ — די לופט רש״יס, וואָס איז געווען תורה און מעשים טובים, איז פּלוצים באַדעקט געוואָרן מיט שטורעם־ברייענגענדיקע וואָלקנס; און שפּאַרבערס, מיט פאַרשפּיצטע נעגל, גרייט צו פאַרצוקן, האָבן זיך אין דער שטורעמדיקער לופט געוואָרפן אויף דער טויב פון כנסת ישראל צו פאַרצוקן איר, צו אומברייענגען איר.

די אידיליע פון רש״ים ערב־עלטער, די אידיליע פון תורה און אַ פּשוט וואַרהאַפטיק לעבן, איז איבערגעריסן געוואָרן דורך די שחיטות און רדיפות פון ה׳תתנ״ו — די שחיטות און שמדות פון דעם ערשטן קרייצצוג. דאָס האָט פאַרביטערט רש״ין דאָס לעבן, עס האָט געשטערט דעם שטילן טייך זיין געוויינלעכן רואיקן פליסן — און, אָן ספק, אַז דאָס האָט פאַרקירצט זיין לעבנס־וועג.



# אונטערן צייכן פון ערשטן קרייצצוג

## דריטער פרק

„עקת רשע מגור מסביב.
עצמות קודחות בוערות כשביב.
סגולה חובבה כבכורה באביב
שנואה ונשלכת כמו דגים בביב".
פון רש"ים פיוט „תפלה לקדמך" (73).

נועדו לקרן אפלה
בכבוד נוצרי להתהללה.
והנה אימה, חשכה גדולה.
ד' אל דמי לך.
ר' שמואל בן יהודה — אין זיין פיוט אויף דעם ערשטן קרייצצוג, באקאנט מיטן נאמען „אלה אקראך", וואס ווערט געזאגט שבת פאר שבועות (74).

— א —

## דער דונערשלאג פון גזירות תתנ"ו

אין אן אלטער כראניק, געשריבן אין א רבנישן העברעאיש פון איינעם רבי שלמה בר שמעון, אין מיינץ, אין יאר 1140, ווערט דערציילט אזוי:

(73) — דאס דריקן פונם רשע ווארפט אן א מורא ארום.
ביינער - ברענענדיקע, ווערן דערברענט ווי א טרוקענע שפען.
אידן באליבטע, ווי אן ערשטציייטיק ווערנדיקע פרוכט אין פרילינג.
זענען פארהאסט און פארשלײדערט ווי פיש אין רינשטאק.

א ציטאט פון רש"ים א סליחה, וואס איז געשריבן געווארן ווארשיינלעך, נאך דעם ערשטן קרייצצוג (1096) און אונטערן איינדרוק פון די שרעקלעכע שחיטות, וואס די קרייצלער האבן געמאכט אויף אידן אין לאטרינגען און צפון-פראנקרייך.
די סליחה איז געדרוקט אין א סליחות-זאמלונג פון פראג, 1613.
מיר האבן ציטירט לויט א. ה. הובערמאנס ארטיקל „פיוטי רש"י", אין זשור־

„און עס איז געווען אין יאָר פיר טויזנט אכט הונדערט זעקס און פופציק, אינם עלפטן יאָר פונם מחזור „רנו", ווען מיר האָבן געהאָפט אויף הילף און אויף טרייסט, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער נבואה פון ירמיה הנביא: „רנו ליעקב שמחה וצהלו בראש הגוים", איז געשעען דאָס אומגעקערטע: עס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טרויער און אין זיפץ, אין געוויין און געשריי און געטראָפן האָבן אים פיל און גרויסע צרות, אַלדאָס בייז, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין אַלע תוכחות, געשריבענע און ניט געשריבענע, האָבן געטון אַרי-בער אויף אונדזערע וועזנס" (75).

דאָס איז דער אָנהויב פון אַ באַרימטער כראָניק, אין וועלכער עס ווערט דערציילט אויספירלעך און מיט היסטאָרישער וואָרהאַפטיקייט, שוין דאָס

---

באַל „מאזנים", 10-טער באַנד, ז. 283.

אין דר. שמעון בערנשטיינס אַן אַרטיקל „רש"י בתור פייטן" (אין דעם רש"י-נומער פונם ניו־יאָרקער „הדואר", ז. 205), ווערט דער זעלביקער פיוט געבראַכט אין אַן עטוואָס געענדערטער ווערסיע.

(74) — „זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם פינסטערן טאָג
מיטן כבוד פונם נוצרי זיך צו רימען
און אנטשטאַנען איז אַן אימה, אַ גרויסע פינצטערניש.
גאָט, דו זאָלסט ניט טון שווייגן".

מיר האָבן ציטירט דעם פיוט, לויט בן־ציון דינאַבורגס „מקורות ותעודות לתולדות ישראל" (דאָקומענטן און קוועלן צו אידישער געשיכטע — באַנד 2, ערשטער בוך,, זייט 7). דער פיוט ווערט געבראַכט אין זיין פולן טעקסט אויך אין דר. בערנפעלדס „ספר הדמעות", ערשטער באַנד, זייט 193, צווישן די דאָקומענטן וועגן די שחיטות בעתן ערשטן קרייצצוג.

כדי בעסער צו פאַרשטיין דעם אינהאַלט פון פיוט, איז נויטיק צו דערמאָנען, אַז די פאַרזאַמלונג פון די טויזנטער קריסטן און זייערע גייסטלעכע, אויף וועלכער עס איז אויפגעטראָטן פּיער פון אַמיען און אויף וועלכער מען האָט באַשלאָסן צו אונטערנעמען דעם קרייץ־צוג קיין פאַלעסטינע, כדי צו באַפרייען דעם קבר פון יעזוסן פון אונטער דער מאַכט פון דעם איסלאַם, איז פאָרגעקומען אין דער פראַנצויזישער שטאָט קלערמאָן Clermount, וואָס מיינט צו זאָגן אַ ל י כ ט י ק ע ר ב אַ ר ג

פון דאָרטן זיינען אַרויסגעקומען די קרייצצוגן, וואָס האָבן געבראַכט אַזוי פיל אומגליק און פינסטערניש פאַר אידן. דער מחבר פונם ציטירטן פיוט רופט דערום אַן סאַרקאַסטיש קלערמאָן — ליכטיק אָרט, מיטן נאָמען „קרן אפילה", „פינסטערער ראָג" — און ער זאָגט: „זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם פינצטערן ראָג".

(75) — מיר ציטירן, עטוואָס געקירצט, לויט דינאַבורגס פריער דערמאָנטן בוך;

געשעענע מיט אידן אין דעם ערשטן קרייצצוג, ווען טויזנטער אידן זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן אין די אידישע קהילות אין דער רהיין-געגנט און אין לאָטרינגען, אין די געגנטן, הייסט עס, וואָס האָבן געהערט צו פראַנקרייך און צו דייטשלאַנד.

די קרייצלער האָבן זיך פאַרזאַמלט האַרדעסווייז צו גיין באַפרייען דעם קבר פון יעזוסן אין פאַלעסטינע; דערווייל אָבער האָט מען, אויף דעם וועג — ווי עס געשעעט שטענדיק, ווען באַוואָפנטע האָרדעס, אָן אַ פעסטער דיס־ציפּלין גייען פאַרביי געגנטן, וואו אידן וואוינען — האָט מען געמאָרדעט און געקוילעט אידן, געמאַכט שרעקלעכע פאָגראָמען, אויסרויבנדיק אַלץ וואָס אידן האָבן פאַרמאָגט.

די קרייצלער האָבן אין פיל שטעט פון דייטשלאַנד, פון לאָטארינגען און צפון-פראַנקרייך, געצוואונגען אידן צו שמדן זיך; איבערהויפּט איז עס גע-שעען אין אייניקע פון די גרעסערע קהילות אין דעם רהיין-קאַנט, אין וואָרמס, אין מיינץ, אין קעלן און אַנדערע. אין אייניקע שטעט האָבן אידן אַרויסגע־וויזן אַ ווידערשטאַנד קעגן די באַוואָפנטע פון די קרייצלער־האָרדעס און זיי זיינען אומגעקומען, ווי העלדן, אין דעם קאַמף קעגן די פאָגראָמשטשיקעס, וואָס זיינען געווען פילפאַכיק מער און גוט באַוואָפנט. אין אַנדערע ערטער האָבן בישאָפן און אַנדערע גייסטלעכע פון העכערער יעראַרכיע זיך אָנגע-געבן אַלס פּראָטעקטאָרן פון אידן קעגן דעם צעבושעוועטן ווילדן המון; אָבער זיי האָבן זיי דערנאָך פאַראַטן און איבערגעגעבן אין רשות פון די קרייצלער, וועלכע האָבן פיל דערמאָרדעט און אַנדערע ג ע ט ו י פ ט איבער געוואַלט.

---

דער דאָקומענט ווערט אויך געבראַכט אין זיין פולן טעקסט אין בערנפעלדס „ספר הדמעות", חלק א, פון זייט 151 און ווייטער.

רנו — איז אַ ווערטער־שפּיל, וואָס באַדייט 256 — דאָס יאָר פון דעם „קאַ־לענדאַר מחזור" און דער טייטש פונם וואָרט איז „זינגט" און דער מחבר באַציט זיך אויפן פסוק אין ירמיה לא—ו, וואָס לויטעט: „וואָרים אַזוי האָט גאָט געזאָגט: „זינגט מיט פרייד וועגן יעקב און שאַלט וועגן דעם קאָפּ פון די פעלקער; מאַכט הערן לויב און זאָגט: העלף, גאָט, דיין פאָלק, דעם איבערבלייב פון ישראל". דער כראָניקער וויל זאָגן, אַז אין יענעם „יאָרן־מחזור", ווייל ער ווערט פאָרמולירט אין העברעאיש מיט ד'י אותיות „רנו" (256), וואָס הייסט „געזאַנג", האָט מען דערוואַרט ישועות אויף אידן, צום סוף האָבן זיך גאָר אָנגעהויבן די שחיטות פון דעם ערשטן קרייצצוג.

אין אַנדערע קהילות זיינען אַלע אידן, פרויען און קינדער, אַלט און יונג, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, מאַסנווייז, אויסשלאַכטנדיק זיך גאַנצע פאַמיליעס, כדי ניט צו אַריינפאַלן צו די קרייצלער און ניט געטויפט ווערן. פאָטערס האָבן מיט אַ ברכה אויף די ליפּן, אין הייליקן עקסטאַז, געקוילעט זייערע קינדער און פרוי און דערנאָך זיך אַליין, מקדש זייענדיק גאָטס נאָמען און דעם אידישן נאָמען, דורך דעם העכסטן און טראַגישסטן קרבן, וואָס קען געבראַכט ווערן — דעם קרבן פון דער עקידה — פון גאַנצע משפחות, כדי ניט געטויפט צו ווערן.

דאָס איז געווען די שרעקלעכסטע, די טראַגישסטע, אָבער אויך די דער־הויבנסטע און הייליקסטע פון מאַסן־זעלבסטמאָרדן, וואָס זיינען פאַרצייכנט געוואָרן, ביז דאָן, אין דעם טרערן־בוך, וואָס הייסט א י ד י ש ע ג ע־ש י כ ט ע. עס זיינען אָבער אויך געווען פיל, זייער פיל פאַלן פון אנוסים: פיל זיינען, ווי געזאָגט, געצוואונגען געוואָרן פון די קרייצלער צום שמד, פשוט אויף כוח, קעגן זייער ווילן האָט מען זיי געטויפט; און עס זיינען געווען אויך אַזעלכע — און זייער צאָל איז געווען ניט קליין — וואָס האָבן ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון פון קידוש השם און ברייינגען זייער לעבן און דעם לעבן פון זייערע ליבסטע אַלס קרבן אויפן מזבח פון דער אמונה און אָנגעהעריקייט צום פאָלק, און — ניט אַלע קענען זיין העלדן, מענטשן זיינען סוף כל סוף... מענטשן פון פלייש און בלוט — זיי האָבן אויס מורא פאַר זייער לעבן, געלאָזט זיך טויפן, נאָכגעבנדיק אין דעמראָזיקן פּרט דעם צוואַנג פון די קרייצלער.

ווי אַ שטורעם פון בלוט, חורבן און שמד, האָבן זיך די שרעקלעכע פּאָ־גראָמען פון דעם ערשטן קרייצצוג (1096) געטראָגן, איבער דייטשלאַנד און צפון־פראַנקרייך. אויך אין יענעם טראַגישן פרילינג, צווישן פסח און שבועות, זיינען מקוים געוואָרן די ווערטער, וואָס אונדזער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכ־טער ביאַליק, האָט, מיט פּראָטעסט און ווייטוט, געזאָגט וועגן אַ פּאָגראָם, וועלכער איז פאָרגעקומען מיט אַכט הונדערט זיבן יאָר שפּעטער:

— כי קרא אדוני לאביב ולטבח גם יחד:
השמש זרחה, השטה פרחה והשוחט שחט (76).

(76) — ח. נ. ביאַליק „בעיר ההריגה“, פּאָעמע געשריבן נאָך דעם פּאָגראָם אין קישענעוו, אין יאָר 1903.

די פּאָגראָמען און שמדות אין די אַלטע קהילות פון רהיין, אין די קהי־לות, וואָס ביים טייך מאדעל, אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך, האָבן איבער־געלאָזן הינטער זיך חורבן, טויט, פאַרניכטונג און אויסראָט און... טויזנטער אנוסים, שוואַכע מענטשן, וואָס האָבן לפנים אָנגענומען דאָס גלויבן פון די פּייניקער, כדי צו רעטן זיך, האָבן נאָר געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען „דער צאָרן און שטורעם" וועט פאַריבער, צו קענען אומקערן זיך צוריק צום גלויבן פון זייער פאָלק. רבנים און גדולי ישראל זיינען געווען צווישן די אומגעקומענע על קידוש השם און סליחות און פּיוטים זיינען אָנגעשריבן גע־וואָרן צום אייביקן אָנדענק פון יענע טראַגישע פּאַסירונגען, און זיי פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין דעם אוצר פון אונדזער ליטורגיע.

ביזן ערשטן קרייצצוג האָבן אידן געלעבט אין יענע קאַנטן זינט דורות, רעלאַטיוו רואיק, אין פרידן און פריינטשאַפט מיטן המון דעם ניט־אידישן. זינט די צייטן פון קאַרל דעם גרויסן, דער גרינדער פון דער ריזיקער „היי־ליקער" אימפּעריע און זיין זון לודוויג דעם פרומען, וועלכע זיינען געווען מלכי חסד צו אידן און האָבן דורך געזעצן זיי געשיצט קעגן דעם ווילקיר און געלטגיריקייט פון די באַראָנען, גראַפן, פירשטן און „גייסטלעכע" פונק־ציאָנערן, די ביסקופּן, האָבן אידן פרייער געעטעמט אין דייטשלאַנד און אין צפון־פראַנקרייך. זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט, אין די דער־פער, מיט מלאכה און מסחר אין די שטעט; ביסלעכווייז האָבן זיך געבילדעט גרעסערע קהילות אויף די ברעגן פונם רהיין, פון דעם מאָזעלאַ, פון דעם סען און פון דעם מארן; און תורה און פרומקייט, ווי שיינע דופטיקע בלומען האָבן אין זיי זיך צעבליט.

תורה און מעשים טובים האָבן ניט אַלע אידן געקאַנט באַזיצן נאַטירלעך; דערפאַר אָבער פלעגט תורה און יראת שמים, אידישקייט־וויסן און מידות טובות פון אַלעמען געשעצט און געאַכטעט ווערן, אויך פון די, וואָס האָבן עס אַליין, ליידער, ניט פאַרמאָגט, זייענדיק פאַרגראָבט אָדער פאַרשלונגען אין די הבלים פון וואָכעדיקייט, אין מילי־דעלמא.

די קהילות האָבן געהאַט זייער אָרגאַניזאַציע־איינשטעלונג, איינגעאָרדנט אינערלעך אַזוי, אַז עס האָט פאַקטיש אויסגעזען ווי אַ זעלבסט־פאַרוואַלטונג, וואָס פלעגט טריי רעספּעקטירט און אויסגעפאָלגט ווערן פון אַלע מיטגלידער, דורך יענעם באַוואוסטזיין און מערקווירדיקן חוש פון דיסציפּלין, אינערער געהאָרכזאַמקייט און געזעלשאַפטלעכער אחריות, וואָס האָט באַצייכנט דאָס אי־

דישע געמיינדע-לעבן אין מיטלאַלטער, געבנדיק גאַנצקייט און ווידערשטאַנד-קראַפט דעם אידישן נאַצאָנאַלן יש, אין יענע טונקעלע, שווערע, באַרבאַרישע צייטן.

אידן האָבן געלעבט, ווי... אידן, אין שויס פון דער אידישער געמיינדע אין אַכטונג און רעספּעקט צו דער תורה און צו די, וואָס פאַרשפּרייטן תורה — און, רעלאַטיוו רואיק; אַלנפאַלס אָן האַסטיקן איבערברוך, אָן געוואַלטזאַמע איבעררייסן. און דאָ, פּלוצים, מיטאַמאָל, אומגעריכט, קומט־אָן אַזא קלאַפּ, וואָס ברענגט חורבן און פאַרניכטונג, רייסט-אויס מיטן וואָרצל אַלטע קהילות, און טרייבט צו צוואַנגס-שמד טויזנטער אידן... עס איז ניט שווער צו פאָרשטעלן זיך דעם שרעקלעכן עפעקט, וואָס דערדאָזיקער קלאַפּ האָט געמאַכט אין דער דאַמאָלסטיקער אידישער וועלט; דעם דאָזיקן מוראדיקן רושם פילט מען נאָך איצט אין די קינות, סליחות און פיוטים און אין די כראָניקעס, וואָס זיינען פון יענער צייט פאַרבליבן און אין וועלכע עס ווערן באַקלאָגט אָדער היסטאָריש געשילדערט די פּאַסירונגען.

שפּעטער, אין די נאָכקומענדיקע קרייצצוגן און אין משך פון די אַנדערע טראַגישע איבערלעבונגען, געשעענישן און בלבולים, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די פינסטערע יאָרנהונדערטער פונם מיטלאַלטער, האָבן אידן איבערגעלעבט שחיטות, קאַטאַסטראָפעס, גזירות, גירושים און שמדות שרעקלעכערע אַ סך, ווי דידאָזיקע, די פון דעם ערשטן קרייצצוג... אָבער זי, די גזירת תתנ"ו איז געווען די ערשטע נאָך אַ לאַנגן פעריאָד פון רו פאַר די ישובים פון מיטל אייראָפּע און צפון־פראַנקרייך; און די צעשטערונג, וואָס זי האָט געבראַכט, איז געקומען נאָך אַ לאַנגער צייט פון געזעלשאַפטלעכן אויפוואוקס און בוי פון קהילה-לעבן. איז דערפאַר דער רושם פון גזירת תתנ"ו געווען גרעסער, שאַרפער, מוראדיקער און דערדריקנדיקער אין אַלע תפוצות ישראל — אין קאַנטן ווייטע, ווי נאָענטע צום אָרט, וואו דער אומגליק האָט געטראָפן, די ידיעה וועגן דעם חורבן, וואָס די קרייצלער האָבן געבראַכט און געמאַכט, אין די ערטער, וואו זייערע האָרדעס האָבן דורכמאַרשירט.

— ב —

## שפּורן פון דער שטימונג אין רש"ים פּירושים צו כתובים

די פּאָגראָמען פון דעם ערשטן קרייצצוג האָבן חרוב געמאַכט, חוץ די קהילות פונם רהיין־געביט אין דייטשלאַנד און אין לאָטרינגען, אויך אַ רייע

קלענערע און גרעסערע קהילות אין פראַנקרייך, וואו די קרייצצוג־באַוועגונג האָט זיך אייגנטלעך אָנגעהויבן, נאָך דער פאַרזאַמלונג אין קלערמאָן. די הויפּט חורבנות זיינען אָבער פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד, וואו צווישן אַנדערע זיי־נען חרוב געוואָרן די גרויסע קהילות פון וואָרמס, מיינץ און שפייער און אַלס פּאָלג פונם חורבן זיינען נאָכדעם געשלאָסן געוואָרן די ישיבות די באַרימטע; די פון מיינץ, וואָס רבנו גרשם האָט געהאַט געגרינדעט און די אַנדערע, וואו עס האָבן תורה פאַרשפּרייט די תלמידים און תלמידי־תלמידים פון רבנו גרשם מאור הגולה; און וואו עס האָט זיין גייסט געשוועבט.

רש״י, ווי מיר האָבן עס אויבן געזען, האָט געלערנט אין דידאָזיקע ישי־בות; דערינערונגען פון זיין יוגנט און בונדן פון תורה און מעשים־טובים — די שטאַרקסטע, אומצעשטערבאַרסטע בונדן — האָבן אים פאַרבונדן אין דער דערינערונג און קעגנוואַרט מיט דידאָזיקע ישיבות; ער איז געשטאַנען אין לומדישער פאַרבינדונג דורך שאלות ותשובות מיט די גייסטיקע פירער פון די חרובע קהילות; און עס ניט שווער צו משער זיין זיך דערום, דעם שרעקלעכן רושם, וואָס די חורבנות אין אשכנז האָבן געמוזט מאַכן אויף זיין גייסט, אויף זיין געמיט.

חוץ דעם האָבן אויך קהילות אין צפון־פראַנקרייך געליטן פון די קרייצלער־פּאָגראָמען. ביז דער שטאָט טרואַ, וואו רש״י האָט געלעבט און תורה פאַר־שפּרייט, „געשטאַרקט ווי אַ לייב אין עבודת הבורא״, האָבן די קרייצלער, צום גליק, ניט דערוויזן צו קומען. רש״י איז ניצול געוואָרן; ניט אַנדערש, אַז דער זכות פון זיין תורה האָט מגין געווען.

רש״י איז ניצול געוואָרן, אָבער די רואיקע, שטילע פריידיקייט פון זיין מוסטערהאַפטן לעבן, אין תורה און מעשים טובים, וואָס האָט זיך יאָרנצענד־ליקער געצויגן אומפאַרענדערט — ווי אומפאַרענדערט אַ טייך לאָזט פליסן זיינע וואַסערן צום וואויל און לעבן פון דעם ישוב — איז איבערגעשלאָגן געוואָרן, איז געשטערט געוואָרן דורך דעם איינדרוק, וואָס דער טראַגישער קלאַפּ, וועלכן די כנסת ישראל האָט געליטן, האָט געמאַכט אויף זיין גייסט, דעם אַזוי הייטערן, דעם אַזוי גלייכגעוויכטיקן, דעם אַזוי רואיק זיך וויגנדיקן אין דער תמימות פון אויפריכטיקן גלויבן, אָן פקפוקים, אָן נאָכזוכענישן, אָן איבערטראַכטונגען.

רש״יס געמיט פון רואיקער ארבעט, אין הוראה און פירושים צו תנ״ך און צו תלמוד; רש״יס גאַנצער גייסטיקער באַשטאַנד, וואָס האָט געהאַט בלויז

צוויי הויפּט-ציל: תורה און עבודה — וואָס זיינען, אייגנטלעך, ניט קיין צוויי נאָר איינער — איז פון די ידיעות אויפגעטרייסלט, דערשיטערט געוואָרן. עס איז אַ קלאַפּ, וואָס האָט אים געטראָפן, דורך דער פּלוצימדיקייט, אומגע-ריכטיקייט און טראַגישקייט, שטאַרקער, האַסטיקער און דערדריקנדיקער, ווי אַ פּלוצימדיקער דונערשלאָג, וואָס טרעפט אומגעריכט אין רואיקן, שטילן, לויטערן זומער-אָוונט, ווען אַ ווײַלע פאַרן דונער-שלאַק האָט מען קיין וואָלקנדל ניט געזען אויפן האָריזאָנט.

רש"י איז דאַן אַלט געווען דאָס זעקס און פופציקסטע יאָר; קיין אי-בעריקער גבר איז ער, קענטיק, קיינמאָל ניט געווען: „תורה שוואַכט-אָפּ דעם כוח פון אַ מענטשן" און ווער נאָך, ווי רש"י האָט פון זיין פריעסטער יוגנט ביז דער עלטער געלאָזט זיך אַזוי פיל אָפּשוואַכן פון תורה? ווער נאָך ווי ער האָט געלאָזט זיך אַזוי פיל „טויטן" אין די געצעלטן פון תורה, פון דער פולער תורה: פון הלכה און אגדה, משנה און גמרא? רש"י האָט דאַן, קענטיק, געהאַלטן אין רעכטער אַרבעט פון מפרש זיין כתובים און פון דיקטירן די תלמידים און מפרש זיין מסכתות, וואָס מען האָט געלערנט אין ישיבה, און פאַרצייכענען אין קונטרסים די פירושים, און אויסבעסערן און פאַררייכטן, און ענדערן דורך צוגעקומענע „חידושים", אין נייע פירושים, די פאַריקע „אויפלאַגעס", די ערשטע און די צווייטע, אין זיינע פירושים צו יענע מסכתות, וואָס ער האָט, אין די פאַריקע יאָרן מפרש געווען. אַן אַרבעט אַ גיגאַנטישע, אַן אַרבעט פון געוואַלטיקער אחריות, וואָס האָט נויטיק פולשטענדיקע רואיקייט פון געמיט און גייסטיקן גלייכגעוויכט. און דאָ ווערן דערהאַלטן ידיעות פון אַזעלכע שרעקלעכע חורבנות, שחיטות, שמדות.

דער רואיקער, שטילפליסנדיקער טייך פון תורה און מידות, פון מעשים טובים און טיפן גלויבן — האָט ניט איבערגעריסן זיין געשטראָם... אָבער טיף אינעווייניק, אין דער טיפקייט פון זיין וואַסער-שטראָם, איז ער אויפגעשווי-דערט, דערשיטערט געוואָרן... אויסערלעך איז, משמעות, שווער געווען צו באַמערקן עפּעס. אדרבה, אין אַזאַ שווערער צייט, איז נויטיק נאָך מער צו פאַרייניקן דעם כלל ישראל אַרום דער תורה, וואָרים, וואָס דען בלייבט אונדז אין לעבן אויב ניט תורה? אין אַזאַ צייט דאַרף מען זיך נאָך מער אָנשטריינ-גען, כדי צו פאַרשפּרייטן דאָס ליכט און טרייסט פון תורה און יראת שמים צווישן די דערשלאָגענע, דערדריקטע, דערשראָקענע אידישע מאַסן, פאַרווירטע פון אַזוי פיל ליידן און קאַטאַסטראָפעס; און רש"י טוט עס, מיט מער אָנגע-

שטריינגקייט ווי תמיד. אָבער דער אָרגאַניזם פון דעם מענטשן רש״י, פון דעם מענטשן שלמה יצחקי, וואָס האָט ביז מסירת נפש ליב געהאַט זיין פאָלק, פּונקט ווי ער האָט ליב געהאַט די תורה — איז צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן נאָך די געשעענישן פון תתנ״ו; און ר׳ שלמה יצחקי איז קראַנק געוואָרן.

רש״י — אַ פּערזאָן פון העכסטער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלינג און פון דער דערהויבנסטער גייסטיקער הויכקייט — איז לויט זיין נאַטור געווען, קענטיק, אַן איינגעשלאָסענער, אַ פאַרשלאָסענער אין זיך, אויף זיבן שלעסער. דאָס אויסערלעכע, דאָס וואָס גייט אָן זיין אייגענער פּערזאָן, ניט דעם אינטערעס פון דער אויפקלערונג פון תורה, האָט כמעט ניט געפונען קיין אָנדייטונג אין זיינע פּירושים, ניט צו תלמוד, ניט צו תנ״ך; אויך אין די פיל תשובות זיינע טרעפט מען כמעט ניט קיין אָנדייטונג וועגן פּאַסירונגען אָדער געשעענישן, וואָס האָבן אַ שייכות צו זיין פּ ר י וו אַ ט ק יי ט, אַלס פּערזאָן. אָבער נאָך די געשעענישן פון תתנ״ו — טרעפט מען אין אייניקע תשובות יאָ אָנדייטונגען אויף זיין קראַנקהייט און געמיט. און אויך אין זיין פּירוש אין אייניקע פּסוקים צו משלי און צו תהילים טרעפט מען שוין יאָ אָנדייטונגען אויף די געשעענישן, וואָס האָבן צוזאַמענגעבראָכן זיין געמיט, זיין גייסט און זיין געזונט. און פון דעם טאָקע, וואָס אין דעם פּירוש צו דיזאַזיקע פּסוקים טרעפט מען אַזעלכע אָנדייטונגען, איז ניט שווער צו דרינגען, אַ ער האָט זיך פאַרנומען מיטן פּירוש אויף משלי און אויף תהילים, שוין נאָך דער גזירת תתנ״ו (77).

אין איינער פון זיינע תשובות, געשריבן אין יענער צייט, באַקלאָגט זיך רש״י, אַז זיין כוח איז אָפּגעשוואַכט און זיין מויל איז מיד פון צו דערציילן די אומגליקן, וואָס טרעפן אים כוואַליענווייז; און, דערום, איז זיין האַנט אָפּגעשוואַכט געוואָרן פון צו שרייבן. און רש״י דערציילט ווייטער אין דער זעלביקער תשובה, אַז ער „דיקטירט דיזאַזיקע תשובות צו איינעם פון זיינע פריינט און תלמידים און יענער שרייבט״ (78). עס איז צו זען פון דעם, ווי

---

(77) — און ווי מירן זען ווייטער אויך אויף שיר השירים.

(78) — „כחי תש ופי נלאה מלספר תלאות העוברות עלי גל אחר גל ועל כן רפתה ידי מלכתוב, ואת תשובותי לידידי ורעי קורא אני מפי לאחד מאחי תלמידי והוא כותב״ — תשובות חכמי לותיר וצרפת; דער אריינפיר צום „ספר האורה״ ציטירט לויט ז. יעב״צס „תולדות ישראל״, 11־טער באַנד, ז. 57.

שוועך, דערדריקנדיק די פּאָגראָמען פונם ערשטן קרייצצוג האָבן זיך אָפּגע־רופן אויף רש"ים געזונט.

אין דעם פירוש צו אייניגע פסוקים — גאָר ניט ווי רש"ים געוואוינ־הייט איז געווען — ווארפן זיך דאָן דורך, ווי קעגן זיין אייגענעם ווילן, פאַרביטערטע אָנדייטונגען און אָפענע אָנווייזונגען, אויף די אומגליקן און צרות, וועלכע האָבן דאָן געטראָפן דעם כלל ישראל.

אַזוי כאַפּט זיך אַרויס ביי אים אין זיין פירוש אויפן פסוק: „לב יודע מרת נפשו, ובשמחתו לא יתערב זר" (79) אַזאַ מין אויסדרוק: „וישראל מרי נפש בגלות ונהרגים על קדושת השם" (80). דער רואיקער מפרש האָט ניט געקאָנט מער אונטערדריקן אין זיך די פאַרביטערונג און ווייטיק, וואָס די געשעענישן האָבן ביי אים ארויסגערופן און ער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן.

און אַז ער קומט צום פסוק: אָחזת שמורות עיני; נפעמתי ולא אדבר, געפינט ווידער רש"י אַ פאַרבינדונג און באַציונג צו דער קעגנווערטיקער לאַגע פון אידן אין גלות און ער דריקט זיך אויס: „בלילה, כשאדם נעור משנתו, דעתו מיושבת ולבו חוזר עליו; אבל בלילה זה של גלות, תמיד העינים נדבקות, באדם נרדם מאוטם לב, והרוח נפעמה, ואין הדיבור בו" (81). די געדריקטע שטימונג רייסט זיך ממש פון אונטער זיין פעדער, וואָס שרייבט די דער־קלערונג צו די הייליקע ווערטער.

— ג. —

## רש"ים געזאַנג פון געזאַנגען

און אָט קומט רבי שלמה בר יצחק צו ש י ר ה ש י ר י ם, דאָס גע־זאַנג פון די געזאַנגען, דאָס הייליקסטע פון די געזאַנגען, דאָס דערהויבנסטע פון די ג ע ז א נ ג ע ן, דען: ווען אַלע כתובים זענען ק ו ד ש, איז ש י ר

(79) — משלי יד—י: „דאָס האַרץ ווייסט איר אייגענע ביטערקייט, און אין איר שמחה קען זיך אַ פרעמדער ניט מישן".

(80) — „און ישראל זיינען געמוט־פאַרביטערטע אין גלות און זיי ווערן גע־הרגעט אויף קידוש השם".

(81) — תהילים עז—ה: „דו האַלסט צו די ברעמען פון מיינע אויגן; איך בין צעוודערט און קען ניט ריידן" — אַ פסוק, וואָס לאָזט זיך אויסטייטשן פאַר

השירים קודש-קדשים (82). און ער געפינט דאָרטן, אין הויכן פּאָעטישן דרוש, עקספּאַנירט און דערקלערט ווי אַן אַלעגאָריע, ווי אַ סימ־באָל אין אַ פּאָרמע פון דיאַלאָג צווישן דער כנסת ישראל און דעם רבונו של עולם — אַ דערברייטונג פאַר זיין דערדריקטן געמיט. די געשיכטע פון אַלטע אידישע ליידן, אָפּגעפרישטע, אַקטואַליזירטע, אַזוי צו זאָגן, פאַר אים, אין די חורבנות און ליידן פון גזירת תתנ"ו, ווערט די קאַנווע פאַר דער דערקלערונג און אויסטייטש על פי דרוש, וואָס דער אומשטערבלעכער רש"י, שוין אין דעם מערב פון זיינע טעג, גיט צו דער העכסטער און שענסטער ליבע-ליד, וואָס דער קעניג שלמה האָט געזונגען צו שולמית זיין געליבטער, דער קליי־נער, פון דער זון אָפּגעברענטער ווייַנגערטנערן.

שוין גאָר ניט ווי זיין שטייגער איז צוצוטרעטן גלייך צו דעם אויסטייטש פון די פּסוקים, וואָרט נאָך וואָרט, „על פי פשוטו של מקרא“, נאָכן פּשט פונם פּסוק, הגם באַווירצט מיט האַרציקע מדרשי-אגדה, הויבט-אָן רבי שלמה יצחקי זיין פּירוש צו שיר השירים, מיט אַן הקדמה, אין וועלכער מען זעט שוין דעם דראַנג צו לייכטער מאַכן זיין געמיט, צו אַראָפּריידן זיך פון האַרצן, צו אַריינטייטשן אין די הייליקע ווערטער פון דער העכסטער מאַדריגאַל־ליר אין אונדזערע הייליקע שריפטן, אַ געדאַנק, אַן אינהאַלט, וואָס איז צוגעפּאַסט צו זיין שטימונג דאַן, נאָך דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיין פאָלק גע־טראָפן, אין יאָר תתנ"ו; אַראָפּריידן זיך פון האַרצן און, דורך אויסטייטשן און דערקלערן סימבאָליש דאָס געזאַנג פון די געזאַנגען, ברענגען אַ טרייסט פאַר געבראָכענע געמיטער.

און די הקדמה — איז אַ פּערל פון לירישן מדרש, אַ פּערל אין דער וועלט הערמענעווטיק. רש"ים אומשטערבלעכער גייסט, איז אימפּולסירט גע־

---

אַ מענטשן, וואָס איז צערודערט; און רש"י איז געווען צערודערט פון די פּאָגראָ־מען און טייטשט אים אויס אויף דער כנסת ישראל אין גלות, אַזוי: „ביינאַכט, ווען אַ מענטש דערוואַכט פונם שלאָף, איז זיין געמיט געזעצט און דאָס האַרץ רואיק, באַזאַכט, אָבער אין דערדאָזיקער נאַכט פון גלות, זיינען די אויגן שטענדיק פאַר־קלעפּט, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס דרעמלט מיט אַ פאַרטעמפּט, דערדריקט האַרץ און דער געמיט איז צערודערט און עס איז קיין רויִד ניטאָ אין מיר“.

(82) — משנה: ידים ג—ה: „אמר ר' עקיבא: חס ושלום, לא נחלק אדם מיש־ראל על שיר השירים, שלא יטמא את הידים; שאין כל העולם כולו כדאי, כיום שניתן בו שיר השירים לישראל; שכל הכתובים קדש ושיר השירים קדש קדשים“.

ווען דאָן פון זיין צערודערונג, פון זיין באַטריבטער שטימונג איבער דער גזירת תתנ"ו.

„איינס האָט גאָט געזאָגט, צוויי־פּאַכיק דאַרף עס געהערט ווערן. איין פּסוק קען אַרויסקומען אין פאַרשיידענע מאָטיווירונגען; און סוף כל סוף האָסטו ניט קיין איין פּסוק, וואָס זאָל אַרויסגענומען ווערן פון זיין פּשט און זין. און הגם די נביאים האָבן גערעדט זייערע רייד דורך אַ ביישפּיל, דאַרף מען איינשטעלן, איינזעצן דעם ביישפּיל לויט זיין אָרט און לויט זיין אָרדנונג, ווי די פּסוקים קומען געאָרדנט איינער נאָכן צווייטן. און איך האָב געזען פאַר דעמדאָזיקן ספר אַ סך מדרשי־אגדה"...

„האָב איך מיר געטראַכט אין מיין האַרץ צו אויפנעמען דעם זין פון די פּסוקים, צו איינשטעלן און איינזעצן זייער דערקלערונג לויטן סדר; און די מדרשים פון אונדזערע רבנים און חכמים, וועל איך איינשטעלן אויף זייע־רע געהעריקע ערטער, מדרש נאָך מדרש".

„און מיר דאַכט זיך, אַז שלמה האָט מיט זיין רוח הקודש פאַרויסגעזען, אַז אידן זיינען אָנגעברייטן פאַרטריבן צו ווערן אין גלות, איין גלות נאָכן צווייטן, איין חורבן נאָכן צווייטן, און זייענדיק אין גלות, קלאָגן דאָרט אויף זייער ערשטן פּראַכט־און־כבוד, וואָס איז פון זיי אָפּגענומען געוואָרן, און דערמאָנען דאָרטן די ערשטע ליבע, וואָס האָט זיי געמאַכט צו ווערן דאָס ליבס־טע, די מילדסטע פאַר אים פון אַלע פעלקער, אַזוי צו זאָגן: „לאָמיך גיין און זיך טון אומקערן צו מיין ערשטן מאַן, דען דאַן איז מיר בעסער געווען ווי אַצינד"; און זיי וועלן טון דערמאָנען זיינע גנאָדן, און די פעלשונג, וואָס זיי האָבן געטון פעלשן און דאָס גוטע, וואָס ער האָט פאַרשפּראָכן צו געבן זיי באחרית הימים, האָט ער, שלמה, באַגרינדעט דעמדאָזיקן ספר אין דער שפּראַך פון אַ פרוי, וועלכע איז געבונדן אין לעבעדיקער אַלמנהשאַפט, זי גלוסט צו איר מאַן, איר דראַנג און צערטלעכקייט איז צו איר געליבטן; זי טוט צו אים דער־מאָנען די יוגנט־ליבע און איז זיך מודה אויף איר פעלשן. אויך איר געליבטן טוט באַנגען איר באַנג און ער דערמאָנט איר יוגנט־גנאָד, די פּראַכט פון איר שיינקייט און די פיינע רעכטקייט פון אירע טאַטן, דורך וואָס ער איז, דאַן, פאַרבונדן געוואָרן מיט איר אין שטאַרקער ליבע; און דאָס איז, כדי באַקאַנט צו מאַכן איר, אַז ניט פאַר האַרצנס־וואָוילטאָג האָט ער איר געלאָזט פייניקן און אַז דאָס צעשיידן איז קיין צעשיידן ניט; זי איז נאָך זיין ווייב און ער איז

איר מאַן און ער איז אַנגעברייט צו אומקערן זיך צוריק צו איר״ (83).

— הערט מען ניט אין דערדאָזיקער לירישער הקדמה דעם אָפּקלאַנג פון די געדאַנקען און שטימונגען, וואָס האָבן פּאַרפּלייצט, דערדריקט, איבערגע־פולט רש״ים געמיט אונטער דעם איינדרוק פון די שרעקלעכע פּאָגראָם-גע־שעענישן פון 1096-טן יאָר?

אים האָבן דאָן, ווי אונדז הײַנט, געפּייניקט די אייביקע פראַ־געס, וואָס שווימען אַרויף פאַר אונדז, יעדעס מאָל, ווען עס באַנייען זיך די רדיפות אויף אונדזער פאָלק — און ווען הערן זיי דען אויף, צי דאָ, צי דאָרט, צי ערגעץוואו אַנדערש — אין גלות די פראַגעס: פאַר וואָס? פאַר ווען? פאַר וואָס שטראָפט אונדז אַזוי דער גאָט פון ישראל? שוין-זשע האָט ער פאַרגעסן דעם היסטאָריש-אייביקן בונד, וואָס ער האָט פאַרשניטן מיט אונד־זערע עלטערן?

און, פרום, און שטאַרק אין זיין גלויבן, און לעבנדיק אינגאַנצען — אָבער אינגאַנצן — אינם גייסט פון תלמוד און פון מדרש אגדה, הגם דער־דריקט דורך דעם חורבן, שמדות און שחיטות, וואָס די כנסת ישראל האָט ערשט איבערגעלעבט, ט י י ט ש ט ע ר א י י ן און טייטשט אוים שיר השירים, פּסוק נאָך פּסוק, אין דעם גייסט פון אָט דער שטימונג און גלויבונג און ער זוכט און געפינט אַ טרייסט פאַר זיין צערודערטקייט און ער ברענגט אַ טרייסט אויף דורות פאַר יעדן, וואָס ווי ער, פילט זיך צערודערט, אויפגעשווידערט, פאַרווירט פון די אומגליקן, וואָס טרעפן אונדז אין יעדן דור און ווערט געשטעלט פאַר די זעלביקע פראַגן, פאַר וועלכע דער מענטש שלמה בר יצחק איז געשטעלט געוואָרן נאָך די פּאָגראָמען פונם ערשטן קרייצצוג.

---

(83) — אַלס מוסטער פון רש״ים לירישן סטיל צום שיר השירים פּירוש, וועלן מיר דאָ ברענגען אַ קליינעם פראַגמענט פונם טעקסט פון דער הקדמה, וואָס ווערט דאָ ציטירט פון אונדז איבערזעצט כמעט, אינגאַנצן אין אידיש:

„אחת דיבר אלהים, שתים זו שמעתי, מקרא אחד יוצא לכמה טעמים, וסוף דבר אין לך מקרא יוצא מידי פשוטו ומשמעו. ואף על פי שדיברו הנביאים דבריהם כדוגמא, צריך ליישב הדוגמא על אופניה ועל סדרה, כמו שהקראות סדורים זה אחר זה״. און ווייטער.

„... ראה שלמה ברוח הקודש, שעתידין ישראל לגלות וגולה אחר גולה וחורבן אחר חורבן, ולהתאונן בגלות על כבודם הראשון, ולזכור חיבה ראשונה, אשר היו סגולה לו מכל העמים״.. א. א. וו.

דער מענטש שלמה בר יצחק האָט געליטן איבער דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיין פאָלק געטראָפן און דער פ ר ש ן - ד ת א ר ש " י האָט געזוכט, און געפונען און איבערגעלאָזט אַ טרייסט פאַר די ליידן אין דער הער־לעכער אויסטייטשונג, סימבאָליש און אַלעגאָריש, וואָס ער האָט געגעבן די פסוקים פון שיר השירים.

— „אנה הלך דודך?“ וואוהין איז אייער געליבטער אַוועק? פרעגן אונדז די אומות. ווער מיט גוטן, ווער מיט בייזן ווילן אונדז די אומות אומ־ברענגען, ווייל זיי דענקען, אַז אונדזער געליבטער, גאָט ברוך הוא, האָט אונדז אויף אייביק פאַרלאָזן. מיר אָבער, פאַרבלייבן אין אונדזער פאַרעקשנטקייט צו עקזיסטירן, איבערצייגט, אַז אונדזער געליבטער וועט צוריק צו אונדז אומקערן און אונדז דערלייזן און דערהויבן.

— מ ה ד ו ד ך מ ד ו ד, ה י פ ה ב נ ש י ם? וואָס איז דיין געליבטער פאַר אַ געליבטער, דו, שענסטע פון די פרויען? (84) די אומות העולם, די וועלט פאַרשטייט ניט פאַרוואָס האַלטן זיך אַזוי אידן ביי „זייער געליבטן?“ אַזוי טוען פרעגן די אומות העולם דעם פאָלק ישראל: וואָס איז די מער מיט אייער גאָט? מיט וואָס איז ער חשובער פון אַנדערע געטער, וואָס איר לאָזט זיך ברענען און קרייציקן איבער אים?

„כ י ע ז ה כ מ ו ת א ה ב ה! וואָרים שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבשאַפט“ — „זאָל די ליבע די שטאַרקע, וואָס איך ליב דיך, טענה'ט די כנסת ישראל צום אויבערשטן, געשאַצט ווערן ווי די טויטן, מיט וועלכע איך ווער געטויט איבער דיר“ (85).

דאָס זיינען בלויז אַ פּאָר מוסטערן. אָבער פּסוק נאָך פּסוק קען מען נאָכפאָלגן אין רש״יס פּירוש צו שיר השירים, דעם פאָדעם פון די געדאַנקען און שטימונגען, וואָס האָבן אים באַהערשט, אונטערדריקט, איבערגעשווענקט, נאָך די געשעענישן פון תתנ״ו, און ער האָט געפונען אַ טרייסט און דער־לייכטערונג אין תורה, אין גלויבן, אין דער איבערצייגונג, אַז דער עתיד וועט פול זיין מיט פּראַכט, ליכט און גלאַנץ פאַר דעם אויסדערוויילטן פאָלק, וואָס

---

(84) — שיר השירים ה—ט. רש״י זאָגט דאָרטן: „כך היו שואלין האומות את ישראל“. „מה אלהיכם מכל האלהים, שרק אתם נשרפים ונצלבים עליו?“

(85) — שיר השירים ח—ו. רש״יס טעקסט: „האהבה שאהבתיך — עלי כנגד מיתתי שאני נהרגת עליך“.

לאָזט זיך טויטן און קרייציקן אויס ליבע און טריישאַפט צו גאָט, צו זיין תורה.

עס איז אַן אייביק, הערלעך, ליריש געזאַנג, דערדאָזיקער סימבאָלישער אויסטייטש פון די פסוקים פון שיר השירים; ווער עס פילט זיך גערריקט און דערשלאָגן פון די שווערע אייביקע פראַגן, וואָס די טרויעריקע ווירקלעכ־קייט שטעלט פאַר אונדז — ווי זי האָט עס געשטעלט דאַן, סוף עלפטן יאָר־הונדערט, פאַר דעם געטלעכן מאַן ר׳ שלמה יצחקי, זאָל זיך אַנטרינקען פון דעם „נעקטאַר זיסקייט״ פון זיין אַלעגאָריע און סימבאָלן צום פירוש אויף שיר השירים און ער וועט זיך פילן דערלייכטערט.

אין רש״ים פירוש אויף תהילים און משלי זיינען פאַראַן „צייט־אָנמער־קונגען״, מיר האָבן די טיפסטע איבערצייגונג, אַז דידאָזיקע פירושים זיינען געשריבן געוואָרן אונטער דער שטימונג פון די געשעענישן פון גזירת תתנ״ו, אין די לעצטע אַכט־ניין יאָר פון רש״ים לעבנס־וועג; שיר השירים, אָבער, האָט ער פאַרוואַנדלט, דורך זיין פירוש, אין אַ מין לירישן אַפּלייטער פאַר דער דערהדריקטקייט פון זיין געמיט, וואָס איז אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך די שחיטות בעתן ערשטן קרייצצוג; און זיין קראַנקהייט און דערשלאָגנקייט, איז נאָך אַלעמען, געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט ניט דערוויזן טאַקע צו פאַרענדיקן זיין פירוש אויף גאַנץ כתובים; און איוב און דברי הימים זיינען פאַרבליבן טאַקע אָן רש״ים פירוש.

— ד. —

## שפּורן פון גזירת תתנ״ו אין רש״ים פּיוטים

די שפּורן פון דעם שווערן, דערדריקנדיקן רושם, וואָס די געשעענישן — פּאָגראָמען, שחיטות, שמדות און רויבערייען אין צענדליקער אידישע קהילות — פון 1096, האָבן געמאַכט אויף רבי שלמה יצחקים צערטלעכער, ווייכער נאַטור, אויף רש״י דעם גאָטספאָרכטיקן מאַן, וועלכער האָט געלעבט און געאָטעמט נאָר אין דער אַטמאָספערע פון תורה, געפינט מען ניט נאָר אין אייניקע ערטער פון די פירושים זיינע צו תהילים און משלי; און ניט נאָר דורך דעם פירוש אויף שיר השירים האָט די שטימונג זיינע אַרויסגערופן דורך די דערמאָנטע טראַגישע געשעענישן, געזוכט צו אויסלאָדן זיך, אַזוי צו זאָגן, נייערט אויך אין אייניקע פּיוטים, וואָס זיינען פאַרבליבן פון רש״ין.

רש"י איז ניט געווען קיין פּייטן, אין דעם זינען, וואָס ווערט פאַרשטאַנען געוויינלעך; ער איז טאַקע געווען אַ צאַרטער, פול מיט ווייכקייט און צאַרטקייט צו דער נאַטור, צו דעם באַשטאַנד פון דער וועלט, וואָס גאָט ברוך הוא האָט באַשאַפן; ער האָט געהאַט אַ חוש פאַר די שיינקייטן פון דער נאַטור, ער האָט געזען אין דעם די ליבּ און גרויסקייט פונם אלמעכטיקן, פונם בורא ברוך הוא, וואָס האָט באַשאַפן אַזוי פיל שיינקייטן, נאָר כדי צו מהנה זיין דעם מענטשן, און אויב דער מענטש ווערט אומגעבראַכט, ווער דאַרף דען דאָס אַלעס האָבן? (86) זיין פּאָעטישער געפיל און די דערהויבענע פּאָעטישע געדאַנקען, וואָס די נאַטור-שיינקייטן האָבן ביי אים אַרויסגערופן, האָט ער אויסגעדריקט טאָ־דאָ, טאָ־דאָרט, אין זיינע פּירושים צו מקרא און הויפּטזעכלעך אין זיין פּירוש צו שיר השירים, וואו ניט נאָר זיין אַנגעלאָדענע שווערע שטימונג האָט געפונען אויסדרוק, נאָר אויך זיין לירישקייט און זיין זען און אופנעמען די נאַטור-שיינקייטן. אַז מען לערנט דורך, אויפמערקזאַם, דעם פּירוש רש"י צו שיר השירים. טרעפט מען כמעט אין יעדן פּסוק שילדערונגען אָדער באַמערקונגען וועגן די נאַטור-שיינקייטן. און רש"ים רייכע פאַנטאַזיע האָט געפונען איר אויסדרוק אין די „מדרשי-אגדה", אין וועלכע ער איז געווען אַ בקי, ווי קיינער פאַר אים און ער האָט זיי אויף אַ וואונדערבאַרן אופן איינגעפּאַסט, ווי מען פּאַסט-איין דימענטן אין די פיינסטע מיניאַטורן, אין זיין פּירוש אויף תורה, וואו דער פּשט מיטן דרש בילדן אמתע פּאָעטישע אַראַבעסקן.

קיין פּייטן אָבער, אין דעם זין פון פּ י ו ט, ווי דאָס זיינען געווען די ספרדישע פּאָעטן, פ א ר א י ם און פון זיין דור; אין דעם זין, וואָס מיינט צו זאָגן: „הויכע ליטורגישע פּאָעזיע, מיט שוואונג און שטאַרקייט פון עמאָציע אויסגעדריקטע געדאַנקען און סענטימענטען — איז רש"י ניט געווען.

רש"י האָט אָבער געשריבן פּיוטים, ווי דאָס האָבן געשריבן פאַר אים רבנו גרשם, און אַנדערע חכמים פון א ש כ נ ז און ל ו ת י ר פון זיין צייט און דור. און רש"ים פּיוטים צייכענען זיך אויס מיט דער הויפּט-מעלה פון אַלע אַנדערע ווערק זיינע: פּשטות, ווייכקייט, וואַרעמקייט פון געפיל, און נאַטירלעכער פליסיקער העברעאישער סטיל.

---

(86) — „מאדם ועד בהמה" (בראשית ו—ז) מאַכט רש"י: הכל נברא בשביל האדם, וכיון שהוא כלה מה צורך באלו".

די פיוטים, געשריבענע אין פרייע הגם גערייםטע פּראָזן, סליחות אַמיינסטן, זיינען דאָס רוב מין שמועסן פון דער כנסת ישראל מיטן רבונו של עולם; אַ האַרציקער שמועס, ווי אַ קינד, וואָס שמועסט זיך דורך, טענה'ט זיך אויס פאַר זיין פאָטער; דערציילט אים די שווערע לאַגע, אין וועלכער ער געפינט זיך און פאַרבאָרגט ניט די זינד און פעלערן, וועלכע ער איז באַגאַנגען... דער אמתער משנה-העברעאיש, מיט וועלכן זיי צייכענען זיך אויס, אַן די סטיל-שפּיציקייטן און שאַרפקייטן, וואָס מען טרעפט געוויינטלעך אין אַנדערע פיוטים — מאַכט זיי שטאַרק ענלעך צו געוויסע קאַפּיטלען אין תהילים.

סוביעקטיוו, ליריש, דערהויבן אין ריינקייט פון געפיל און אויסדרוק, זיינען די פיוטים רש"ים אויסגעצייכנטע מוסטערן פון פריי גערייםטע תפלות, מוסטערן, דורך וועלכע מען קען זען אויך דעם מענטש רבי שלמה יצחקי, דעם מענטש, וואָס ליידט טיף פון די ליידן פון זיין פאָלק און לעבט מיט דער האָפנונג פון דעם פראַכט און גלאַנץ, וואָס זיין פאָלק איז אָנגעגרייט אויף שפּעטער, לויט דער פאַרזיכערונג און צוזאָג פון דעם גאָט פון די אבות.

די פיוטים, וואָס זיינען פאַרבליבן פון רש"ין — און מירן זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין חקירות טיפע איבער דעם, וועלכע זיינען קלאָר און געוויס רש"ים פיוטים און וועלכע זיינען די, וואָס מען דענקט, אַז זיי זיינען רש"ים, אָדער וואָס די טראַדיציע באַטראַכט ווי רש"ים (87) —

---

(87) — מירן דאָ ברענגען די נעמען פון די פיוטים, וואָס ווערן באַטראַכט, דורך אַלע פאָרשער, אַלס זיכערע רש"ים:

א. מ. הובערמאַן (אַן אויטאָריטעט אין דעם היגזיכט) רעכנט אויס אין זיין אַרטיקל „פיוטי רש"י" („מאזנים" שבט ת"ש) זיבן פיוטים, וואָס זיינען זיכער רש"ים; 1) אדני אלהי הצבאות; 2) אופן אחד בארץ; 3) אז טרם נמתחו; 4) אך לאלהים נפשי דומי; 5) אפך השב; 6) תורה התמימה און 7) תפלה לקדמך.

דר. שמעון בערנשטיין, אין זיין אַרבעט „רש"י בתור פייטן" (אין דעם רש"י-נומער פונם ניו-יאָרקער „הדואר", כ"ג שבט ת"ש) רעכנט אויס אַכט פיוטים, אַלס רש"ים: די דערמאָנטע זיבן און נאָך איינע אונטערן נאָמען „שומר יגיה חשכי בלילה" (זמירות צו שבת צו נאַכט — י. י. שוואַרץ האָט עס איבערגעדיכטעט אויף אידיש).

און נאָך איין פיוט, דער באַרימטער „תנות צרות לא נוכל", וואָס ווערט געזאָגט יום כפור צו מוסף נאָך דער עבודה, ווערט דורך דער טראַדיציע און לויט עס וויזט-אָן רש"ל (אין זיינע תשובות סימן כ"ט), אויך צוגעשריבן רש"ין.

זיינען אויך דאָקומענטן פון יענער צייט. אין איינציקע פון זיי, אויב ניט אין אַלע, זעט מען קלאָר די שפּורן פון די שווערע שטימונגען, וואָס די פּאָגראָמען און שחיטות פון דעם ערשטן קרייצצוג האָבן איבערגעלאָזט אויף רש״ים געמיט. און פון דעם דרינגען מיר, אַז דער גרעסטער טייל פון דידאָזיקע פּיוטים זיינען געשריבן געוואָרן אין די לעצטע יאָרן פון רש״ים לעבן; דאָס מיינט צו זאָגן נ אָ ך דעם שוידערלעכן חורבן, וואָס די אינוואַזיע פון די קרייצלער האָט געמאַכט אין די אידישע קהלות פון יענע קאַנטן און אונטער דעם איינדרוק און געשלאָגענער דערדריקטער שטימונג, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן אין דעם געמיט פון דעם גדול הדור.

אין דעם פּיוט, וואָס מער ווי פּיוט איז עס אַ תפילה, וואָס, זינט יאָרנהונדערטער, זאָגן אים אידן יום־כפּור, נאָך דער עבודה, מיט ערפורכט און באַגייסטערונג, קען מען קלאָר זען, אַז ער איז געשריבן געוואָרן תיכף נאָך דעם ווי אידן האָבן איבערגעלעבט אַ גרויסע צרה און אונטערן פ ר י ש ן איינדרוק פון דערדאָזיקער צרה.

און אָננעמענדיק, אַז ווערטער־שפּיל (תנות־תתנ״ו), איז אַ געוויינלעכע פאָרמע אין פּיוטים בכלל, און אַז אין יענע יאָרנצענדליקער האָבן קיין אַנדערע אומגליקן און צרות,, ווי די, וואָס די קרייצלער האָבן געבראַכט, ניט געטראָפן אידן, איז פאַראַן אַ שטאַרקער גרונט צו גלויבן, ניט נאָר, אַז דער פּיוט איז רשי״ס, נאָר אַז רש״י האָט אויסגעדריקט אין אים די שטימונגען, וואָס האָבן אים געפּרעסט נאָך די גרויסע שחיטות און חורבנות פון יענעם יאָר:

תנות צרות לא נוכל,
שבר בכל יום ואנחה... (88).

---

(88) — גרעץ איז מיט דער מיינונג, אַז דידאָזיקע האַרציקע תפלה, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „ומשחרב בית מקדשנו, תנות צרות לא נוכל, שבר בכל יום ואנחה״ (זינט דער בית המקדש איז הרוב געוואָרן קענן מיר ניט אויסדערציילן אונדזערע צרות, יעדן טאָג אַ בראָך און אַ זיפץ), איז געשריבן געוואָרן פון רש״י. די טראַדיציע זעט אין דעם וואָרט „תנות״ אַ רמז און אָנדייטונג אויף ״תתנו״ (דיזעלביקע אותיות) און דערמיט זאָל רש״י געוועזן ווען אָנדייטן אויף די פּאָגראָמען פון תתנ״ו.

די וויסנשאַפטלעכע פאָרשער, אָבער, פון דער ליטורגיע, זיינען געקומען צום שלום, אַז דער פּיוט „תנות״ איז ניט רש״ים און ניט פון צרפת, נייערט אַ סך אַ

„מיר קענען ניט אויסדערציילן די צרות; יעדן טאָג — א בראָך און א זיפץ; עס פאַרמערט זיך אין אונדז די ציטערניש און דערשראָקנקייט און אונדזער שיין האָט ביז דער ערד געניִדערט“.

און ווייטער קומען דירעקטע אָנדייטונגען אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט געשריבן ווערן נאָר אונטער דעם שווערן רושם פון גזירת תתנ״ו:

יום, יום נאמר מה בסופנו,
טוב מות מחיים אמרנו
חיינו תלואים מנגד...
— — — — — — — — — —
בני־נכר משלו בנו
אמרנו נגזרנו אבדנו.

יעדן טאָג טראַכטן מיר, וואָס וועט אונדזער סוף זיין; איידער אַזאַ לעבן, זאָגן מיר, איז דער טויט בעסער (אַן אָנדייטונג אויף די מאַסן-זעלבסטמאָרדן פון גאַנצע אידישע קהילות, איידער צו לעבן געטויפט) פרעמדקינדער געוועלטיקן איבער אונדז... שוין-זשע ווערן מיר אויסגעראָטן, פאַרלוירן?

אין אַנדערע פיוטים, וואָס זיינען ז י כ ע ר רש״ים, זיינען די שפּורן פון די געשעענישן פון תתנ״ו נאָך בולטער, נאָך אָפענער; מען זעט זיכער, אַז רש״י האָט זיי געשריבן תיכף נאָך די פּאָגראָמען אין מיינץ, וואָרמס, קעלן, טריוועריִם און שפּייער.

און אַ צווייטע תפילה, וואָס הויבט זיך אָן מיט דעם פּערז:

---

פריערדיקער; ער איז געדרוקט אין דעם ר׳ סעדיה גאון־סידור צוזאַמען מיט נאָך ספרדישע פיוטים.

ווען מיר זאָלן האָבן די זיכערקייט, אַז דערדאָזיקער פיוט איז ניט אריינגעקומען געוואָרן אין ר׳ סעדיה גאונס סידור אין די שפּעטערדיקע אויפלאַגעס, דורך ע מ ע צ ן פון די שפּעטערדיקע מסדרים, וואָלט דאָס אוודאי געוועזן אַ באַווייז...

דער ר״של, ווידער, איז אַ גענוגנדיקע אויטאָריטעט צו פאַרלאָזן זיך אויף אים. אַלנפאַלס ווייזט עס, אַז אין דער העלפט פונם 16־טן יאָרהונדערט איז מען שוין איבערצייגט געווען, אַז רש״י האָט געשריבן דעם פיוט „תנות לא אוכל“ אויף דעם גרונט פון גזירת תתנ״ו. לויט דעם סטיל און דער האַרציקייט פון דער תפלה, קען זי זיכער זיין רש״ים.

תורה התמימה, אלפים קדומה
הלי נא פני אל, בעד יונה תמה (89).

רעדט רש"י, דעם מחבר פון דעם פיוט, אָפן וועגן: „יהירים בני בלי שם" די אומות, מיינט ער, וואָס מאַטערן און פּייניקן דאָס פאָלק ישראל. ער ווענדעט זיך צו דער תורה, זי זאָל, ווי אַן אלמנה, אין טרויער זיך איינהילן און גענענען מיט געבעט צו גאָטס געזיכט, צו בעטן הילף און רחמים.

פאַר וועמען? דאָ קומען עטלעכע פערזן, אין וועלכע עס ווערן דערציילט זאַכן, וואָס אין רש"יס צייטן האָבן זיי נאָר פּאַסירט בעת די שחיטות פון די קרייצלער:

בקשי עלבון חסידיך ושפיכת דם לימודיך
מיד בנו זנונים מכריתי תלמודיך,
אשר קרעו יריעותיך ורמסו אותיותיך
ובשצף קצף החריבו משכנותיך.

(תורה, בעט גאָט פאַר דער דערנידערונג פון דיינע פרומע, פאַר דאָס פ א ר ג א ס ע נ ע ב ל ו ט פון די, ו ו א ס ל ע ר נ ע ן ד י ך, דער-פאַר, וואָס מען האָט צעריסען דיינע יריעות, צעטראָטן דיינע אותיות און מיט צאָרן-שטראָם האָבן זיי געטון חרוב מאַכן דיינע רואונגען).

קלאָר, אַז דער פּייטן באַציט זיך צו די לומדים, וואָס זיינען אומגע-בראַכט געוואָרן, ספרי-תורהס, וואָס זיינען געשענדעט געוואָרן, ישיבות, וואָס זיינען חרוב געוואָרן בעת די פּאָגראָמען און שחיטות פון יאָר 1096.

אין דעם פיוט „תפלה לקדמך", וועלכע מיר האָבן ציטירט אויבן, אינם עפּיגראַף פון דעם פרק, זיינען פאַראַן פיל פערזן, וואו עס ווערן אַרויסגעזאָגט אַזעלכע אויסדרוקן און געמאַכט אַזעלכע באַציאונגען וואָס וואָלטן ניט געקענט געמאַכט ווערן פון רש"ין, פאַר די שחיטות פון תתנ"ו, ווען אידן אין דייטש-לאַנד, לאָטרינגען און פראַנקרייך האָבן געלעבט רואיק און אָן צרות און פּיין:

---

(89) — דער פּייטן ווענדעט זיך צו דער ת ו ר ה ד ע ר ג א נ צ ע ר, וועלכע איז (לויטן מדרש רבה) באַשאַפן געוואָרן מיט טויזנטער יאָר פריער פאַר דער וועלט, אַז זי, די תורה, זאָל בעטן ביי גאָט פאַר דער ריינער, גאַנצער כנסת ישראל, וועלכע איז געגליכן צו אַ טויב, וואָס ליידט אַזוי פיל פון רדיפות און צרות.

ועד - מה ד׳ חמתך לא שככה
ותראה באבדן, ותביט איככה
העוינו מכה לא רוככה,
האלה באה, והשבועה נתכה...

(און ביז וואנען און ווי אַזוי גאָט קענסטו, מיט ניט געשטילטן צאָרן, צוזען, ווי מיר ווערן פאַרלוירן, ווי מיר ווערן געשלאָגן מיט אייטערנדיקע וואונדן, ווי עס ווערן אויף אונדז אויסגעגאָסן קללות און פלוכן...).

אין אַ צווייטן שטעל פון דעמדאָזיקן פיוט, באַנוצט רש״י דירעקט דעם אויסדרוק „בצוק העתים״, אין די שווערע שלעכטע ציימן — קיין אַנדערע שווערע צייטן, ווי תתנ״ו, האָבן אין רש״יס צייטן אידן ניט איבערגעלעבט.

אינטערעסאַנט, אַז אויך אין די „זמירות למוצאי שבת״ (90) — דאַכט זיך גאָר אַ האָפּערדיק געזאַנג אויף אַ פולער וואָך, פול מיט האָפענונג און בטחון אויף גאָטס הילף — פילט מען אויף טריט און שריט די געדריקטע שטימונג, די מורא, די דערשלאָגנקייט, וואָס די פּאָגראָמען פון די קרייצלער האָבן אָנגעוואָרפן אויף רש״יס געמיט.

שומר יגיה חשכי בלילה,
כי הנה אימה חשכה גדולה
היה נא עוזר לנו.

און אין אַ פּלאַץ ווייטער, אַ מער דירעקטע אָנדייטונג אויף די צייט-געשעענישן:

(90) — אויך וועגן דעמדאָזיקן „זמר״, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „שומר יגיה חשכי בלילה״, זיינען די מיינונגען צעטיילט.

א. מ. הובערמאַן אין דעם ציטירטן אַרטיקל איז מיט דער מיינונג, אַז דער פיוט איז ניט רש״יס, ער איז אַ סך אַ שפּעטערדיקער.

דר. שמעון בערנשטיין דאַקעגן ברענגט אים, אין זיין זאַמלונג פון רש״יס פיוטים, און דערווייזט, אַז ער איז זיכער יאָ רש״יס.

אויב סטיל און פאָרמע, ריינקייט פון העברעאיש און פשטות אינם אויסדרוק און אין דער קאָמבינאַציע פון האַלבע פסוקים, איינגעפּאַסטע אין דעם פיוט ווי אַ מאָזאַאיק (דער זמר איז אַ „תשבץ״) קען דינען אַלס באַווייז פאַר „אויטאָר-רעכט״, איז דער „שומר יגיה חשכי בלילה״ זיכער רש״יס.

ב ע ר ב  ב כ י  ולבקר רנה
אנא ד׳ הושיעה נא
היה נא...

ראה: איך ה ו ש ך  י ש ו פ נ י
ועת ערב אור בעדני
היה נא...

יוציאני מ ח ו ש ך  ו צ ל מ ו ת
והאר עיני פן  א י ש ן  ה מ ו ת...
היה נא...

דיזעלביקע שטעלן אין י. י. שוואַרצס אויסגעצייכנטער איבערדיכטונג לויטען:

דער שומר זאָל מיין פ י נ ס ט ע ר ע  נ א כ ט  באַשטראַלן,
ווייל אַ  א י מ ה ד י ק ע  פ י נ ס ט ע ר נ י ש  איז ארונטערגעפאַלן.
זיי אַ הילף אונדז דערבאַרעמדיקער גאָט.
אין אָוונט געוויין, אין פרימאָרגן געזאַנגען,
שיק הילף אונדז אין גלות, אין פינסטערן, לאַנגן.
זע, עס האָט אונדז די  פ י נ ס ט ע ר ע  נ א כ ט  פאַרנומען
אין שעה פון דעם אָוונט, זאָל ליכט אויף אונדז קומען —

און ווייטער:

ער האָט אונדז פון  ט ו י ט ־ ש ר ע ק  אַרויסגעצויגן
באַשירעם, באַשיץ און לויכט־אויף מיינע אויגן.—

דער גאַנצער טאָן פון די „זמירות״ איז אַ טאָן פון איינעם, וואָס געפינט זיך אונטער שווערן דרוק פון מורא, אָבער דער בטחון — און דער עיקר דער בטחון אויף אַ פולע וואָך — פאַרלאָזט אים ניט, און ער דריקט אויס דעם דאָזיקן בטחון, הגם ער געפינט זיך נאָך אונטער דעם איינדרוק פון פּאַניק, וואָס די דורכגעלעבטע שרעקן האָבן אַרויסגערופן.

אַז מען אַנאַליזירט רש״ס פּיוטים, זעט מען קלאָר, אַז גוטע זעקס פון

די זיבן-אכט אָדער ניין, וואָס זיינען פון זיין פעדער ארויס, זיינען געשריבן געוואָרן נאָך גזירת תתנ״ו און זיינען א פ ש ר ארויסגערופן געוואָרן, איינ־גאַנצן, דורך דידאָזיקע געשעענישן, ריכטיקער געזאָגט, דורך דער באַדערפע־ניש, וואָס רש״י, דער האַרציקער, ווייכער, תמיד הייטערער, געזעצטער תורה־מענטש, האָט געשפּירט אין זיך, צו אויסלאָדן דורך פּיוטים און סליחות, דעם ווייטיק, די שטימונגען פון גרויל, געמישט מיט פּראָטעסט, וואָס דער קלאַפּ פון תתנ״ו האָט געבראַכט אויף דער כנסת ישראל.

— ח —

## רש״ים שטעלונג צו די אנוסים

די שרעקלעכע געשעענישן פון גזירת תתנ״ו, האָבן חוץ דעם חורבן און קאַטאַסטראָפע, וואָס זיי האָבן געבראַכט פאַר פיל גרעסערע און קלענערע קהילות פון ביידע זייטן פון טייך רהיין און אין די פראַנצויזישע פּראָווינצן, געבראַכט אַלס קאָנסעקווענץ, א שווערע פּראָבלעם פון אנוסים. ווי מיר האָבן אויבן אָנגעוויזן, האָבן ניט אַלע א י ן די קהילות אויסגעהאַלטן דעם העכסטן און שווערסטן נסיון, די פּראָבע פון קידוש השם; און איינציקע אייגנוויליק און פיל, געצוואונגען פּשוט דורך געוואַלט, פון די קרייצלער-האָרדעס און זייערע פירער, האָבן זיך אַליין געטויפט, אָדער זיי זיינען געטויפט געוואָרן. עס איז אנטשטאַנען א פּראָבלעם פון מאַסן-אנוסים, וואָס האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו אידישקייט, ווי נאָר די ביטערע שווערע צייט איז אריבער... אויף א ווייל, ווייל, ווי באַקאַנט, האָבן זיך די גזירות און שחיטות אויף אידן איבערגע־חזרט, מיט מער אכזריות און גרויל אין די שפּעטער געקומענע קרייצצוגן.

עס איז שווער צו וויסן איצט, גענוי ווי גרויס איז געווען די צאָל פון די אנוסים. אונדזערע בראָניקער און שפּעטער פון געשיכטע-ווערק אין מיטלאַל־טער, האָבן ניט געהאַט קיין פאָרשטעלונג וועגן דער וויכטיקייט פון גענויע ציפערן און זיי האָבן, בכלל, געשאָנקען ווינציק אויפמערקזאַמקייט פאַר דעם. סדר „שלשלת הקבלה״ גיט-אָן די צאָל פון די אומגעקומענע „אין קדושה״ אין פינף טויזנט; שפּעטערדיקע מקורות, אָבער, האָבן געבראַכט א ציפער פון צוועלף טויזנט אומגעבראַכטע. פון דעם איז צו דרינגען, אז אין דעם פאַל האָט דער מחבר פונם „שלשלת הקבלה״ ניט איבערטריבן די ציפער;

און אַט דערזעלביקער מחבר דריקט זיך אויס וועגן די, וואָס האָבן זיך גע-טויפט, אַז „זיי זיינען געווען אומצאָליק".

עס איז צו באַגרייפן, אַז זייער צאָל זאָל געווען זיין אַ סך גרעסער. ווי די צאָל פון די, וואָס האָבן זיך געלאָזט אומברענגען על קידוש השם: די מאַסן, ווי רעליגיעז געשטימט זיי זאָלן ניט זיין זיינען ניט אַלע העלדן... און דער אינסטינקט פון לעבן איז גרעסער און שטאַרקער ביי דעם דורכשניט-מענטש, ווי דער באַוואוסטזיין און די דערקענטע-ניש, וואָס ברענגט צו אַן איבערצייגונג ביז מסירת נפש פאַר אַן אידעאַל אָדער גלויבונג.

אין די שטעט, אַלזאָ, וואו עס האָט ווי אַ שטורעם זיך דורכגעטראָגן די פאַרוויסטונג און פאַרניכטונג, מיטן דורכגאַנג פון די קרייצלער, זיינען פאַרבליבן פיל אנוסים; און ווי נאָר עס האָט זיך אַרויסגעוויזן די מעגלעכ-קייט פאַר די אנוסים צו אַראָפּוואַרפן פון זיך די מאַסקע פון שאַנדע, וואָס זיי האָבן אָנגעטון, אין דעם מאָמענט פון צאָרן און לעבנס-געפאַר, האָבן זיי געאיילט צו טון עס, אומקערנדיק זיך אָפן, צוריק צו אידן און אי-דישקייט.

און אַזאַ געלעגנהייט איז געקומען גאָר אינגיכן. די שחיטות אויף אידן אין דער צייט פון דעם ערשטן קרייצצוג זיינען געווען ניט קיין אָרגאַניזירטע באַוועגונג, נאָר אַ כאַאָטישע, אַ ספּאָראַדישע, אַ באַוועגונג, וועלכע איז גע-קומען פון די האָרדעס אַליין און פון זייערע קליינע פירער, באַוואויגן דערצו פון גיריקייט צו רויב און דעראָבערונג פון פרעמדן פאַרמעגן. די העכערע מלוכה־פירער אין די דאַמאָלסדיקע מלוכות, וואָס האָבן אָנגעהויבן שוין צע-שטויבט צו ווערן אונטער דעם וואַקסנדיקן און זיך פאַרפעסטיקנדיקן פעאָ-דאַליזם און אויך די העכערע גייסטלעכע, האָבן פאַרדאַמט דידאָזיקע פּאָגראָ-מען; עס זיינען אָפילו געווען פאַלן, ווען בישאָפן האָבן געגעבן שוץ אידן קעגן די צעבושעוועטע האָרדעס קרייצלער. זיי האָט עס פשוט ניט געלוינט, ווייל די אידן זיינען געווען ווי פאַר די הערשער פון דער וועלטלעכער מאַכט אַזוי פאַר די „פירשטן פון דער קירכע" אַ פּערמאַנענטער קוואַל פון הכנסות. וואָס דאָס חרוב-מאַכן די קהילות, פאַראָרעמען די אידן, אָדער דאָס פאַרוואַנדלען זיי אין קריסטן דורך צוואַנגס-שמד, האָט געמאַכט אויסטריקענען.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז ווען דער ערשטער קרייצצוג האָט אָנגע-הויבן און די האָרדעס האָבן געבושעוועט אין דעם רהיין-געביט, איז דער

קיניג היינריך דער פערטער געווען פאַרנומען אין איטאַליע, אין אַ מלחמה, וואָס ער האָט געפירט און וועלכע, ווי די מערהייט מלחמות פון יענער צייט, האָבן זיך געצויגן יאָרן. ס'קען זיין, אַז ווען ניט דערדאָזיקער צופאַל, וואָלט דער ערשטער קרייצצוג אָנגענומען אפשר גאָר אַן אַנדער אויסזען.

ווען דער דערמאָנטער קיניג היינריך איז צוריקגעקומען פון איטאַליע קיין דייטשלאַנד און ער איז געוואוירע געוואָרן, וואָס די קרייצלער האָבן געטון מיט די אידן, איז ער געווען אויסער זיך פון כעס און אויפגעבראַכטקייט. לעבעדיק מאַכן די טויטע איז ניט מעגלעך געווען, גאַנץ מאַכן דאָס צושטערטע און חרוב-געמאַכטע דורך די באַנדעס איז אויך ניט מעגלעך געווען; דערפאַר, אָבער, האָט מען יאָ געקענט פאַרריכטן דעם שאָדן און פיין פון די טויזנטער אנוסים, געטויפטע אונטער דער מורא פאַרן טויט אָדער דירעקטן צוואַנג. און דאָס האָט געטון דער קעניג היינריך, ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען (אין 1097) פון איטאַליע: דער קיניג האָט צעשיקט שריפטלעכע פאַראָרדנונגען אין אַלע מדינות פון זיין קיניגרייך, צו די פירשטן, ביסקופן און גובערנאַטאָרן, אַז עס ווערט דערלויבט די אידן, וואָס האָבן זיך געשמדט אוים מורא אָדער צוואַנג צו אומקערן זיך צוריק צו זייער גלויבן און ווערן אומגעשטערט אידן. ער האָט ניט געשאָנקען די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט דעם פּראָטעסט פון דעם דאַמאָלסטיקן פּויפּסט, קלעמענט דעם דריטן, וועלכן ער אַליין, היינריך דער פערטער, האָט באַשטימט אַלס פּויפּסט (כדי צו באַקעמפן זיין קעגנער, גריגאָר דעם זיבעטן). דער פּויפּסט, הגם געשטעלט פון דעם קיניג, איז געווען קעגן דערדאָזיקער „פּריווילעגיע", וואָס דער קיניג האָט געגעבן די אנוסים, טענה'נדיק, אַז ב ד י ע ב ד זיינען זיי שוין קריסטן און דאַרפן פאַרבלייבן קריסטן ... ח. היינריך דער פערטער איז זיך געבליבן ביי זיין מיינונג און כמעט אַלע אנוסים האָבן אויסגענוצט דידאָזיקע געלעגנהייט און זיך אומגעקערט צו אידישקייט (91).

דאָסדאָזיקע, אָבער, האָט געשאַפן אַ פּראָבלעם אין די קהילות זעלבסט; און אייניקע קהילות, וואו עס איז געווען באַדייטנדיק די צאָל פון די געוועזענע אנוסים, זיינען אַנטשטאַנען מחלוקתן: מען האָט ניט געקענט מוחל זיין די געוועזענע אנוסים זייער שוואַכמוטיקייט אין דעם מאָמענט פון נסיון און

(91) — ז. גרעץ־שפר „דברי ימי ישראל" חלק ד, ז. 118—119 און ז. יעב"ץ „תולדות ישראל" ח. י"א ז. 54—55.

די וואָס האָבן דעם נסיון יאָ אויסגעהאַלטן, האָבן געקוקט ווער מיט פאַר־דרוס, ווער מיט ביטול, ווער מיט חשד אַפילו אויף די געוועזענע אנוסים; מען האָט אָנגעהויבן ווי אָפּזונדערן זיך פון זיי, מען האָט ניט געוואָלט משדך זיין זיך מיט זיי; אין פיל ערטער האָט מען זיי געמאַכט אָפּענע פאַר־וואורפן, אַז מען וויל זיי ניט האָבן אין דער געמיינדע. די אנוסים האָבן פון דערדאָזיקער באַציונג געליטן געוואַלטיק און אייניקע האָבן זיך געווענדעט צו די גדולי הדור, צו רש"ין הויפּטזעכלעך, אים אויסדערציילנדיק פון זייער פּיין און ליידן.

אין די שאלות ותשובות פון יענער צייט, געפינט מען דעם אָפּקלאַנג פון דערדאָזיקער פיינלעכער פּראָבלעם, וואָס איז אַנטשטאַנען דאַן פאַר די אידישע קהילות אין דייטשלאַנד און צפון-פראַנקרייך; און פון דידאָזיקע תשובות שיינט אַרויף, הויבט זיך אַרויף צו אַ ריזיקער הויך רש"ים פּערזענ-לעכקייט, זיינע געוואַלטיקע עטישע מידות, זיין מערקווירדיקע מענטשלעכע צאַרטקייט און באַציונג צו דידאָזיקע דאָפּלט ליידנדיקע: פריער אַלס אידן, דערנאָך אַלס אנוסים.

רש"ים איידעלע, צערטלעכע, עטישע נאַטור האָט געליטן פון דעם, וואָס מען באַציט זיך מיט אַזאַ האַרטקייט צו די מענטשן, וואָס האָבן געליטן אַלס אנוסים, און אין די שאלות ותשובות זעט מען, ווי עס האָט רש"ין וויי-געטון פאַרוואָס מען באַהאַנדלט אַזוי די אנוסים, צוריקגעקומענע צו אידישקייט, וועלכע ער, רש"י, האָט באַטראַכט, ווי אמתע בעלי־תשובה.

די פיינטשאַפט און צוריקגעהאַלטענע באַציונג צו אנוסים איז דערגאַנ-גען, אין געוויסע פאַלן, אַזוי ווייט, אַז פרומע אידן פלעגן זיך אָפּהיטן פון טרינקען וויין, וואָס אַן אנוס האָט אָנגערירט, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ קריסט; צומאָלס פלעגט מען זיי אָנרופן מיט זידל-ווערטער, ווי „משומדים", „עוכרי ישראל", „ממזרים" א. אַ. דאָסדאָזיקע האָט באַזונדערס וויי-געטון רש"ין. זיין נאָבעלע נאַטור און מענטשלעכע באַציונג האָט פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ מין אומבאַגרינדעטער קנאות, און שלעכטקייט פון מענטשן, און ער, דער גדול התורה, איז אַרויסגעטראָטן שאַרף קעגן דעם, אין אייניקע פון זיינע תשובות. „פאַרמיטן פאַר אונדז — זאָגט רש"י אין איינער פון זיינע תשו־בות — צו דערווייטערן זיך פון די אנוסים, צו פאַרשעמען זיי אָדער פאַר־שאַפן זיין חרפּה. דאָס, וואָס זיי האָבן געטון, האָבן זיי געטון נאָר אויס מורא

פאַר דעם שאַרף און געפּאַר פון דער שווערד; און ווי נאָר די סכנה איז אַריבער־האָבן זיי געשווינט און פולשטענדיק תשובה־געטון (92).

אין אַ צווייטער תשובה טרעט רש״י שאַרף אַרויס קעגן די, וואָס פּלעגן ניט וועלן נוצן דעם וויין, וואָס אנוסים האָבן אָנגערירט, אויך איבער דעם זעלביקן מאָטיוו, וואָס ער באַטראַכט זיי ווי בעלי-תשובה.

עס איז ברייט באַקאַנט אַ תשובה, וואָס רש״י האָט געשריבן צו דער קהילה פון קאָוועיאָן, וועגן אַ מחלוקת, וואָס דאָרטן האָט אויסגעבראָכן אי-בער דערזעלביקער פּראָבלעם — איינער האָט פאַרגעוואָרפן אַ געוועזענעם אנוס, אַז ער איז אַ געטויפטער און אַ צווייטער האָט זיך אָנגענומען יענעמס כבוד, טענהנדיק, אַז מען טאָר נישט מבייש שטעלן און אַז ס'איז דאָ וועגן דעם נאָך אַ חרם פון רבנו גרשם. דאָרטן פאָדערט-אויף רש״י די דערמאָנטע קהילה צו שלום און זאָגט מוסר די, וואָס וואַרפן פאַר די אנוסים זייער אומ-גליק און שאַנדע. „גאָט האָט נאָך אויפן באַרג סיני אונדז געוואָרנט קעגן דעם — זאָגט רש״י אין דער דערמאָנטער תשובה — „לא תונו איש את עמיתו“, איר זאָלט ניט דערצערענען איינער דעם צווייטן, מיינט דער פּסוק, דערמיט, איר זאָלט ניט דערצערענען מיט רייד. אויב איינער איז געוואָרן אַ בעל-תשובה, טאָר מען אים ניט זאָגן: „געדענק, אָדער דערמאָן זיך אין דיינע פריערדיקע מעשים, אויב ער איז אַ גר'ס אַ זון, טאָר מען אים ניט זאָגן „דערמאָן זיך אין די מעשים פון דיינע עלטערן“... אויב קינדער האָבן געזינדיקט, האָבן דאָך זייערע עלטערן ניט געזינדיקט אין דעם, איז ניט דערלויבט צו נאָכזאָגן עס, נאָך זייער טויט־בעט; די תשובה דערגרייכט דאָך ביזן כסא הכבוד; און דאָרטן, וואוהין בעלי-תשובה דערגרייכן, דערגרייכן ניט אַפילו צדיקים גמורים, דען עס איז געזאָגט געוואָרן: שלום, שלום צום ווייטן ווי צום נאָענטן“ (93).

רש״ים האַרציקע, מענטשלעכע באַציונג צו די אנוסים איז געגאַנגען אַזוי

---

(92) — „פּרדס“, ז. 23, עמוד 4.

„חלילה לנו להתרחק מהאנוסים ולחרפם ולביישם. כל מה שעשו, לא עשו אלא מפני אבחת הרב, וכמעט שעברה הסכנה מהרו לשוב בתשובה שלמה, — ציטירט לויט גרעץ.

(93) — ...„שהרי מסיני ד' זהרנו על זה: לא תונו איש את עמיתו, באונאת דברים הכתוב מדבר. אם היה בעל תשובה לא יאמר לו: זכור מעשיך הראשונים; אם היה בן גרים, לא יאמר לו: „זכור מעשי אבותיך... אם בנים חטאו, אבותם לא

ווייט, אַז ער האָט געפּסקנט, אַז אויב דער צוריקגעקומענער געטויפטער איז אַ כהן געווען, מעג ער ווידער דוכנען און דאַרף אויפגערופן ווערן, ווי אַ כהן, דער ערשטער צו קריאת התורה (94).

די שענסטע פּערל אין דער קרוין פון רש״ים אומשטערבלעכקייט איז די דאַזיקע וואַרעמע, אמת עטישע באַציונג צו די אנוסים, אין דער צייט און אין דער מיט פון אַ דור ווען פרומקייט און קנאות זיינען געווען סינאָנימען און ווען י ר א ת ש מ י ם איז פאַרשטאַנען געוואָרן אַזוי שטרענג, אַז מער ווי אַן ענין, וואָס איז מ ס ו ר ל ל ב איז עס געווען דאָן אַן ענין פון אויסערלעכער אויספירונג פון מצוות מעשיות.

אויך אין דעם איז דער אומשטערבלעכער פּ ר ש נ ד ת א געווען אַ יחיד בדורו און אפשר ניט נאָר אין ז י י ן דור...

— ו —

## דער סוף פון רש״ים ערדיש לעבן

די שרעקלעכע געשעענישן פון תתנ״ו האָבן אַרויסגעשטויסן רש״ין און זיין געמיט פון דעם נאָרמאַלן געוויינלעכן קורס פון לעבן; זיי האָבן אים אויפגערודערט. זיין העכסט־עמפינדלעכע נאַטור האָט געליטן צוזאַמען מיט די ליידן פון פאָלק, ניט נאָר אין באַוואוסטזיין, ניט נאָר אינם פרט פון אי־דישער נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, נייערט געליטן ממש פיזיש.

מיר האָבן געזען אין די פאָריקע קאַפּיטלען, ווי אַזוי רש״י האָט רעאַגירט אויף דעם דורך זיינע פירושים, דורך תורה, ווי דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין די פיוטים, וואָס ער האָט אין יענער צייט אונטער דעם איינדרוק פון די געשעענישן פון דער צייט, געשריבן.

רש״י איז, אָבער, אויך פיזיש צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן. נאָך די געשעע-

---

חטאו בזון; ולא הותר להם לספר אחרי מטתם, שהתשובה מגעת עד כסא הכבוד, ואפילו צדיקים גמורים אינם עומדים במקום שבעלי־תשובה עומדים, שנאמר: „שלום, שלום לרחוב ולקרוב". — „תשובות חכמי לותיר וצרפת".

ציטירט לויט ליפשיצעס בוך „רש״י", זייט 28.

(94) — „כוהן שהמיר את דתו וחזר בתשובה, מותר לו לעלות לדוכן, ולקרא בתורה ראשון" — „שבלי הלקט", ט״ו, ציטירט לויט דעם דערמאָנטן בוך.

נישן אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, איז ער א לאַנגע צייט קראַנק געווען; ווי ער אַליין דריקט זיך אויס אין זיין ספר „הפרדס", „איז ער געמשפט מיט יסורים פון קראַנקהייט און ליגט אויף דעם קראַנקן בעט" (95).

קראַנקערהייט האָט ער פאַרגעזעצט זיין טיטאַנישע ארבעט צו פאַרענ-דיקן צו מבאר זיין ש"ס. ער האָט זיך געאיילט; ווי א פרומער בעל תפלה, וואָס זאַמלט צונויף יום-כיפור צו נעילה די לעצטע כוחות צו פאַרענדיקן די תפלות פון דעם הייליקסטן טאָג, אַזוי האָט רש"י צונויפגעזאַמלט זיינע לעצ-טע כוחות און קראַנקערהייט דיקטירט זיין איידעם ר' יהודה בן רב נתן, זיינע תלמידים און זיין אייניקל דעם רשב"ם די פירושים צו די מסכתות, וואָס ער האָט דאַן געהאַלטן אין מפרש זיין: בבא בתרא און מכות. דער אומשטערב-לעכער בעל תפלה, האָט געשפירט די שקיעה פון זיין לעבן; ער האָט געשפירט, אַז ער רוקט זיך אָן די שעת נעילה און ער האָט זיין לעבנס-תפלה געוואָלט לאָזן אינגאַנצן פאַרענדיקט.

דאָס איז אים אָבער ניט באַשערט געווען: די פיזישע כוחות האָבן אים ביסלעכווייז פאַרלאָזט; די קראַנקהייט האָט זיך געשטאַרקט, און וואָס ווייטער אַלץ אָפטער האָט ער געמוזט איבעררייסן דאָס דיקטירן אָדער שרייבן דעם פירוש. דאָך האָט ער זיך אַלץ געראַנגלט און אַפילו דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן — דאָנערשטאָג, כ"ט תמוז תת"סה ליצירה (עס איז אויסגעפאַלן דאַן דעם 13-טן יולי) איז צוגענומען געוואָרן פון אונדז דער ארון קודש, דער קודש הקדשים, דער גרויסער לערער, ר' שלמה בן הקדוש ר' יצחק ז"ל (96). בעת ער האָט נאָך געשריבן אָדער דיקטירט דעם פירוש צו מסכתא „מכות".

אין מיטן שרייבן האָט ער אויסגעהויכט זיין אומשטערבלעכן גייסט; און אויף דעם אָרט וואו זיין פירוש איז איבערגעריסן געוואָרן — צופעליק ביים וואָרט „טהור"-ריין — איז געמאַכט געוואָרן אויף אייביקע אייביקייטן די פאָלגנדיקע צושריפט: „אונדזער רבי, זיין גוף איז ריין און זיין נשמה איז אויסגעהויכט געוואָרן אין טהרה (ביים אויפשרייבן דאָס וואָרט טהור) מער

(95) — „נדון ביסורי־חולי ומוטל על ערש דוי" — „הפרדס".

(96) — דידאַזיקע אונטערשריפט געפינט זיך אויף אַן אַלטן כתב־יד פון רש"יס פירוש צו תורה, וואָס געפינט זיך אין מוזעאום־ביבליאָטעק אין פּאַרמאַ, אונטערן נומער 175 „הארון הקודש, קודש הקדשים, המורה הגדול ר' שלמה בן הקדוש ר' יצחק ז"ל צרפתי נלקח מאתנו ביום ה' כ"ט תמוז תת"סה ליצירה".

האָט ער ניט מפרש געווען, פון דאַנען און ווייטער, איז עס דער לשון פון זיין תלמיד (און איידעם) ר׳ יהודה בר נתן״ (97).

רש״י איז אַריבער פון ערדישן לעבן צו דער אומשטערבלעכקייט — לויטן סטיל פון יענער צייט: „ער איז גערופן געוואָרן אין דער ישיבה של מעלה — איידער ער האָט פאַרענדיקט די פּירושים צו ש״ס; זיין עלטסט אייניקל, דער רשב״ם, וועלכער האָט אין טרוא פאַרנומען זיין שטול נאָך אים, זיין איידעם דער ריב״ן און זיין אייניקל דער ריב״ם, דעם רשב״מס ברודער און זייער פאָטער ר׳ מאיר בר שמואל, האָבן פאַרגעזעצט די אַרבעט, פאַר-ענדיקט די פּירושים און פאַרגעזעצט ווייטער — דורך דער גלענצנדיקער קייט פון די בעלי־התוספות — וואָס האָבן פאַרטיפט און אַנאַליזירט די פאָרשונגען און דערקלערונגען אויף תלמוד — אין צרפת און אשכנז.

די ליכט פון תורה, וואָס רש״י האָט אָנגעצונדן אין פראַנקרייך, איז ניט אויסגעלאָשן געוואָרן דאָרטן ביזן גירוש אין דעם דרייצנטן און אָנהויב פערצנטן יאָרהונדערט; פון דאָרט האָט רש״יס ליכט זיך אַריבערגעטראָגן אין מיטל, אין מזרח־אייראָפּע, אין דרום, אין צפון, אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט; רש״יס תורה — מען מעג מיט פולן רעכט אַזוי זאָגן, ווייל רש״י האָט דורך זיינע פּירושים דערהאַלטן תורה און תלמוד, אַז זיי זאָלן ניט פאַר-געסן ווערן ביי אידן — רש״יס תורה האָט זיך אַרויסגעוויזן אייביק ווי די צייט און גרויס ווי די וועלט; זי האָט גובר געווען אַלע געאָגראַפישע ווייט-קייטן און שטערונגען, אַלע שפּראַכלעכע מניעות און הינדערנישן, וואָס אונד-זער פאָלק איז אויסגעקומען צו איבערלעבן, אַלע פורעניותן, רדיפות און גזירות, וואָס אונדזער פאָלק שטייט אויס.

רש״יס ליכט ווערט ניט אויסגעלאָשן, אייביק איז זיין תורה, ווי אייביק זיין פאָלק איז; אייביק איז ער אין דער אומשטערבלעכקייט, ווי אייביק דאָס פאָלק פון דער תורה און אין אים איז אויף אַ הערלעכן אופן פאַרקערפּערט געוואָרן דער סימבאָל: ישראל ואורייתא חד הוא.

(97) — רש״י: מכות י״ט — „רבנו גופו טהור, ויצאה נשמתו בטהרה ולא פירש יותר, מכאן ואילך לשון תלמידו ר׳ יהודה בר נתן״.

פנחס נאמן

# רש״ים פירוש אויף תורה

פעדאַגאָגישע, נאַציאָנאַלע, עטישע און לינגוויסטישע עלעמענטן

אין זיין אינהאַלט



I.

## 1. חומש מיט רש״י

אין די דריי ווערטער „חומש מיט רש״י" האָט דאָס פאָלק אויף זיין איינענעם פרימיטיוון אופן אויסגעדריקט די ריכטיקע ווערט פון רש״ים פירוש אויף תורה, און דורך זיי האָט ער געגעבן זיין אָפּשאַצונג פון רש״ים גרויסער אַרבעט צו מאַכן פון חומש א ספר פאַר אַלע שיכטן פון אידישן פאָלק:

ווען א טאַטע האָט זיך באַרימט אַז זיין אינגל לערנט שוין חומש מיט רש״י, האָט ער געוואָלט זאָגן, אַז ער איז שוין א איד מיט אידן גלייך און אַז ער איז שוין אַריין אין דעם היכל הקודש פון די אידישע לימודים. ווען מ׳האָט אָנגעוויזן אויף א יונגן מאַן אַז ער קען א פּסוק חומש מיט רש״י האָט מען געמיינט צו אונטערשטרייכן אַז מיט דעם ע י ק ר פון אידישער תורה איז ער שוין פאַרזאָרגט — דאָס איבעריקע: א פּרק משניות, א בלאַט גמרא איז א לוקסוס-זאַך, צו וועלכער ניט יעדערער איז זוכה, אָבער א פּסוק חומש מיט רש״י איז ב ר ו י ט, און ווער עס האָט אים וועט שוין קיין תורה-הונגער ניט ליידן. אין דעם ל ש ו ן אַליין, וואָס דאָס פאָלק האָט באַנוצט אין זיין רעדן וועגן לימוד פון רש״י, פילט זיך די וואַרימע ליבע און די הייליקע באַציאונג צו אים. אַזוי למשל, האָט מען גערעדט וועגן לערנען א פּ ר ק משניות, א ב ל א ט גמרא אָדער א ק א פּ י ט ל „פּסוק", אָבער אַז ס׳איז געקומען צו רש״י האָט מען גערעדט בלויז וועגן א פּ ס ו ק רש״י — א פּסוק רש״י איז שוין אויך א יסוד פון אידישער תורה.

דער צ ו ז א מ ע נ ש ט ע ל פון די ווערטער „חומש מיט רש״י" האָט געוואָלט זאָגן אַז דיביידע, דער חומש מיט דער רש״י, זיינען פאַר דעם אידישן אידן איינס און דאָס זעלביקע — לויט זייער ווערט און לויט זייער הייליקייט, — א צווילינג וואָס לעבן צוזאַמען און באַווייזן זיך נישט איינער אָן דעם צווייטן.

עס האָבן געמעגט זיין חומשים מיט ל״ב, אָדער אפילו מיט גאַנצע כ״ב פירושים, האָט רש״י שטענדיק פאַרנעמען דעם אויבן־אָן, די מזרח-וואַנט,

סאמעביים פסוק חומש אין באגלייטונג פון דעם „שפתי חכמים", וועלכער באלויכט יעדן טונקעלן דורכגאנג אין רשי"ס פירוש.

דער באגריף „חומש מיט רש"י" האט אויך געמיינט צו זאגן אז ס׳איז די זעלבע מצוה, דער זעלבער חוב פאר יעדן אידן צו לערנען רש"י, אזוי גוט ווי ער לערנט חומש. דער בעל-דקדוק האט ליב געהאט ארייננקוקן אין „אבן־עזרא", דער פרומער איד האט פארבראכט די לאנגע ווינטערדיקע נעכט פון דאנערשטיק אויף פרייטיק צו לערנען „אור החיים", דער האלב פרומער משכיל האט געזוכט די מער בארימטע שטיקלעך מלב"ם; אבער דאס אלס איז גע־ווען בלויז די פרפראות לחכמה, דער עיקר איז באשטאנען אין לערנען חומש מיט ר ש " י. אין רש"י האט מען נישט בלויז ארייננגעקוקט און נישט בא־נוגנט זיך מיט איינצלנע ווינטערדיקע אוונטן, ווי אויך נישט גענישטערט און געזוכט בלויז געוויסע גלענצנדיקע שטעלן — רש"י האט מען ג ע ל ע ר נ ט און ג ע ל ע ר נ ט טאג-איין טאג-אויס, אום זומער ווי אום ווינטער. משכילים און חקרנים ווי פשוטע פרומע אידן, רבנים און למדנים ווי דער דורכשניטלעכער „יודע ספר" וואס דער פסוק רש"י איז געווען זיין גאנצע תורה, אלטע יוסטע בעלי בתים ווי יונגע חדר-אינגלעך — אלע, אלע האבן געלערנט רש"י, און יעדערער פון זיי האט אין אים געפילט א טעם און א געשמאק לויט זיין אנטוויקלונג, קענטעניש און פארשטאנד.

דער טערמין „חומש מיט רש"י" האט אויך געוואלט דערמאנען אז דער לימוד פון רש"י איז דער י ס ו ד פאר דעם לימוד פון חומש. אלע אנדערע פירושים, מיט זייער גרויס חשיבות, זענען געווען אן ענין פאר לומדים וואס האבן שוין געלערנט פאר זיך — רש"י אבער איז געווען דער לימוד פון קליי־נע חדר-אינגלעך, ממש ווי דער חומש זעלבסט. רש"י איז אויך געווען דער א יי נ צ י ק ע ר פירוש וועמען מ׳פלעגט לערנען אפילו מיט מיידלעך אויך. די ווערטער „חומש מיט רש"י דערמאנען אונדז אויך אן דעם, אז אויסער חומש איז ק יי ן לימוד נישט געווען א ז ו י באקאנט אין דער אידישער גאס און אזוי פארשפרייט צווישן פאלק ווי רש"י. און געוויס וועט נישט זיין אי־בערגעטריבן צו זאגן, אז, אויב דער חומש אליין האט אזוי טיף ארייננגעדרינגען אין יעדן אידישן הויז, איז עס נאר א דאנק דעם פירוש רש"י, וואס האט אים געמאכט צוגענגלעך פאר די ברייטע אידישע מאסן — „רש"י עשה אזנים לתורה".

## 2. די קווינט-עסענץ פון רש״ים פירוש

אין וואָס אייגנטלעך באַשטייט דער כח פון רש״י וואָס האָט געמאַכט זיין פירוש אויף תורה אַזוי פּאָפּולער ביים פאָלק? אין וואָס באַשטייט דער כח־המושך, די מערקווירדיקע צוציאונגס־קראַפט פון׳ם פירוש, וואָס האָט צו זיך צוגעצויגן אַלע שיכטן פון אידנטום? און וואָס איז דער סב החיים, דער באַלזאַם, וואָס ליגט אין דעם פירוש רש״י און האַלט אים אַן פריש און זאַפטיק אַזוי פיל הונדערטער יאָרן גלייך ווי ער וואָלט ערשט נעכטן געווען געשאַפן געוואָרן?

דער געוויינלעכער ענטפער איז: רש״י צ יי כ נ ט זיך אויס מיט זיין אופן פון לערנען על דרך הפשט, מיט זיין קורצקייט און שיינעם קלאָרן סטיל מער ווי אַלע מפרשים פון אַלע צייטן. אַלזאָ: גרויסע, גרויסע מעלות, וועלכע שטעלן אַוועק רש״ים פירוש העכער פאַר אַלע אַנדערע פירושים פון דעם מין. אָבער, צוריק רעדנדיק, איז דער ענין פון זיין באַרימטער פשטות גראָדע די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון זיין פירוש אויף תלמוד, דאָן ווען אין דעם פירוש אויף תורה פאַרנעמט דער מדרש אַ זייער ברייט אָרט און די אגדה אַ זייער בכבודיק פלאַץ. אַ קורצער שפּאַציר איבער דער רש״י פון חומש ווייזט אונדז ווי אויפריכטיק איז דאָס עדות פון זיין אייניקל, דער רשב״ם, דער זון פון זיין יונגסטער טאָכטער יוכבד, וועלכער דערציילט אין צווייטן פסוק פון פרשת „וישב״: און איך שמואל ברבי מאיר האָב זיך מיט אים (דאָס הייסט מיט זיין זיידן רש״י) מתוכח געווען און ער האָט מיר מודה געווען, אַז אויב ער וואָלט געהאַט צייט וואָלט ער באַדאַרפט שרייבן נייע פירושים, לויט די פּ ש ו ט ע אויסטייטשונגען וואָס ווערן באַנייט יעדן טאָג״. רש״י אליין האָט, ווייזט אויס, אין זיין פירוש אויף תורה נישט געזעען קיין שטרענגן פשט. דעסגלייכן איז דער ענין פון זיין קורצקייט אויך נישט געווען קיין אייזערנער געזעץ, קיין חק ולא יעבור. שוין דער ערשטער פסוק אויף „בראשית ברא״, איז אַזוי ווייט פון צו זיין קורץ, פונקט ווי ער איז ווייט פון פשט — און דער פסוק איז דאָך נישט דער א יי נ צ י ק ע ר. די רש״י אויף די פסוקים:

„בן פורת יוסף״ (בראשית מ״ט, כ״ב); „אז ישיר...״ (שמות ט״ו, א); „עזי וזמרת יה״ (שמות ט״ו, ב׳); „ובא הכהן וראה״ (ויקרא י״ד־מ״ד); „וכל אשר יגע בו״ (במדבר יט, כב); „אלה מסעי...״ (במדבר ל״ג, א׳); „העידותי

בכם״ (דברים ל׳, י״ט); „הרנינו גויים״ (דברים ל״ב, מ״ג), אום צו דערמאָנען נאָר איינצלנע פון פיל אַנדערע, באַווייזן אונדז, אַז אין די חמשה חומשי תורה איז נאָך דאָ צו פאַרצייכענען אין דעם אָדער יענעם פסוק אָדער פרשה חומש, אַ סך, אַ סך לאַנגע און גאָר לאַנגע שטיקער רש״י וואָס זיינען נישט נאָר גאַנץ לאַנג, נאָר אויך גענוג פאַרפּלאָנטערט פאַר אַ געוויינלעכן דורכשניטלעכן לערנער. און וואָס באַלאַנגט רש״יס גלעצנדיקן סטיל, וועגן וועלכן עס קענען קיין צוויי מיינונגען נישט זיין, איז אָבער נישט צו פאַרגעסן אַז סטיל איז בלויז אַ לבוש, בלויז ווי כלים, ווי געצייג, וואָס מ׳דאַרף קענען זיך מיט דעם באַנוצן ווי געהעריק; די ווערט פון גוטע כלים איז נאָר דאַן גרויס ווען זיי זיינען אין די הענט פון אַ גוטן קינסטלער. אין וואָס־זשע, אַזוי אַרום, באַשטייט די ק ו נ ס ט פון דעם פירוש רש״י וואָס איז געוואָרן אומ־שטערבלעך, ווי זיין מחבר זעלבסט?

אַ גענויער שטודיום איבער רש״י פון „בראשית ברא״ ביז „לעיני כל ישראל״ לערנט אונדז צו פאַרשטיין אַז רש״יס גרויסקייט אַלס ראש המפרשים איז נישט אין דעם אָדער אין יענעם פּרט; אַז זיין פירוש איז בכלל נישט גע־בונדן מיט איינעם אָדער מיט אַ צווייטן מעטאָד — ווי גוט ער זאָל נישט זיין — און אַז רש״י איז אייגנטלעך נישט געווען קיין שטרייגנער חסיד פון די אָדער יענע דאָגמעס.

אין יסוד פון רש״יס פירוש אויף תורה ליגט אַ ג אַ נ צ ע ר ק אָ מ־פּ ל ע ק ס פ ו ן פ ע ד אַ ג אָ ג י ש ע - פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ע א ו ן ד י ד אַ ק ט י ש ע א י י ג נ ש אַ פ ט ן ג ע ב ו י ט א ו י ף ד ע ר ט י פ ע ר ק ע נ ט ע נ י ש פ ו ן ש פּ ר אַ ך א ו ן א י נ ה אַ ל ט, אויף דעם אַלזייטיקן וויסן פון די פאַרצווייגטע ענינים וואָס ווערן דורך אים באַהאַנדלט; גרויס בקיאות אין תלמוד און אין מדרש, אגדה און הלכה, פענאָ־מענאַלן זכרון צו געדענקען יעדן פסוק אין דער תורה און וואָס איז וועגן אים געזאָגט אָדער געשריבן געוואָרן. די אַלע מעלות, צוזאַמען מיט רש״יס גרויסן אַנאַליטישן כח און גאונישן קלאָרן פאַרשטאַנד, האָבן זיך באַהעפט צו מאַכן פון דעם פירוש אויף תורה אַ גיגאַנטיש־אַרכיטעקטאָנישע ווערק, וואָס האָט נישט צו זיך קיין גלייכן אין שלימות, נישט אין תוכן און אין פאָרם, נישט אין פאַרנעם.

## 3. פּעדאַגאָגישער יסוד אין רש״ים פּירוש

אין די מעטאָדן פון רש״ים פּירוש איז לייכט צו געפינען אַ רמז פאַר דער נייער ווענדונג וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער פּעדאַגאָגישער וועלט צענדליקער דורות נאָך זיין טויט. — די עקספּערימענטאַלע פּעדאַגאָגיק פון אונדזער צייט האָט באַפרייט דעם לערער פון די מעטאָדישע קייטן, וואָס עס האָבן אויף אים אַרויפגעלייגט די קלאַסיקער פון הערבאַרט־ציִלער׳ס שולע מיט זייערע פאָראויסבאַשטימטע און פאָראויסגערעכנטע מדרגות און פאָרמו־לעס. אַ מאָדערנער פּעדאַגאָג ווייסט איצט, אַז ער איז אין דער לאַגע פון אַ סטראַטעג וואָס מוז בייטן זיינע מעטאָדן און זיינע מיטלען, לויט דער רעאַק־ציע און דעם ווידערשטאַנד פון דעם קעגנער, פון דעם שונא. די קונסט פון מאָדערנעם לערער איז צו שאַפן אין יעדן קלאַס און אין יעדער שעה די וועגן פון לערנען און די מעטאָדן פון דידאַקטיקע, לויט דער רעאַקציע פון די צענדליקער אויגן וואָס קוקן אויף אים אין קלאַס און וועמענס אינטערעס ער דאַרף געווינען און וועמענס ווידערשטאַנד ער מוז באַזיגן. — דער לערער מוז זיין אַן אייביקער דערפינדער.

אויף דעם פּסיכאָלאָגישן יסוד פון פרייער באַוועגונג, פון נישט אונ־טערוואַרפן זיך פאַרגליווערטע כללים און נישט האַלטן זיך אין די ראַמען פון געפּאַנצערטע מעטאָדן, האָט רש״י געבויעט זיין פּירוש אויף תורה: ער האָט גענוצט פּשט וואו נאָר ער האָט געקענט, אָבער אויך מדרש, אויב מ׳האָט אים געמוזט האָבן; ער איז געווען קורץ, ווי נאָר ס׳איז געווען מעגלעך קורץ צו זיין, אָבער ער האָט גאָר נישט מורא געהאַט צו צעשפּרייטן זיך און פאַר־נעמען זיך אויף ברייטע וועגן, אויב ס׳איז געווען נויטווענדיק. רש״י האָט זיך באַנוצט מיט אַ לייכטן און ריינעם העברעאישן סטיל, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר אַריינברענגען צענדליקער און הונדערטער פרעמדע ווערטער פון סעמיטישע און ראָמאַנישע שפּראַכן — באַזונדערס פון אַראַמיש און פראַנצויזיש — ווען ער האָט זיי באַדאַרפט פאַר זיין אַרבעט.

רש״י האָט ביים שרייבן דעם פּירוש געזען פאַר זיך די צוקונפטיקע לערנער, ווי אַ לערער זיינע תלמידים אין קלאַס, און ער האָט באַנוצט פ אַ ר־ש י ד ע נ ע מיטלען און פאַרשידענע וועגן צו דערגרייכן דעם עיקר פון זיינע שטרעבונגען אין דער אַרבעט: דערוועקן ביי זיינע תלמידים דעם אינטערעס צום לימוד התורה און דערמעגלעכן אַז זיי זאָלן פאַרשטיין דעם

חומש קלאָר און גרינטלעך אין דעם גייסט און אין דעם אופן ווי ער וויל און גלויבט אז זיי דאַרפן אים פאַרשטיין.

כדי צו האָבן אַ רעאַלע פאָרשטעלונג פון די אייגנאַרטיקע וועגן מיט וועלכע רש"י האָט זיך באַנוצט אין זיין פירוש, וועל איך פרואוון פאַרציי-כענען פאַרשידענע ביישפילן פון זיינע רייכע מעטאָדן, אין אַ דירעקטן קורצן שטודיום איבער רש"י.

## 4. פאַרשידענע מעטאָדן ביי רש"י

צווישן רש"ים מעטאָדן, אין זיין פירוש אויף תורה, איז באַזונדערס צו באַמערקן פאָלגענדע וועגן, וועלכע דינען אַלס יסודות פון זיין דידאַקטיקע:

### פשט און דרוש

דער יסוד היסודות פון רש"ים מעטאָדן, וואָס איז געווען זייער אַ גע־וואַגטער שריט פאַר זיין צייט, איז דער פרינציפּ צו געבן אַ לאָגישע אויסטיי־טשונג פון פסוק לויט די פילאָלאָגישע באַדייטונג פון זיינע ווערטער, דאָס וואָס רש"י רופט אָן „פשוטו של מקרא" אָדער מיט איין וואָרט: „פשט". דער פסוק איז ביי רש"ין דער ווינקעלשטיין פון זיין פירוש, אין קעגנזאַץ צו דעם שאַרפן פּלפּול מיט די בערג פון דרשות, וואָס די אַנדערע מפרשים פון זיינע צייטן פלעגן אָנהייגען און אָנטשעפּען אין יעדן פסוק און אין יעדן וואָרט, נישט רעכענענדיק זיך אין גאַנצן מיט זיין איינפאַכן און אמתן טייטש. די וויכטיקייט וואָס רש"י זעלבסט האָט צוגעגעבן אָט דעם לאָגישן באַזיס פון זיין פירוש איז צו זעען פון די פילפאַרביקע אויסדרוקן, מיט וועלכע ער אַליין באַנוצט זיך אונטערצושטרייכן און צו איבערחזרן יעדעס מאָל, אַז ער איז נאָר אויסן דעם פשט פון פסוק. אַזוי, למשל, איז צו באַ־מערקן ביי רש"י ביי א י י ן א ו ן ד ר י י ס י ק אַזעלכע פאַרשידענע אויסדרוקן וועלכע איך פאַרצייכן לויט דעם סדר פון די פרשיות:

1. לא באתי אלא לפשוטו של מקרא... (ברא' ג, ח).
2. ואני איני בא אלא לפשוטו (ברא' ג, כ"ד).
3. ...אך זה יישובו של מקרא (ברא' ד, ח).
4. ...אבל זה הוא צחצוח פשוטו (ברא' ו, ג).
5. ופשוטו של מקרא... (ברא' ז, טז).

6. ...זהו פשוטו (בראׂ ז, כג).
7. פשוטו כמשמעו (בראׂ ח, ז).
8. ויש ליישב עוד דבר דבור על אופניו (בראׂ כ, יג).
9. ...ישוב לשון המקרא פירשתי (כ, טז).
10. ... כמשמעו (בראׂ כז, כח).
11. ואני ליישב פשוטו של מקרא באתי (בראׂ לג, כ).
12. ...זהו אחר ישוב פשוטו של מקרא להיות דבר דבור על אופניו (בראׂ לז, ב)
13. ולפי פשוטו של מקרא... (בראׂ מה, כד).
14. פשוטו כתרגומו (בראׂ מו, ל).
15. ...וזה נוטה ליישוב המקרא (בראׂ מט, כב).
16. לכן אני אומר יתישב המקרא על פשוטו דבר דבור על אופניו והדרשׁ תדרש (שמות ו, ט).
17. ופשוטו... (שמות ו, יג).
18. יש לפרש פשוטו של מקרא... (שמות ט, לב).
19. ...זהו פשוטו לישבו על אופניו (שמות יא, ד).
20. ואין מקרא יוצא מידי פשוטו... (שמות יב, ב).
21. ...זהו לישב פשוטו (שמות טו, א).
22. ...לכך אני אומר ליישב המקרא (שמות טו, ב).
23. ולשון צחות המקרא... (שמות טו, ח).
24. לפי פשוטו... (שמות כב, ח).
25. ואני אומר לישבו על אופניו כפשוטו... (שמות כג, ב).
26. ...ואני ליישב המקראות על אופניהם ועל סדרם באתי (שמות לג, יג).
27. לפי פשוטו משמעו... (שמות לד, ז).
28. לפי פשוטו - כמשמעו (ויקרא כה, יד).
29. זהו פשוטו ליישב המקרא על אופניו... (ויקרא כה, טו).
30. ...כפשוטו (דברים ז, ז).
31. ...פירשתי לפי פשוטה של פרשה (דברים כט, יב).

מיט אָט די אַלע פאָרמען באַנוצט זיך רש"י פיל מאָל צו דערמאָנען ביי יעדער געלעגנהייט אַז דער עיקר העיקרים איז ביי אים דער פשט.

דער פשט איז דער ע י ק ר , אָבער דאָס וויל גאָר נישט זאָגן, אַז רש"י האָט, חלילה, אויסגעמיטן דעם מדרש אָדער די אגדה; אדרבא, רש"י פאַרגעסט נישט אָנצואווייזן זייער אָפט אַז אויסער דעם פשט איז דער זעל־

בער פסוק פאַרבונדן מיט פאַרשידענע מדרשים און אגדות, וועלכע ער שטעלט אונדז פאָר אין פאַרשידענע אופנים:

א) פיל מאָל דערמאָנט רש״י אַז ס׳זיינען דאָ געוויסע מדרשים אויף דעם אָדער אויף יענעם פסוק, נאָר ער ברענגט זיי נישט, און מיר ווייסן אין גאַנצן נישט אין וואָס דער מדרש באַשטייט און וואָס איז זיין אינהאַלט. אַזוי, למשל, לערנען מיר אין רש״י ביי די פאָלגענדע פסוקים:

1. וישמעו את קול... (בראשית ג, ח). יש מדרשי אגדה רבים — ס׳איז דאָ אַ סך מדרשים אויף דעם פסוק אין ספר „בראשית רבה״ און אין אַנדערע מדרשים, אָבער איך בין געקומען פאַרטייטשן דעם פסוק לויט זיין פשט. און רש״י גיט אונדז דעם פשט נישט ברענגענדיק אפילו איינעם פון די מדרשים, אויף וועלכע ער דייטעט אָן.

2. ויאמר קין אל הבל... (בראשית ד, ח). רש״י טייטש אוים דעם פסוק לויט זיין צוגאַנג און גיט צו: ויש בזה מדרשי אגדה — און ס׳איז נאָך דאָ אויף דעם פסוק אגדות וואָס דרשענען אים, אָבער מיין טייטש איז לויט דעם לאָגישן אינהאַלט פון פסוק. די אגדות אַליין ברענגט ער נים.

3. ונברכו בך... (בראשית יב, ג). יש אגדות רבות — ס׳איז פאַראַן אַ סך אגדות אויף דעם פסוק, מאַכט רש״י, נאָר זיין פשוטע טייטש איז דער... און רש״י פאַרטייטשט דעם פסוק נישט אָנווייזנדיק די אגדות וואָס ער האָט דערמאָנט.

אין די אַלע פסוקים באַמערקט רש״י אַז די מדרשים זענען נישט צוגעפּאַסט צו דעם פשט פון פסוק, און אַזוי אַרום וועדט אונדז קלאָר פאַר וואָס ער האָט נישט געפונען פאַר נויטיק צו ברענגען דעם מדרש זעלבסט. ס׳טרעפט אָבער אַז רש״י גיט אונדז נישט קיינע דערקלערונגען וועגן די ווערט פון די מדרשים און דאָך ברענגט ער זיי נישט ווי, למשל, אין די פסוקים:

1. יקרבו ימי אבל אבי... (בראשית כז, מא). רש״י דערקלערט זיין טייטש און גיט צו: ומדרשי אגדה לכמה פנים יש — מדרשים טייטשן אוים דעם פסוק אויף פאַרשידענע אופנים. די מדרשים אַליין ברענגט ער נישט.

2. ...כי קרוב הוא (שמות יג, יז). מאַכט רש״י: ונוח לשוב באותו הדרך למצרים — גאָט האָט נישט געפירט די אידן פון מצרים קיין כנען דורך דעם נאָענטן וועג, ווייל דורך אים איז לייכט זיך אומקערן אין מצרים, און רש״י זאָגט אונדז: ומדרשי אגדה יש הרבה. ס׳זיינען פאַראַן אַ סך מדרשים אויף דעם, אָבער ער ברענגט נישט אפילו איינעם פון זיי.

ב) געוויינלעך אָבער, ברייגנט רש"י יאָ דעם תוכן פון די מדרשים און אגדות, נאָר נישט שטענדיק זאָגט ער אַרויס זיין מ י י נ ו נ ג וועגן זיי. רש"י שטעלט אוועק זיין פירוש און גיט צו דעם אינהאַלט פון מדרש, איבער-לאָזנדיק פאַר אונז די פולע פרייהייט צו אָננעמען וועלכן פירוש מיר ווילן. אַזוי געפינען מיר, צום ביישפּיל:

1. כי במקלי עברתי... (בראש לב, יא) מאכט רש"י: לא היה עמי לא כסף ולא זהב ולא מקנה אלא מקלי לבדו — ווען איך בין אַנטלאָפן צו לבן, (זאָגט יעקב), האָב איך נישט געהאַט מיט זיך נישט קיין געלט און זילבער, נישט קיין שאָף און רינדער, נאָר מיין שטעקן אַליין. צו דעם קומט: ומדרש אגדה: נתן מקלו בירדן ונבקע הירדן — דאָס וויל זאָגן אַז יעקב האָט געשפּאָלטן דעם ירדן מיט זיין שטעקן, כדי ער זאָל אים קענען אַריבערגיין.

2. ...אכן נודע הדבר (שמות ב, יד), מאכט רש"י: כמשמעו, דאָס הייסט, מ'ווייסט שוין וועגן דעם, אַז ער, משה, האָט געהרגעט דעם מצרי. און באַלד ברייגנט רש"י: ומדרשו, און דער מדרש זאָגט: „נודע לי הדבר שהייתי תמה עליו: מה חטאו ישראל מכל שבעים אומות להיות נרדים בעבודת פרך, אבל רואה אני שהם ראויים לכך“, דאָס מיינט צו זאָגן אַז: איצט, ווען ער זעט אַז אפילו דערדריקטע, דערשלאָגענע און פאַרשקלאַפטע אידן רייסן זיך אַרום צווי-שן זיך און דער שטאַרקער שלאָגט דעם שוואַכן, האָט ער פאַרשטאַנען פאַר וואָס זיינען די אידן אַזוי דערנידעריקט — זיי האָבן זיך דאָס אַליין פאַרדינט, זיי האָבן קיין בעסערס נישט דערוואַרט.

3. ויחד יתרו... (שמות יח, ט). מאַכט רש"י: וישמח יתרו — און יתרו האָט זיך געפרייט אויף דער הצלחה פון זיין אידישן איידעם משה מיט זיין פאָלק ישראל. ומדרש אגדה, און די אגדה דרשנט: נעשה בשרו חידודין חי-דודין. מיצר על אבוד מצרים, דאָס וויל זאָגן אַז ס'האָט אים גוט געשטאָכן. טאַקע אַ גרויסער אידן-פריינט, אָבער דאָך אַ גוי, און די גרויסע פאַרלוסטן פון מצרים האָבן אים גוט וויי געטון.

אַזוי זיינען אוועקגעשטעלט ביידע — דער פּשט מיט דעם מדרש — און דער לערנער קען אויסקלויבן וואָס ער וויל; און ווער קען זאָגן וויפיל דורות האָבן זיך געהאַלטן ביים צווייטן מער ווי ביים ערשטן, — די לעצטע צוויי מדרשים, גלויב איך, קען מען נאָך היינט אויך אָננעמען ווי אַזעלכע וואָס האָבן ווייט נישט פאַרלוירן זייער אַקטועלע ווערט.

ג) אַ מאָל ברענגט רש"י זיין פּשט נעבן מדרש מיט אַ געוויסער התנצלות,

זוי ער וואָלט וועלן זיך פאַרענטפערן אַז ער מיינט חלילה קיין בייז נישט דער־מיט וואָס ער באַנוגנט זיך נישט מיט דעם מדרש אליין, און אַז ער מיינט חלילה נישט צו מבטל זיין אים, דורך ברייננגען אויך דעם פשט. צום ביישפּיל:

ויקרא לו אל אלהי ישראל (בראי לג, כ) מאַכט רש״י ...קרא שם המזבח על שם הנס. יעקב האָט גערופן דעם מזבח „אל אלהי ישראל״... ורבותינו דרשו שהקדוש ברוך הוא קראו ליעקב אל, און אונדזערע חכמים פון תלמוד האָבן געדרשנט אַז דאָס האָט גאָט גערופן יעקב׳ן „אל״ — זוי האָבן גע־לייענט: ויקרא לו אלהי ישראל (ליעקב) אל — און רש״י גיט צו: דברי תורה כפטיש מפוצץ סלע מתחלקים לכמה טעמים, מ׳קען די תורה אויסטייטשן אויף פאַרשידענע אופנים ווי מ׳צעקלאַפּט אַ שטיין אויף פאַרשידענע שטיינ־דעלעך; ואני, אָבער איך — פאַרענטפערט זיך רש״י — ליישב פשוטו של מקרא באתי, בין געקומען פאַרטייטשן נאָר דעם פּראָסטן פּשט פון פסוק.

ד) עס טרעפט אויך, אַז רש״י נעמט אָן אַ פעסטע נעגאַטיווע שטעלונג צו די פאַרשידענע דרשות וואָס פאַרקרימען דעם פסוק, און ער שטעלט זיך אַוועק צו באַווייזן אַז די דרשות זענען נישט ריכטיק און נישט אויסגעהאַלטן. אַ מאָל טוט ער דאָס אפילו אין באַצוג צו אַזעלכע דרשות וואָס די חז״ל האָבן באַנוצט אַלס יסוד פאַר געוויסע הלכות און מיט זיין פשט גראָבט ער אונטער זייער גאַנצן בנין. אַ פּאָר ביישפּילן:

1. וארא אל אברהם... ולא שמעו אל משה... (שמות ו, ג־ט).

רש״י טייטשט אויס די פסוקים און זעצט פאָר: ורבותינו דרשוהו לענין של מעלה, אונדזערע חז״ל האָבן געדרשנט אַז די אַלע פסוקים וואָס דערציילן וואָס גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, באַציען זיך אַלע אויף דעם וואָס משה רבנו איז געקומען צו גאָט מיט דער טענה: למה הרעות? אָבער — גיט רש״י צו — ואין המדרש מתיישב אחר המקרא מפני כמה דברים..., דער מדרש פון די חז״ל קען זיך נישט איינפּאַסן אין די דערמאָנטע פסוקים צוליב אַ סך מאָטיוון... לכן אני אומר, פאָלגלעך זאָג איך, רש״י, יתיישב המקרא על פשוטו והדרשה תדרש, זאָל זיך דער פסוק אויסטייטשן לויט זיין פּראָסטן פשט און דער מדרש זאָל זיך דרשנען וואָס ער וויל.

2. לא תהיה אחרי רבים לרעות (שמות כג, ב) מאַכט רש״י: יש במקרא זה מדרשי חכמי ישראל, אויף דעם פסוק זיינען דאָ אייניקע דרשות פון אונ־דזערע חז״ל (פון דאַנען האָבן זיי געלערנט אַז ביי דיני נפשות טאָר מען נישט

מ ח יי ב זיין קיין מענטשן דורך א רוב פון בלויז איין שטימע, אבער מזכה זיין מעג מען אים יא). אבל אין לשון המקרא מיושב בהן על אופניו, אבער, זאגט רש"י, דאס לשון פון פסוק קען זיך נישט איינטייטשן לויט זייערע דרשות. ואני, און איך, רש"י, זאג, לישבו על אופניו כפשוטו, צו אויסטייטשן יעדן טייל פון פסוק לויט זיין פשט. כאטש די חז"ל זיינען אויסן געווען מיט די דרשות א גרויסע פארלייכטערונג אין דיני נפשות, האט רש"י נישט מסכים געווען צו פארבויגן דעם פשט פון פסק צוליב דעם.

ה) און עס זיינען דא אין רש"ים פירוש אויף תורה פיל פיל דרשות וואס רש"י ברענגט און שטעלט זיי אוועק אלס די איינציקע טייטש פון פסוק.

צווישן די לעצטע זיינען פאראן אזעלכע פירושים וואס זיינען אינגאנצן א שרעקלעכע ד י ס ה א ר מ א נ י ע מיט דעם געוויינלעכן לאגישן און פסיכאלאגישן באזיס פון רש"ים פירוש, ווי, למשל: די „רעכענונגען" אין דעם פסוק „ויהי יצחק בן ארבעים שנה" (בראשית כה, כ), דער גרעסטער טייל פון דעם פירוש אויף די פסוקים פון יעקב'ס ברכות אין פרשת „ויחי" און נאך פארשידענע נאאיווע און פלפולדיקע דרשות וואס זיינען צעזייט און צעשפרייט איבער דעם גאנצן פירוש פון חמשה חומשי תורה. מערסטנס, אבער, זיינען דאס אגדות און מדרשים איז א שאד אויף זיי צו פארציכטן .דאס זיינען אגדות וואס צייכנען זיך אוים מיט פאלקסטימלעכקייט, מיט פרימיטיווין חן, וועלכער איז זייער כאראקטעריסטיש פאר דער חומש-עפאכע, און מדרשים וואס האבן א גרויסע דערציאונגס-ווערט לויט זייער מאראלישן אינהאלט און דער טיפער ליבע צום אידישן פאלק וואס קומט אין זיי צום אויסדרוק, אדער אזעלכע וואס זיינען געבויט אויף דעם יסוד פון איינגעווארצלטער אידישער טראדיציע.

אום צו באקענען זיך עטוואס ברייטער מיט ד ע ם טייל פון רש"ים פירוש, וועל איך דא ברענגען אייניקע ביישפילן:

1. וכמו השחר עלה... המטיר על סדום (ברא' יט, טו-כד), מאכט רש"י: שעה שהלבנה עומדת ברקיע עם החמה, גאט האט אנגעהויבן איבערקערן סדום און עמורה אין דער מינוט ווען אין הימל שטייען די זון מיט דער לבנה צוזאמען. און פאר וואס אין אזא מינוט? אויף דעם געפונען מיר ביי רש"י א פסיכאלאגישע דערקלערונג וואס איז זייער צוגעפאסט צו יענער עפאכע פון געצנדינערייי. אט וואס רש"י זאגט: לפי שהיו מהם עובדין לחמה ומהם ללבנה, ווייל אייניקע פון די בני סדום ועמורה האבן געדינט צו דער זון און אנדערע צו דער לבנה. אמר הקדוש ברוך הוא, האט גאט געזאגט: אויב איך

זועל זיי באשטראפן ביי טאג וועלן די וואס דינען צו דער לבנה זאגן: וואלט געווען קומען די קאטאסטראפע ביינאכט וואלט אונדזער לבנה צו דעם נישט דערלאזט, און אזוי וואלטן געזאגט די וואס דינען צו דער זון, ווען ס׳זאל גע-זוען פארקומען ביינאכט. דארום האט גאט זיי באשטראפט אין א צייט וואס ביידנס אפגעטער זיינען דא צוזאמען און זאל מען זען אז זיי קענען גארנישט העלפן.

2. קח נא את בנך את יחידך אשר אהבת את יצחק (ברא׳ כב, ב), מאכט רש״י: „אין נא אלא לשון בקשה״, נא איז א לשון פון בעטן. און רש״י שטעלט פאר אונדז אוועק א מין דיאלאג, צווישן גאט און זיין ערשטן איבערגעגעבענעם גלויביקער, אברהם:

ג א ט: בבקשה, איך בעט דיר, שטיי מיר ביי נאך דעם איינעם נסיון. זאל מען ניט זאגן אז ביז איצט האסטו נאך פאר מיר קיין וויכטיקע זאך ניט געטון. זיי מקריב דיין זון!

א ב ר ה ם: וועלכן? איך האב דאך צוויי.

ג א ט: את יחידך, דיין איינציקן, דעם בן יחיד.

א ב ר ה ם: זיי זיינען ביידע „יחידים״ — ישמעאל איז א בן יחיד ביי ז יי ן מאמען, ווי יצחק ביי ז יי נ ע ר.

ג א ט: אשר אהבת, נעם דעם וואס דו האסט ליב.

א ב ר ה ם: כ׳האב זייביידן ליב.

ג א ט: את יצחק, נעם יצחק׳ן.

— צו דער פאלקסטימלעכער פרימיטיווער סצענע גיט נאך רש״י צו זיין פסיכאלאגישע באמערקונג: ולמה לא גילה לו מתחילה, ווארום האט אים גאט גלייך נישט אנטדעקט וועלכן פון די זין ער מיינט, כדי, זאגט רש״י — ער זאל אים נישט צוטומלען און צומישן די געדאנקען מיט אזא איבערשרעקנ-דיקער פארערונג.

3. ואשר לא צדה והאלהים אנה לידו (שמות כא, יג): און אז איינער האט נישט געלאקערט אויף דעם צווייטן אים צו הרגענען, נאר גאט אליין האט דאס אים צוגעשיקט צו דער האנט... פרעגט רש״י: ולמה תצא זאת מלפניו? פאר וואס זאל אזעלכעס ביי גאט טרעפן, צו לאזן הרגענען אן אומשולדיקן מענטשן? און רש״י שטעלט אונדז פאר א גאנצע בלוטיקע דראמע, פון וועל-כער עס ווייעט מיט פרימיטיוון אלטערטום און טיפן גלויבן אין דער נאטיר-לעכער גערעכטיקייט פון דער וועלט-פירונג. במה הכתוב מדבר — זאגט רש״י

— בשני בני אדם... עס האנדלט זיך דאָ וועגן צוויי מענטשן, פון וועלכע איינער האָט פאַרגאָסן בלוט אומגערן און דער צווייטער אַלס רוצח. לויט דעם דין פון דער תורה קומט דעם צווייטן טויט-שטראָף און דער ערשטער דאַרף פאַרשיקט ווערן אין אַ עיר מקלט, אין אַ אזיל-לאַגער. אָבער ס'זיינען קיינע עדות וועגן דעם נישט געווען און ביידע בלוטפאַרגיסער זיינען געבליבן אויף דער פריי. וואָס טוט גאָט? ברענגט ער זיי צוזאַמען אין איין אכסניה אריין. דער אמתער רוצח זיצט אונטן ביי די טרעפּ און דער אַנדערער איז אויבן און אראָפּגייענדיק פאַלט ער אַרונטער פונקט אויף יענעמס קאָפּ און הרגעט אים. אַזוי ווי עדות זיינען דאָ מוז ער באַלד אַנטלויפן אין דעם מקום המקלט. אַזוי אַרום האָט יעדערער פון זיי באַקומען זיין פאַרדינטע שטראָף: דער איז פאַרשיקט געוואָרן, דער צווייטער איז געטויט געוואָרן, און גאָט און זיין משפּט איז גערעכט.

4. ויעמד בין המתים ובין החיים... (במדבר יז, יג), און אהרן הכהן — דערציילט די תורה — האָט זיך אוועקגעשטעלט, לויט דעם באַפעל פון זיין ברודער משה, מיט אַ פייערפאַן מיט קטרת און די מגפה אין קורח'ס מענטשן האָט זיך אָפּגעשטעלט. אָט-אָ די קורצע לעגענדאַרישע דערציילונג, אין וועלכער דער מאָדערנער משכיל פילט נישט קיין איבעריקן געשמאַק, ווערט ביי רש"י פאַרוואַנדלט אין אַ גאַנצער פּאַנאָראַמע פון אַ צוזאַמענשטויס פון כוחות וואָס ווערט באַשריבן זייער פאָלקסטימלעך און מיט גרויס פאַרגעטערונג פאַר דעם ערשטן מנהיג פון אידישן פאָלק. „אחז את המלאך — זאָגט רש"י — והעמידו על כרחו", אהרן הכהן האָט אָנגעכאַפּט דעם מלאך המות ביי די הענט און אים מיט גוואַלד אוועקגעשטעלט און נישט געלאָזט „אַרבעטן".

אמר לו, האָט אים דער מלאך המות געזאָגט: לאָז מיך טון מיין שליחות.
אמר לו, האָט אים אהרן געזאָגט: משה האָט מיר געהייסן איך זאָל דיך אָפּשטעלן.

אמר לו, האָט אים דער מלאך המות ווידער געזאָגט: איך בין דער שליח פון גאָט און דו ביזט געשיקן דורך משה'ן, ווער דאַרף פאָלגן וועמען?

אמר לו, האָט אים אהרן געענטפערט: משה זאָגט נישט גאָרנישט פון זיך אליין, ווען גאָט האָט אים נישט געהייסן זאָגן. אויב גלויבסט מיר נישט, אָט שטייען זיי, הקדוש ברוך הוא און משה, ביים אריינגאַנג פון אהל מועד קום און פרעג.

און די ענדע איז געווען: וישב אהרן אל משה אל פתח אהל מועד

והמגפה נעצרה (שם ט"ו) — דער כח פון משה האָט מנצח געווען און די מגפה איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

און אַזוי גייט רש"י און וויקלט רעאַליטעט מיט פאַנטאַזיע, פשט מיט מדרש, ראַציאָנעלע לאָגיק מיט נאַאיוון גלויבן צו אַנהאַלטן דאָס פרישקייט פון ספר הספרים, צו דערנענטערן אונדז צו דער חומש עפּאָכע,ריידן צו אונדז מיט דעם לשון פון יענע דורות און אויפלעבן פאַר אונדזערע אויגן די אַלטע בילדער פון אמאָליקע צייטן אין דער לעגענדאַרישער פאָרם פון מדרשים און אגדות. אָן שום ספק, אַז דאָס האָבן די וואונדערבאַרע צוגעקליבענע אגדות און פאָלקסטימלעכע משלים און מדרשים, מיט וועלכע רש"י האָט אויפגעלעבט דעם חומש, אים באַליבט געמאַכט ביים פאָלק מער ווי דער רעאַליסטישער טייל מיט זיין רייכן סטיל, מיט זיין דקדוק און מיט זיינע בלע"ז'ן, אויף וועלכע דער המון בית ישראל איז געווען אַ קנאַפּער מבין.

## 5. באורים און הסברות

אין דעם פשט אליין האָט רש"י גענוצט פאַרשידענע וועגן ווי אַזוי צו פאַרלייכטערן זיינע פירושים. און איינע פון זיי איז דער וועג פון באורים והסברות, וואָס וויל זאָגן דערטייטש פון די ווערטער פון פסוק און די אויפקלערונג פון זיין אינהאַלט.

באורים. — דאָס אויסטייטשן פון פסוק טראָגט מער אַ ריין פילאָ־לאָגיש־שפּראַכלעכן כאַראַקטער און געפינט זיך ביי רש"י אין דער פאָרם פון באור המלים, באור המושג ובאור המובן.

א) ווערטער פאַרטייטשן. — דאָס פאַרטייטשן פון אַ שווער וואָרט מיט אַ אַנדערן, אַ לייכטערן און מער באַקאַנט, אָבער אויך בלויז נאָר מיט איין וואָרט. עטלעכע מוסטערן פון אַזאַ פאַרטייטשונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| השיאני | מאַכט רש"י: | | הטעני | (ברא' ג, יג) |
| תשוקתך, | " | " | תאותך | (ברא' ג, טז) |
| וישע | " | " | ויפן | (ברא' ד. ד) |
| וחתכם, | " | " | ואימתכם | (ברא' ט. ב) |
| קצתי, | " | " | מאסתי | (ברא. כז, מו) |
| חשקה, | " | " | חפצה | (ברא' לד. ח) |
| חילם, | " | " | ממונם | (ברא' לד, כט) |

| | | | |
|---|---|---|---|
| ערבון, | מאכט רש״י | משכון | (בראׄ לח, יז) |
| קדים, | „ „ | רוח מזרחית | (בראׄ מא, ו) |
| נאקתם, | „ „ | צעקתם | (שמות ב, כד) |
| תרומה, | „ „ | הפרשה | (שמות כה, ב) |
| פרמים, | „ „ | קרועים | (ויקרא יג, מה) |
| לשעירים, | „ „ | לשדים | (ויקרא יז, ז) |
| והורשתם, | „ „ | וגרשתם | (ויקרא לג, נב) |
| מתם, | „ „ | אנשים | (דברׄ ב, לד) |
| סמל, | „ „ | צורה | (דברׄ ד, טז) |
| מפרסת, | „ „ | סדוקה | (דברׄ יד, ו) |
| טנאך, | „ „ | פירותיך | (דברׄ כח, ה) |
| כרים, | „ „ | כבשים | (דברׄ לב, יד) |

ב) פ א ר ט י י ט ש   פ ו נ ם   ב א ג ר י ף — דאָס דערקלערן דעם אַלגעמיינעם ב א ג ר י ף פון וואָרט אַלס א כלל, אַלס א טערמין. ווי צום ביישפּיל אין די פסוקים פון:

בראׄ יט, י: ד ל ת — הסובבת לנעול ולפתוח. דער טייל פון טיר וואָס עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך הייסט דלת.

בראׄ יט, יא: פ ת ח — הוא החלל שבו נכנסין ויוצאין. דער אָפענער טייל פון דער טיר דורך וועלכן מ׳גייט אריין און ארוים הייסט פתח.

בראׄ מז, כט: ח ס ד   וא מ ת — חסד שעושים עם המתים, א גנאָד וואָס מ׳טוט פאר א געשטאָרבענעם הייסט א חסד של אמת, ווייל מ׳האָפט דאָך ניט אויף קיין לוין פון אים.

שמות ז, יט: נ ה ר ו ת ם — הם נהרות המושכים. טייכן וואָס שטראָמען און פליסן ווי אונדזערע טייכן, הייסן נהרות.

שמות ז, יט: י א ר י ה ם — הם בריכות ונגרים העשויות בידי אדם משפת הנהר לשדות; גראָבנס, ריטשקעלעך און אַזערעס וואָס זיינען געצויגן גע-וואָרן פון די טייכן צו די פעלדער האָבן געהייסן יאורים.

שמות ז, יט: א ג מ י ה ם — קבוצת מים שאינן נובעין ואינן מושכין, אלא עומדים במקום אחד. שטייענדיקע וואסער וואָס האָט נישט קיין קוואל און וואָס שטראָמען נישט ווי טייך-וואסער הייסט אגמים.

שמות כא, כה: פ צ ע — היא מכה המוציאה דם שפצעה את בשרו. אַן אָפע-נע וואונד וואָס בלוטיקט הייסט פצע.

שמות כא, כה: ח ב ו ר ה — היא מכה שהדם נצרד בה ואינו יוצא אלא שמאדים הבשר כנגדו. א פארמאכטע וואונד, וואָס איר פאַרגליווערט בלוט מאַכט רויט דאָס פלייש פון אויבן, הייסט חבורה.

ויקרא יא, י: ש ר ץ — דבר נמוך שרוחש ונד על הארץ. יעדער נידעריק באַשעפעניש וואָס ק ר י כ ט אַרום אויף דער ערד הייסט שרץ.

ויקרא כה־כט: י מ י ם — ימי שנה שלמה קרויים ימים. אַ גאַנץ יאָר צוזאַ־מען ווערט גערופן ימים.

במדבר יז, כג: צ י ץ — הוא חנטת הפרי כשהפרח נופל. דער אינערלעכער טייל פון בלום וואָס הייבט אָן רייף ווערן נאָכן אַראָפּפאַלן פון די בליטן־קראַנצן און אַנטוויקלען זיך אין אַ פרוכט, הייסט ציץ.

במדבר לא, נ: א צ ע ד ה — אלו צמידים של רגל. רינגען, ווי בראַסלעטן, וואָס די אַראַבישע פרויען טראָגן צומאָל אויף זייערע באָרוועסע פיס הייסט אצעדה.

במדבר לא, נ: צ מ י ד — של יד, אזוי הייסט דער האַנט־רינג, דער בראַס־לעט.

דברים יא, יד: י ו ר ה — רביעה הנופלת לאחר הזריעה שמרוה את הארץ ואת הזרעים. דער רעגן וואָס פאַלט אין ארץ־ישראל באַלד פון אָנפאַנג זייען (צווישן חנוכה און חמשה עשר בשבט) הייסט יורה, וואָס זיל זאָגן: ער זעטיקט אָן די ערד.

דברים יא, יד: מ ל ק ו ש — רביעה היורדת סמוך לקציר למלאות התבואה בקשיה. דער שפּעטער רעגן וואָס פאַלט אין ארץ ישראל ערב דעם שניט פון גערשטן (פון נאָך פורים ביז ענדע פסח) הייסט מלקוש.

דברים לג, יד: ג ר ש י ר ח י ם — פירות שהלבנה מבשלתן, ואלו הן: קשואין ודלועין. פירות וואָס וואַקסן ביי דער ליכט פון דער לבנה, ווי אוגערקעס און קירבעסן, הייסן גרש ירחים, לבנה פרוכטן

ג) אויפקלערונג פונם געדאַנק (באור המובן)— אין ביידע פריערדיקע טיילן זעען מיר ווי רש״י גיט אונדז די בוכשטעב־לעכע טייטש פון די ווערטער און באַצייכנט גענוי דעם באַגריף פון יעדן איי־נעם פון זיי. ס׳טרעפט אָבער אַז רש״י ברייטערט אוים דעם טייטש פון וואָרט, כדי דאָס מקרב זיין צום שכל, אָדער ער טייטשט אוים דאָס וואָרט לויט זיין מיין און גיט אונדז צו פאַרשטיין דעם ג ע ד א נ ק וואָס ליגט אין וואָרט,

נישט דערוויטערן זיך פון זיין שפּראַכלעכער באַדייטונג. עטלעכע מוסטערן כדי קלאָרער צו מאַכן דעם ענין — ווערן דאָ ווייטער געבראַכט:

בראַ׳ ג, יא: מ י ה ג י ד ל ך כ י ע י ר ם א ת ה — און גאָט האָט געפרעגט אדם הראשון: ווער האָט דיר געזאָגט אַז ביסט נאַקעט? קומט רש״י און גיט אַ קנייטש די ווערטער: מאין לך לדעת מה בשת יש בעומד ערום, פון וואַנען ווייסטו, ווער האָט דיר געזאָגט, אַז זיין נאַקעט איז נישט שיין?

בראַ׳ ה, כד: ...ו א י נ נ ו כ י ל ק ח א ו ת ו א ל ה י ם — און מ ת ו ש ל ח איז נישט געוואָרן, ווייל גאָט האָט אים צוגענומען, גיט רש״י צו: לפני זמנו, פאַר דער צייט, דאָס הייסט דאָס צונעמען איז געווען ווי מ׳זאָגט „פּריצייטיק״.

שמות ג, יא: מ י א נ כ י — מאַכט רש״י: מה אני חשוב לדבר עם המלכים, מיט וואָס האָב איך דאָס פאַרדינט אַזאַ ווערט אַז איך זאָל גע-שיקט ווערן רעדן מיט מלכים.

שמות ו, ב: ו י ד ב ר א ל ה י ם א ל מ ש ה — און גאָט האָט גע-רעדט צו משה׳ן. מאַכט רש״י: דבר אתו קשות, דאָס מאָל האָט גאָט גערעדט צו משה רבנו ה אַ ר ט ע רייד, פאַר דעם וואָס ער איז גע-קומען צוריק פול מיט טענות צו גאָט: למה הרעות לעם הזה? למה זה שלחתני?

שמות כא, לד: ב ע ל ה ב ו ר י ש ל ם — דער אייגנטימער פון גרוב דאַרף באַצאָלן פאַר דער בהמה וואָס איז אַריינגעפאַלן אין גרוב אַריין. קומט רש״י און ברייטערט אויס דעם באַגריף. פון „בעל הבור״ און זאָגט: בעל התקלה, אף על פי שאין הבור שלו. באַצאָלן דאַרף מען אפילו אַז מ׳איז נישט דער אייגנטימער, נאָר מ׳איז דער וואָס האָט דאָס דעם גרוב געשאַפן, פאַראורזאַכט הייסט עס דעם שאָדן.

שמות לב, כא: מ ה ע ש ה ל ך ה ע ם ה ז ה — משה האָט געפרעגט אהרנ׳ען: וואָס האָט דיר דאָס פאָלק געטון וואָס האָסט געמאַכט דעם עגל, טייטשט רש״י אויס: כמה יסורים סבלת שיסרוך, וויפיל צרות האָבן זיי דיר אָנגעטון ביז האָסט געמוזט די זינד אויף זיי ברייגגען.

ויקרא ח, ב: ק ח א ת א ה ר ן — נעם אהרן צום אהל מועד — מאַכט רש״י קחנו בדברים ומשכהו, נעם אים מיט גוטע רייד ער זאָל דיר נאָכגיין.

ויקרא כה, טז: ת ר ב ה מ ק נ ת ו... ת מ ע י ט מ ק נ ת ו — לויט

די יאָרן ביז יובל זאָלסטו פאַרגרעסערן זיין קויפן אָדער פאַרקלענערן, טייטשט רש"י אויס אַז „תרבה מקנתו" מיינט פאַרגרעסערן די פּרייז פון דעם פאַרקויף און „תמעיט מקנתו" הייסט פאַרקלענערן די פּרייז.

במדבר טז, א: ויקח קרח — און קרח האָט גענומען... און ס'איז נישטאָ וואָס אָדער וועמען האָט ער גענומען. מאַכט רש"י: לקח את עצמו לצד אחר להיות נחלק מתוך העדה. קרח האָט זיך גענומען אויף אַ נייעם וועג, אַ נייער ווענדונג, צו אָפּטיילן זיך פון דער גאַנצער עדה אידן...

דברים לא, ב: לא אוכל עוד לצאת ולבוא — משה רבנו האָט געזאָגט די אידן אַז ער קען פאַר זיי מער נישט גיין און קומען. פאַר וואָס? די תורה זאָגט דאָך: לא כהתה עינו ולא נס לחה (דברים לד, ז), זיין אויג איז נישט טונקל געוואָרן און זיין פרישקייט איז פון אים נישט אַוועק ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן. דערפאַר דערקלערט רש"י: מהו לא אוכל? איני רשאי, איך טאָר נישט. גאָט האָט צוגענומען די פירונג ביי מיר און האָט איבערגעגעבן יהושען.

— אַזוי פירט אונדז רש"י דורך דעם גאַנצן חומש, פאַרטייטשנדיק יעדעם וואָרט לויט דעם לשון, דעם באַגריף און די באַדייטונג.

אָבער רש"י איז פאַר אונדז נישט בלויז דער ווערטערבוך פון דער תורה, נייערט אויך איר ענציקלאָפּעדיע: רש"י באַנוגנט זיך נישט מיט דעם פאַרטייטשן די ווערטער אליין, נאָר ער וויל אונדז אריינפירן לפני ולפנים פון דער תורה און אונדז אַנטדעקן אַלע אירע סודות. צו דעם טייל פון זיין פירוש זיינען די

הסברות — דאָס אויפקלערן פון ענין און דאָס אַנאַליזירן פון אינהאַלט. די הסברה, אין וועלכער ס'ליגט די גאַנצע חכמה פון דער דידאַקטיק, איז ביי רש"ין אַזוי רייך און שיין אין איר פאָרם און אַזוי קלאָר און לאָגיש אין איר תוכן אַז ס'איז צו באַוואונדערן זיין גרויסן פּעדאַגאָגישן פאַרשטאַנד און זיין טיפן פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז, וואָס האָבן אים געגעבן די מעגלעכקייט צו באַנוצן זיך מיט אַזעלכע מאָדערנע מעטאָדן אין וועלכע ער האָט פאַרגעשטיגן די צייט אויף הונדערטער יאָרן.

דער שעפער פון דער קלאַסישער פּעדאַגאָגיק פון פאַריקן יאָרהונדערט י. ה. פעסטאַלאָצי לערנט אונדז אַז „דער יסוד און שרש פון יעדן וויסן און פון יעדן באַגריף דאַרף זיך אָנהויבן מיט אַן אומדירעקטער באַטראַכטונג פון

די זאַכן וואָס מ׳וויל שטודירן. אין פאַל ווען מיר קענען די זאַכן זעלבסט נישט ברייגגען אין קלאַס, זאָלן מיר זיך באַמיען זיי פאָרשטעלן דורך פאַרשידענע מוסטערן און ביישפּילן פון עפּעס ענלעכעס צו זיי, וואָס איז מער באַקאַנט״... און אָט די פּעדאַגאָגישע אַנטדעקונג וואָס איז געוואָרן דער אלף און דער תיו פון דער שולע־אונטעררינכט ביז היינט צו טאָג, איז ביי רש״ין איינע פון די הויפּט־יסודות פון זיינע מעטאָדישע וועגן.

רש״יס קונסט, צו זיין קלאָר און קורץ אין איינער און דער זעלבער צייט, באַוועגט אים צו באַנוצן זיך מיט איין וואָרט, ווי א מין השלמה, א דערגענ־צונגס־וואָרט, צום פּסוק, כדי דעם גאַנצן ענין קלאָר צו מאַכן. מערסטנס, אָבער, באַגלייט ער זיינע דערקלערונגען מיט משלים גענומען פון לעבן, מיט געלונ־גענע פאָרשטעלונגען, וועלכע גיבן אריין א לעבעדיקע נשמה אין דעם אינ־האַלט און באַגיסן אים מיט א שטראָם פון ליכט אז מיר באַגרייפן די זאַכן ווי מיר וואָלטן זיי געזעען מיט אונדזערע אייגענע אויגן.

אַ מאָל זיינען די דערקלערונגען געבויט אויף דער פּראַקטיק פון טאָג־טעגלעכן לעבן און די ביטערע דערפאַרונג פון זיין צייט, און א מאָל דערהויבט זיך רש״י איבער דעם תהום פון טויזנטער יאָרן, דרינגט אריין אין לעבן פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט און מאָלט אונדז בילדער פון די אַלטע ביבלישע צייטן. דערביי איז פּעסטצושטעלן אז די אַלע שילדערונגען זיינען דורכגע־דרינגען מיט גרויסע קענטעניש פונם מענטשנס פּסיכאָלאָגיע מיט אַלע זיינע געוואוינהייטן און שוואַכקייטן. די שילדערונגען באַזירן זיך, פאַלגלעך, אויף דעם וואָס איז היינט דער קדש הקדשים פון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק.

פאַר דער באַפעסטיקונג פון די אויבנדערמאָנטע אָפּשאַצונגען, וועל איך מיר דערלויבן צו ברייגגען פאָלגנדע ביישפּילן:

א) השלמה. ווי רש״יס דערקלערונג דריקט זיך אויס אין א פּאָר ווערטער אלס דערגענצונג צום פּסוק פון חומש, ווי, למשל:

בראשית ז, כ: חמש עשרה אמה מלמעלה — די וואַסערן פון מבול האָבן זיך אויפגעהויבן ביז פופצן איילן העכער. ...ווערט מען דאָך פרעגן: העכער פון וואָס? מאַכט רש״י: למעלה של גובה כל ההרים, העכער פון אַלע בערג.

בראשית יח, י: והוא אחריו — און ער איז הינטער אים. אָבער ס׳איז נישט קלאָר ווער איז אונטער ועמען .מאַכט רש״י: הפתח היה אחר

המלאך, דער חלל פון דער טיר איז געווען הינטער דעם מלאך, און שרה האָט געקענט זיך אונטערהערן.

שמות ב, כג: ויהי בימים הרבים ההם — און ס'איז געווען שפּעט אין יענע צייטן... אין וועלכע? מאַכט רש"י: שהיה משה גר במדין, פיל צייט נאָך דעם ווי משה איז שוין געווען אין לאַנד מדין.

שמות י, א: בא אל פרעה — קום צו פּרעה, און וואָס זאָל ער טון? גיט רש"י צו: התרה בו, — וואָרן אים.

ויקרא ז, ז: כחטאת כאשם תורה אחת להם — גיט רש"י צו: בדבר זה, נאָר אין דעם ענין פון דעם כהן.

ויקרא טז, יג: ונתן את הקטרת על האש — אויף וועלכן פייער? מאַכט רש"י: שבתוך המחתה, וועלכער איז אין פאַן, נישט וואָס אויף דעם מזבח.

במדבר ג, ט: נתונים המה לו — די לויים זענען אַוועקגעגעבן צום כהן... מאַכט רש"י: לעזרה, נאָר צו העלפן אים.

במדבר כב, ה: ארץ בני עמו — אין לאַנד פון וועמענס פאָלק? דערגענצט רש"י: של בלק.

דברים ד, כב: אשר צוך — וואָס גאָט האָט דיר אָנגעזאָגט. אַז וואָס? שלא לעשות, וואָס די טאָרסט נישט טון.

דברים לב, מב: אשכיר חצי מדם — פון וועמענס בלוט? גיט רש"י צו: מדם האויב, פונם פיינטס בלוט.

— דורך אַזעלכע צוגעגעבענע איינצעלנע ווערטער און באַמערקונגען באַקומט דער גאַנצער פּסוק אַ תקון און ווערט קלאָר און פאַרשטענדלעך.

דער שענסטער טייל, אָבער, פון רש"ים פּירוש, וואָס איז אריינגעדרונגען אין אונדזערע הערצער, אין די הערצער פון חדר־אינגלעך, און וואָס איז פאַר אונדז געווען ווי אַ בת־קול פון אַ צויבער־וועלט איז דער בילדערלעכער הסבר.

ב) בילדלעכער הסבר (הסברה ציורית). — דאָס איז יענער טייל אין רש"ים פּירוש וואו רעאַליטעט און פאַנטאַזיע גיסן זיך צונויף צוזאמען צו דערהויבן דעם כח ההסברה פון רש"י צו דער העכסטער מדרגה פון לעבעדיקייט און קלאָרקייט; דער טייל וואָס איז אַזוי רייך אין בילדער און משלים, אין לעבנס־חכמה און לעבנס־וויסן פון זיינע צייטן ביז אין די צייטן פון תנ"ך. ברענגען ביישפּילן וועגן אַלע אופנים פון

דער דערמאָנטער הסברה וואָלט געהייסן ברייננען לפּחות אַ העלפט פון דעם פּירוש רש״י. מיר דאַכט זיך, אַז נאָר די פּרשיות תרומה־תצוה וואָלטן געפאָדערט אַ גאַנצן ספר צו אַנאַליזירן די וואונדערלעכע הסברות וואָס זאָגן עדות אויף רש״ים אַנטוויקלטן חוש־ההסתכלות, אויף זיינע אוצרות פון שפּראַך און סטיל, אויף זיינע קינסטלערישע איינגעשאַפטן צו שאַפן פון צעבראָקלטע קליינע סקיצעס רייכע און פאַרביקע בילדער און פון צעוואָרפענע שטיקער ציגל אויפשטעלן אַ קאָלאָסאַלן האַרמאָנישן בנין. איך וועל פּרוּוון פאַרצייכענען דאָ, לפּחות עטלעכע מוסטערן פון אַלע מינים צוזאַמען:

בראׄ א, ב: ו ר ו ח א ל ה י ם מ ר ח פ ת ... דערקלערט אונדז רש״י: דער כסא הכבוד שוועבט אַרום אויפן וואַסער. כ י ו נ ה ה מ ר ח פ ת ע ל ה ק ן, ווי אַ טייבעלע שוועבט אַרום אויף איר נעסט.

בראׄ יא, ז: א ש ר ל א י ש מ ע ו... די מענטשן פון דור הפלגה זאָלן זיך נישט פאַרשטייען. שטעלט רש״י פאָר: זה שואל לבנה וזה מביא טיט... איינער שטייט אויף די רעשטאָוואַניעס און בעט ציגל און אַ צווייטער קומט און ברענגט אַן עמער ליים. ווערט יענער אין כעס און וואַרפט אים דעם עמער אין קאָפּ און צעברעכט אים דעם שאַרבן.

שמות ט, יח: כ ע ת מ ח ר... מאַכט רש״י: ש ר ט ל ו ש ר י ט ה ב כ ת ל, משה האָט געמאַכט ביי פּרעה׳ן אַ קריץ אין דער וואַנט אויף דעם אָרט ווי די זון האָט דערגרייכט און געזאָגט: אַט ווען די זון וועט מאָרגן ווידער קומען אַהער וועט זיך אָנהויבן דער האָגל.

שמות כג, כא: כ י ל א י ש א ל פ ש ע כ ם — דער מלאך וואָס וועט איך באַגלייטן אויף דעם וועג קיין ארץ ישראל וועט אייערע זינד נישט מוחל זיין. קומט רש״י מיט אַ באַמערקונג: ש ה ו א ש ל י ח ו א י נ ו ע ו ש ה א ל א ש ל י ח ו ת ו, ער איז בלויז אַ שליח. ער ווייסט נישט פון קיין סענטימענטן, ער טוט בלויז דאָס וואָס מ׳האָט אים אָנגעזאָגט. (פון דעם, אפשר, שטאַמט דאָס פאָלקס־ווערטל: „אַ טויבער מלאך״).

ויקרא י׳ ד: ש א ו א ת א ח י כ ם... טראָגט אַוועק די פאַרברענטע קערפּערס פון אייערע ברידער נדב ואביהו. גיט רש״י צו: כאדם האומר לחבירו: העבירו את המת מלפני הכלה שלא לערבב את השמחה, נעמט אַוועק דעם מת פון דאָרט ווי די כלה איז ,כדי נישט צו שטערן די שמחה.

ויקרא יט, ג: א מ ו ו א ב י ו ת י ר א ו: עפנט אונדז רש״י די אויגן צו זעען: כאן הקדים אם לאב, דאָ איז די מאַמע דערמאָנט פאַרן טאַטן,

און ביים אָפּגעבן כבוד וואָס ווערט געזאָגט אין די עשרת הדברות איז דער טאַטע פריער (כבד את אביך ואת אמך) און רש״י דערקלערט פון דעם פּראַקטישן לעבן אַז מורא האָט אַ קינד פאַרן טאַטן מער, אָבער כבוד גיט ער אָפּ דער מאַמען מער ווי דעם טאַטן.

ויקרא כו, כ: ותם לריק כחכם — זאָגט די תוכחה. קומט רש״י און גיט צו פאַרשטיין דעם זין פון דער קללה: הרי אדם שלא עמל, פאַר אַ מענטשן וואָס האָט זיך אין זיין פעלד נישט צופיל גע־פלאָגט און די קאָסטעשע איז אַ שלעכטע, איז עס נאָך צום איבערטראָגן. אבל אדם שעמל, אָבער אַ מענטש וואָס האָט שווער געאַרבעט אין זיין פעלד וחרש וזרע, און ער האָט געאַקערט און געזייט; ונכש, און ער האָט געיעט וכסח, און ער האָט אויסגעשניטן ועדר, און ער האָט אַרומגעגראָבן אַרום די גרינס, ובא שדפון ומלקה אותו, און נאָך דעם קומט אַ הייסער ווינט און פאַרברענט אים די תבואה הרי שניו של זה קהות, ווערן אים די ציין איילִיק, פאַרטעמפּט.

במדבר טז, יט: ויקהל עליהם קרח — מאָלט אונדז רש״י קרח׳ס אַרבעט: כל הלילה ההוא הלך אצל השבטים ופתה אותן, די גאַנצע נאַכט ערב דער פאַרזאַמלונג מיט די פייער־פאַנען איז קרח אַרומגעגאַנגען איבעררײדן די פאַרשטייער פון די שבטים: כסבורים אתם שעלי לבדי אני מקפיד.. . וואָס מיינט איר, אַז נאָר פאַר זיך זאָרג איך — איך זאָרג פאַר אייך אַלעמען. וואָס עפּעס האָבן זיך משה מיט אהרן איינגעטיילט מיט די גוטע שטע־לעס פון מלכות און כהונה... ביז ער האָט זיי איבערגערעדט. רש״י מאָלט אונדז אַ בילד פון אַ ריכטיקן „קאָודיזשאַ״, וואָס ווייסט ווי צו פירן זיינע אינטריגעס אין נאָמען פון טובת הכלל.

במדבר כ, יח: פן בחרב אצא לקראתך — משה רבנו האָט געשיקט אַ פריינטלעכע נאָטע צום קעניג פון אדום אין וועלכער ער האָט דערציילט וואָס די אידן האָבן געהאַט אויסצושטיין אין מצרים, אָבער זיי האָבן אַזוי לאַנג געשריגן צו גאָט (ונצעק אל ד׳), ביז ער האָט זיי פון דאָרט אַרויסגעפירט און איצט בעט מען ביי אים אַ דערלויבעניש דורכ־צוגיין זיין לאַנד. דער פעטער אדום האָט געענטפערט, אַז אויב מ׳וועט צו־גיין צו זיין גרעניץ וועט ער אַרויסגיין קעגן דעם ברודער יעקב׳ס קינדער

מיט א שווערד. צו דעם דיפלאמאטישן ענטפער גיט רש״י צו א גלענ־צנדיקע היסטארישע דערקלערונג: א ת ם  מ ת ג א י ם  ב ק ו ל  ש ה ו ר י ש כ ם  א ב י כ ם, איר שטאלצירט מיט דעם „קול יעקב״ וואס איר האט געירשנט פון  א יי ע ר  פאטער,  ו א נ י  א צ א  א ל י כ ם  ב מ ה  ש ה ו ר י ש נ י  א ב י: און איך וועל אייך באַ־געגענען מיט  מ יי ן  טאטנס ירושה, דאס איז: ועל חרבך תחיה.

במדבר כא, כג: ו ל א  נ ת ן  ס י ח ו ן... און סיחון מלך האמורי האט אויך נישט געלאזט דורכגיין זיין לאנד. רש״י דערקלערט אונדז די פּאָ־ליטישע סבה דערפון: ל פ י  ש כ ל  מ ל כ י  כ נ ע ן  מ ע ל י ן  ל ו  מ ס  ש ה י ה  ש ו מ ר ם  ש ל א  י ע ב ר ו  ע ל י ה ם  ג יי ס ו ת, אלע קלענערע מלוכות פון לאנד כנען האבן געצאלט סיחון יאר־געלט אז ער זאל זיי באשיצן פון פרעמדע אנפאלן. א מ ר  ל ה ם, האט סיחון געזאגט צו די אידישע דעלעגאטן: כ ל  ע צ מ י  א י נ י  י ו ש ב  כ א ן  א ל א  ל ש מ ר ם  מ פ נ י כ ם — מיין גאנץ זיצן דא איז דאך נאר אז איך זאל די אלע מלוכות באשיצן קעגן אייך, קומט איר צו מיר אז איך זאל אליין אייך צו זיי דורכלאזן! רש״ים דערקלע־רונג, א גאונישע ממש, שטימט אין אלע פרטים מיט דער היסטאריש־געאגראפישער און פּאליטישער קאניוקטור אוןווירקלעכקייט פון ארץ־ישראל ביז גאר דער לעצטער צייט.

אמורי איז טאקע געווען דער שטארקסטער שבט פון אלע איינוואוי־נער פון כנען, און ווען דער נביא עמוס וויל דערמאנען די אידן גאטס וואונדער, רופט ער אוים: „ואנכי השמדתי מפניהם את האמורי אשר כגובה ארזים גבהו וחסון הוא כאלונים (עמוס ב, ט). אמורי האט זיך צעוואקסן אין צוויי פעלקער־צווייגן וואס האבן זיך פארשפרייט איבער די צענטראל־בערג פון ביידע זייטן ירדן און האבן פארנעמען די שטארקע סטראטעגישע פּאזיציעס ביי די גרויסע קאראוואנען־וועגן און אזוי ארום געווארן די „באשיצערס״ פון די שוואכע מלכים.

אויך איז זייער אינטערעסאנט צו באמערקן אז דער ענין פון מס, דער שטייער וואס די מלכים האבן געצאלט זייערע שיצערס האט אנגע־האלטן אין ארץ ישראל ביז נישט לאנג. די אראבישע דערפער פון עבר־הירדן פלעגן צאלן „ברודערשאפט״, א מין קאפ־שטייער, צו די שטארקע

בעדואינישע שייכן אז זיי זאָלן זיי באַשיצן פון די וואַנדערנדע שבטים פון דער מדבר.

במדבר כב, כט: לו יש חרב בידי — וואָלט איך געהאַט אַ שווערד, האָט געזאָגט בלעם צום אייזל, וואָלט איך דיך געהרגעט. גיט רש"י צו אַ טיפע סאַרקאַסטישע באַמערקונג: גנות גדולה היתה לו דבר זה בעיני השרים, אַ גרויסע שאַנדע איז דאָס פאַר אים געווען אין די אויגן פון בלק'ס שליחים. זה הולך להרוג אומה שלמה בפיו ולאתון זה צריך לכלי זיין. ער גייט דאָס אַוועקהרגענען מיט זיין מויל אַ גאַנץ פאָלק און פאַר דעם קליינעם אייזעלע דאַרף ער געווער!!!

דברים, ה, ד: פנים בפנים האָט גאָט מיט אייך גערעדט, און רש"י ברענגט: כך אמר משה, ער האָט זיי אַזוי געזאָגט: אל תאמרו אני מטעה אתכם כדרך שהסרסור עושה בין המוכר והלוקח, זאָגט נישט אַז איך נאַר אייך אָפּ ווי אַ מעקלער, אַ פאַר־מיטלער. הרי המוכר עצמו מדבר עמכם, אָט רעדט מיט אייך דער פאַר־קויפער אליין. — אמת, דאָס איז אַ ביסל צו גשמיתדיק, אָבער דאָס איז גערעדט אויף אַזאַ לשון אַז יעדער פּשוטער איד זאָל פאַרשטיין.

דברים, לב. יא: כנשר יעיר קנו, גאָט האָט געפירט די אידן ווי אַ אָדלער פירט זיך מיט זיינע קינדער. און רש"י האָט געהאַט גענוג אינטערעס פאַר דער וויסנשאַפט אַז ער זאָל האָבן זיך געגוי איינגע־קוקט אין לעבן פון די פויגלען אום צו קענען פאַר אונדז שילדערן דאָס הערלעכע בילד פון דעם אָנקומען פון דעם מלך העופות צו זיין נעסט: כנשר הזה רחמני על בניו ואינו נכנס לקנו פתאום, אָט ווי דער אָדלער איז פול מיט רחמנות אויף זיינע קינדער און וועט נישט אריין פלוצלונג אין זיין נעסט ביז ער וועט פריער נישט אָנקלאַפּן מיט זיינע פליגל צווישן איין בוים און אַנדערן, צווישן איין צווייג און דער צווייטער, כדי זיינע קינדער זאָלן זיך דערוועקן און זיך אָננעמען מיט מוט אים צו באַגעגענען... על גוזליו ירחף, און אפילו ער איז שוין מיט זיי אין דער נעסט, מאַכט ער זיך נישט שווער אויף זיי, נאָר פליט אַרום איבער זיי און קוים וואָס ער רירט זיי אָן... אַזוי האָט גאָט ברוך הוא באַהאַנדלט זיין פאָלק ישראל.

נאָענט צו די ערשט-דערמאָנטע הסברות שטייען אויך הסברות פון אַ באַזונדער כאַראַקטער וועלכן איך וואָלט גערופן:

ג) פּסיכאָלאָגישע הסברות, — דאָס זיינען אַזעלכע דערקלערונגען אין וועלכע מיר זעען רש"יס גרויסקייט אַלס פּסיכאָלאָג און קענער פון מענטשנס- אָדער פאָלקס-נשמה, און זיינע פעאיקייטן צו בויען אויף דעם יסוד פון געציילטע ווערטער גאַנצע בנינים פון אַמאָליקן פאַר-צייטיקן לעבן. אָט ווי אַזוי רש"י טייטשט אוים געוויסע פּסוקים:

בראַ' ג, יט: ואיבה אשית — דערקלערט רש"י פאַרוואָס וויל גאָט מאַכן שנאה צווישן דער שלאַנג און חוה'ן און נישט צווישן אים און אדמ'ן: ולא באת לדבר אל חוה תחלה אלא לפי שהנשים דעתן קלות ויודעות לפתות את בעליהן, דו ביזט דאָך געקומען מיט דיין פאָרשלאַג צו חוה'ן גאָר ווייל דו ווייסט אַז אַ פרוי איז לייכט איבערצורעדן און זי ווייסט שוין ווי אַזוי איבערצורעדן איר מאַן, לפיכך ואיבה אשית: אָט דערפאַר טאַקע וועל איך מאַכן אַזוי אַז איר זאָלט אייך פיינט האָבן.

בראַ' כט, יא: וישא את קולו ויבך — אַז יעקב אבינו האָט זיך צעקושט מיט רחל'ן האָט ער געוויינט. פאַר וואָס? מאַכט רש"י: לפי שבא בידים ריקניות, ווייל ער איז געקומען מיט ליידיקע הענט. אמר, האָט ער געזאָגט: אַז מיין זיידנס קנעכט אליעזר איז געקומען האָט ער געהאַט מיט זיך נזמים וצמידים ומגדנות, נאָז-באַנדן, בראַסלעטן און אַנדערע טייערע זאַכן, ואני אין בידי כלום, און איך האָב מיט זיך גאָר נישט. ווי אַזוי-זשע זאָל מען נישט וויינען!

שמות לב, ב: באזני נשיכם — אהרן הכהן האָט זיך געהייסן ברייננגען די ווייבערס צירונג צו מאַכן דעם עגל. און רש"י גיט אונדז צו פאַרשטיין אַז דאָס איז געווען אַ שטיקל דיפּלאָמאַטיע: אמר אהרן בלבו, אהרן האָט זיך געטראַכט, ווייבער און קינדער וועלן אַזוי לייכט זייער צירונג נישט אַוועקגעבן, און אויב די זאַך וועט זיך פאַרציען קען דאָך דערוויל משה אָנקומען.

ויקרא ח, ה: זה הדבר — און משה האָט געזאָגט צו אַלע פאַרזאַמלטע אידן: דאָס איז די זאַך וואָס גאָט האָט מיר געהייסן טון. קומט רש"י און גיט צו פאַרשטיין ווארום האָט משה באַדאַרפט די „דעקלאַראַציע"

מאכן: דברים שתראו שאני עושה לפניכם צוני הקדוש ברוך הוא לעשות, דאס וואס איר וועט מיך זעען טון (וואשן מיין ברודער, אויספוצן אים מיט דעם חשן ואפוד און זאלבן אים מיט דעם הייליקן בוימל), דאס אלץ האט מיר גאט געהייסן אזוי טון און זאגט נישט אז איך מאך דאס צוליב מיין כבוד אדער צוליב מיין ברודערס כבוד.

במדבר יב, יג: רפא נא לה — פרעגט רש״י: מפני מה לא האריך משה בתפלה, פארוואס האט משה פאר זיין שוועסטער מרים אזוי קורץ מתפלל געווען? שלא יאמרו, כדי די אידן זאלן נישט זאגן: אט, פאר דער שוועסטער שטייט ער און בעט לאנג, אבער פאר אונדז וואלט ער נישט געבעטן אזוי לאנג!

דברים לב, מד: הוא והושע בן-נון — משה רבנו מיט יהושען האבן גערעדט צום פאלק די שירה פון „האזינו“. צו-וואס האט ער צונע־נומען יהושען פאר א שותף? מאכט רש״י: העמיד לו משה מתורגמן ליהושע שיהא דורש בחייו, משה האט אוועקגעשטעלט יהושען ער זאל דרשנען נאך ביי זיין לעבן, כדי די אידן זאלן אים נאכהער נישט אויסווארפן: א, ווען זיין רבי משה האט געלעבט האט ער דעם קאפ נישט אויפגעהויבן, און נאך זיין טויט איז ער געווארן א גאנצער מאכער.

דברים לב, מח: בעצם היום הזה — און גאט האט גערעדט צו משהן אינמיטן העלן טאג און אים געהייסן ארויפגיין זיך אפגעזעגענען מיט ארץ ישראל פון דערווייטנס און נאכהער שטארבן. וואס-זשע איז עפעס דאס אונטערשטרייכן אז ס׳איז געווען אין מיטן העלן טאג? דערקלערט רש״י: בג׳ מקומות נאמר „בעצם היום הזה“, אין דריי ערטער שטרייכט די תורה אונטער אז געוויסע גע־שעענישן זיינען פארגעקומען אינמיטן העלן טאג: איינער ביי נח׳ן: בעצם היום הזה בא נח... אל התבה (בראי ז, י״ג); בעצם היום הזה הוציא ד׳ את בני ישראל מארץ מצרים (שמות י״ב, נ״א) און דא ביי משה׳ן. ווייל אין די אלע דריי פאלן האבן זיך די מענטשן באריימט אז זיי וועלן שטערן די געשעענישן (נישט ארייננלאזן נח׳ן אין קאסטן, נישט ארויסלאזן די אידן פון מצרים און נישט אוועקלאזן משה׳ן פון זיך), און דארום האט גאט אלעם דורכגעפירט ביי-טאג צו ווייזן אז

קיינער קען זיך קענען זיין ווילן נישט שטעלן.

אין די אלע „באורים והסברות" זעען מיר רש״י דעם פרשן, דעם מורה-דרך וועלכער פירט אונדז דורך דעם היכל התורה אום אונדז צו דערקלערן אלע זיינע טיילן — ער וויל מיר זאלן פארשטיין יעדן פסוק פון דער תורה. דאס הייסט אז די טייטש פון די פסוקים זיינען דער צ י ל, און די פירושים זיינען בלויז א מ י ט ל מיט וועלכן מ׳באנוצט זיך אויף אזויפיל וויפיל די פסוקים פאדערן דאס.

עס זיינען אבער פאראן ביי רש״ין פירושים אין וועלכע די פסוקים נויטיקן זיך נישט, נאר רש״י נוצט אויס דעם פסוק אלס יתד לתלות עליה את תורתו הוא, אלס א געלעגנהייט אונדז צו לערנען אביסל מוסר און דרך-ארץ און איינפלאנצן אין אונדזערע הערצער אביסל פון זיין גרויסער ליבע צום ארעמען און צום שוואכן.

רש״י ווערט אין אזעלכע פאלן פון א לערער א מחנך און דער פסוק ווערט דער מיטל פאר זיין גרויסן דערציאונגס-ציל. מיט דעם האט זיך רש״י אוועקגעשטעלט אויף דעם יסוד פון הלל הזקן׳ס תורה פון איין זייט און פון דער וויסנשאפטלעכער פעדאגאגיע פון דער צווייטער זייט.

שוין דער בארימטער פילאזאף קאנט, אין זיין צייט, האט געלערנט אז: דער העכסטער פונקט פון דערציאונג דארף זיין דאס שאפן און די אנט-וויקלונג פון מענטשנס מאראלישן כאראקטער. נאך אים איז געקומען דער וויכטיקסטער פון פעסטאלאצים תלמידים, פראפעסאר הערבארט, און האט אוועקגעשטעלט דעם מוסר, די עטיק אין ברייטן זין פוןווארט, אלס ג ר ו נ ט צ י ל פון דער גאנצער דערציאונג, אזוי גוט ווי די פסיכאלאגיע איז זיין ג ר ו נ ט מ י ט ל.

מיר האבן שוין געזען ווי רש״י האט זיך ברייט באנוצט מיט דעם „גרונט מיטל". איצט וועלן מיר זען דורך א רייע מוסטערן ווי אזוי האט ער גענוצט דעם „גרונט ציל":

## 6. מוסר און דרך ארץ

בראשית א. כו: נ ע ש ה א ד ם — גאט ברוך הוא האט, כביכול, געזאגט צו די מלאכים ל א מ י ר שאפן דעם מענטשן. מאכט רש״י: ל א נ מ נ ע ה כ ת ו ב מ ל ל מ ד ד ר ך א ר ץ ו מ ד ת ע נ ו ה,

כאָטש גאָט דאַרף ניט קיינעמס עצה און קיינעמס הילף, האָט ער אונדז אָבער דערמיט געלערנט דרך ארץ און באַשיידנקייט, אַז אַפילו גרויסע פירערס זאָלן זיך באַראַטן מיט קלענערע וועגן ענינים, וואָס זיי דאַרפן טון.

בראַ׳ לז, ד: ולא יכלו דברו לשלום — מאַכט רש״י: מתוך גנותם למדנו שבחם, פון דעם דערציילן די שאַנדע פון די ברידער אַז זיי האָבן צו יוסף׳ן קיין גוט וואָרט נישט גע־קענט ריידן זען מיר גראָדע זייער פיינקייט שלא דברו אחת בפה ואחת בלב, אַז זיי זיינען נישט געווען צוויי פּנימדיק צו ריידן אַנדערש ווי זיי טראַכטן. — דאָס איז די העכסטע פאַרערונג פון אמת: בעסער מיט דעם אייגענעם ברודער נישט צו ריידן איידער פאַלש זיין.

שמות ב, יג: למה תכה — מאַכט רש״י: אף על פי שלא הכהו, אפילו אַז ער האָט זיין חבר נאָך נישט געשלאָגן, נאָר די, האַנט קעגן אים אויפגעהויבן, הייסט ער שוין אַ רשע.

שמות יז, יב: ויקחו אבן וישימו תחתיו — מאַכט רש״י: ולא ישב לו על כר וכסת, משה רבנו האָט זיך נישט אוועקגעזעצט אויף קיין ווייכע זאַכן נאָר אויף אַ האַרטן שטיין. אמר וויל ער האָט געזאָגט: ישראל שרויין בצער, אידן זיינען אין אַן אומגליק, לאָמיך אויך מיטמאַכן זייער שווער לעבן.

שמות כג, א: לא תשא שמע שוא — טייטשט רש״י: אזהרה למקבל לשון הרע, דאָס איז אַ וואָרעניש אַז אַפילו בלויז אויסהערן רכילות טאָר מען אויך נישט.

שמות כג, ג: ודל לא תהדר בריבו — אין אַ משפט צווישן אַן אָרעמאַן און אַ נגיד זאָלסטו נישט וועלן גערעכט מאַכן דעם אָרעמאַן צוליב רחמנות. רחמנות איז טאַקע אַ טייערע מדה, אָבער דער אמת איז ביי רש״י ז״ל נאָך טייערער. — שפּעטער אין פּרשת קדושים, אויף דעם פּסוק: ולא תהדר פני גדול (ויקרא יט, טו), גיט רש״י צו פאַרשטיין אַז די תורה האָט אונדז געוואָרנט נישט צו חנפענען דעם נגיד צוליב זיין תקיפות און נישט דעם בן טובים צוליב זיין יחוס.

ויקרא יד, ד: ושני תולעת ואזב — פרעגט רש״י: מה

ת ק נ ת ו ו י ת ר פ א וואָס קען אים העלפן דער רויטער פאָדים מיט דעם ביסל מ א ד צו זיין צרעת? און רש"י ענטפערט, אז די רפואה איז א סימבאָלישע: זאָל דער מענטש נישט פאררייסן דעם קאָפּ און זיין ביי זיך אביסל מער באַשיידן, וועט ער האָבן א רפואה שלמה צו אַלע מכות.

ויקרא כה, לח: ו י ר א ת מ א ל ה י ך — ברייננט רש"י: ל פ י שדעתו של אדם נמשכת אחרי הרבית וקשה לפרוש הימנה, ווייל דער מענטש איז אזוי ארייננעטון אין לייען אויף פראָצענט אז ער קען זיך דערפון נישט אָפּגעוואוינען און רעדט זיך איין אז ס'איז א כשרה זאַך, מוז מען אים שטרענגער פאַר-זאָגן ער זאָל מורא האָבן פאַר גאָט. און נאָך גיט רש"י צו: ה ת ו ל ה מעותיו בנכרי כדי להלוותם לישראל, ס'איז דאָ אידן וואָס גיבן זייערע געלטער אויף פראָצענט און מאַכן דעם אָנ-שטעל אז דאָס געלט איז נישט זייערס, זיי זיינען בלויז פאַרמיטלער און דאָס געלט איז גענומען ביי א גוי — אויף דעם מוז מען גוט דערמאָ-נען ויראת מאלהיך, זאָלסט מורא האָבן פאַר גאָט וואָס ווייסט דעם אמת פון וועמען דאָס געלט קומט. — רש"י האָט וועגן דעם פירוש גאָרנישט באַדאַרפט אָנקומען צום תלמוד, ער האָט דאָס געוואוסט פון דעם פּראַקטישן לעבן פון זיין צייט.

במדבר טז, יב: ו י ש ל ח מ ש ה — מאַכט רש"י: מכאן, פון דאַנען, אז מיר הערן אז משה רבנו האָט נאָך געשיקט זוכן די אינטריגאַנטן דתן ואבירם כדי מיט זיי שלום מאַכן, איז גערדרינגען שאין מחזיקין במחלקת, אז מ'טאָר נישט אָנהאַלטן קיין מחלקת אפילו אז מ'איז אליין ג ר ו י ם ווי משה און דער צווייטער שלעכט ווי דתן ואבירם.

דברים י', כ': א ת ד' א ל ה י ך ת י ר א א ו ת ו ת ע ב ד ו ב ו ת ד ב ק ו ב ש מ ו ת ש ב ע — טייטשט רש"י אויס: אז דו וועסט מורא האָבן פאַר גאָט, דו וועסט צו אים דינען, וועסט זיך אין זיין נאָמען באַהעפטן צו נאָכפאָלגן זיינע מדות — דאַן, נאָך דעם ווי דו וועסט אזוי טון, ו ב ש מ ו ת ש ב ע וועסטו מעגן שווערן און פאררופן זיך אויף זיין נאָמען. רש"י האָט דאָ געמאַכט בלויז א קליינע פּאוזע פאַר דעם „ובשמו תשבע" און דער פסוק ווערט א קוואַל פון מוסר, פון מאָראַל.

דברים טו, ח: פתח תפתח את ידך... — די גאנצע פרשה איז אן און פאר זיך א לעקציע פון סאָציאַלן מאראל. קומט רש"י און פארברייטערט און פארטיפט די געדאנקען מיט זיינע מאראלישע באמערקונגען: פתח תפתח — אפילו כמה פעמים, עפענען דיין האנט וויפיל מאל מ'דארף.

והעבט תעביטנו — אויב דער געפאלענער וויל נישט קיין מתנה, — גיב דאָס אים בתורת הלואה, זאל ער זיך נישט פילן דערנידעריקט.

דברים טו, י: נתן תתן — אפילו מאה פעמים, אפילו אז מ'דארף הונדערט מאל העלפן איז מען מחויב צו העלפן. לו — בינו ובינך, דאָס גיבן זאל זיין צווישן פיר אויגן. נישט צו באַרימען זיך מיט יעדן גראָשן וואָס מ'גיט און נישט צו פארשעמען דעם וואָס מוז נעמען.

דברים טו, י: נתן תתן — אפילו מאה פעמים, אפילו אז מ'דארף הונ-נאָר די מענער האָבן געוויינט. אָבער ביי אהרן'ס טויט מתוך שהיה רודף שלום ונותן שלום בין איש לרעהו ובין אשה לבעלה נאמר: ויבכו...כל בית ישראל (במדבר כ, כט), אויף זיין טויט, אויף אהרנס האָבן גע-טרויערט — צוליב זיין יאָגן זיך שטענדיק אומעטום שלום צו מאכן — אלע אידן, מענער ווי פרויען.

און אזוי גייט רש"י און נוצט אוים יעדן פסוק, יעדן וואָרט כדי צו דערוועקן אונדזער ליבע צו אמת און גערעכטיקייט, צו שלום און באשיידנקייט. עס דאכט זיך מיר, אז אָט די אלע פסוקים וואלט מען געמעגט אויס-קריצן מיט גאָלדענע אותיות אויף זילבערנע פלאקאטן און זיי איינזעצן אין די מזרח-ווענט פון אלע אינסטיטוציעס וואו אידן קומען זיך צונויף. אָט דער טייל פון רש"ים פירוש איז א תורה פאר זיך, א תורה וואָס קען און דארף גערופן ווערן די תורה פון מענטשנליבע, פון ליבע צו אמת, יושר, גע-רעכטיקייט, שלום און באשיידנקייט.

## 7. ליבע צו ארץ ישראל און צו אידן

נאָענט, זייער נאָענט צו דעם טייל איז אויך יענער, אין וועלכן רש"י נוצט אוים יעדער געלעגנהייט צו וועקן ליבן צו זיין פאלק און צו זיין לאנד,

וועלכער קען באצייכנט ווערן מיט די ווערטער: ליבע צו ארץ ישראל און צו אידן. אזעלכע אויסטייטשונגען אין די פסוקים זיינען אומצאליק אין רשי״ס פירוש אויף תורה; מירן דא ברייננגען בלויז עטלעכע מוסטערן:

ברא׳ א, א: בראשית ברא — שוין ביים ערשטן פסוק באווייזט רש״י דאס רעכט פון די אידן אויף ארץ ישראל, און ער ברייננגט פאר אונדז די פראגע: ומה טעם פתח ב״בראשית״, פארוואס הייבט זיך אן די תורה מיט דעם ענין פון שאפן די וועלט? שאם יאמרו עכו״ם, אויב די גויים וועלן אונדז באשולדיקן אז מיר האבן ארץ ישראל צוגענומען ביי די כנענים, זאלן מיר עפענען דעם חומש און ווייזן אז דאס האט גאט באשאפן די וועלט און זי געגעבן דעם וואס אים געפעלט. אז ער האט געוואלט האט ער זי געגעבן די גויים און אז ער האט געוואלט האט ער זי אפגענומען ביי זיי און אוועקגעגעבן אונדז אידן.

ויקרא כו, לב: והשימותי אני את הארץ — מאכט רש״י: זו מדה טובה לישראל, דאס איז א ברכה אין דער תוכחה: ארץ ישראל אן אידן וועט שטענדיק פוסטעווען און אונדזערע שונאים וועלן איר קיין לעבן אן אונדז נישט קענען געבן.

במדבר כג, כא: ד׳ אלהיו עמו — מאכט רש״י: אפילו מכעיסין וממרים לפניו, אפילו ווען די אידן דערצערנען גאט און טוען אים ווידערשפעניקן, אינו זז מתוכן, רירט ער זיך נישט אוועק פון זיי.

במדבר יג, כב: וחברון שבע שנים נבנתה לפני צען מצרים — מאכט רש״י: ובא להודיעך שבחה של ארץ ישראל, דער פסוק קומט דא צו דערציילן דעם שבח פון אונדזער לאנד אז חברון איז געווען זיבן מאל בעסער פון צוען אין מצרים. כאטש מצרים איז דאן געווען דאס בעסטע פון אלע ארומיקע לענדער און צוען די חשובסטע און די בעסטע פון מצרים, און חברון, פארקערט, דאס מער שטיינערדיקסטע ארט פון גאנץ ארץ ישראל, דאך איז זי געווען שענער פאר צוען.

דברים א, ז: עד הנהר הגדול נהר פרת — מאכט רש״י:

מ פ נ י ש נ ז כ ר ע ם א ר ץ י ש ר א ל, ווייל דער טייך פרת ווערט דערמאָנט מיט אונדזער לאַנד רופט ער אים „דער גרויסער טייך“, ווי מ׳זאָגט אַ ווערטל: ווערסט גיין מיט דעם גאָבערנאַדאָר וועט מען שוין פאַר דיר אויך זיך פאַרנויגן.

דברים יא, י: ל א כ א ר ץ מ צ ר י ם... ארץ ישראל איז נישט, חלילה, ווי מצרים וואו ד ו האָסט באַדאַרפט אָנטרינקען דיינע פעלדער. און רש״י שילדערט די נעבעכדיקע לאַגע פון מצרישן ערד־אַרבעטער אין פאַרגלייך מיט דעם פון ארץ ישראל: אין מצרים האָסטו באַדאַרפט גיין צום נילוס ברייננען די וואַסער. אויב דו האָסט געצויגן קאַנאַלן צו די פעלדער האָבן די נידעריקע ערטער געטרינקען, אָבער צו די הויכע דאַרפסטו אַליין שלעפּן די עמער וואַסער. דו פּלאָגסט זיך און דערשלאָפּסט נישט צו קענען אָנטרינקען דיינע גערטנער. ארץ ישראל, אָבער, טרינקט וואַסער פון הימל. דו שלאָפסט רואיק און גאָט ברוך הוא טרינקט אָן דיינע פעלדער, די הויכע ווי די נידעריקע. — כדאי צו באַמערקן אַז דאָס אונטערשטרייכן פון רש״י אַז צוליב דעם באַוואַסערן דאָס פעלד צ ר י ך א ת ה ל נ ד ו ד מ ש נ ת ך, דאַרפסטו פאַרוואַגלט ווערן פון דיין שלאָף, ווייזט אַז רש״י האָט גוט געוואוסט פון דעם באָטאַנישן געזעץ, אַז גערטנער מוז מען באַוואַסערן אָדער גאַנץ פרי מיטן אויפגיין פון דער זון, אָדער פאַרנאַכט מיט איר פאַרגיין. אַזוי אַרום אַז אויב מ׳האָט גרויסע גערטנער מוז מען אויפשטיין זייער פרי און זיך לייגן זייער שפּעט און דער שלאָף ווערט פאַרוואַגלט.

דברים לב, מג: ו כ פ ר א ד מ ת ו ע מ ו — נאָך דעם ווי גאָט וועט זיך נוקם זיין אין אַלע אידישע שונאים וועט ער איבערבעטן זיין פאָלק מיט זיין לאַנד. טיילט רש״י איין די ווערטער און זאָגט: ו כ פ ר א ד מ ת ו, גאָט וועט איבערבעטן זיין לאַנד, ו מ ה י א ד מ ת ו? וואָס הייסט איבערבעטן דאָס לאַנד? — ע מ ו, ער וועט איבערבעטן זיין פאָלק. כ ש ע מ ו מ ת נ ח מ י ם — א ר צ ו מ ת נ ח מ ת, ווען די אידן זיינען געטרייסט איז ארץ ישראל אויך געטרייסט, ווייל איינע אָן דעם אַנדערן קענען קיין קיום נישט האָבן.

# 8. ביישפּילן, איבערחזרונגען, פראַגעס און ענטפערס אין רש"יס פירוש

צווישן די פאַרשידענע מעטאָדן וואָס רש"י נוצט אין זיין פירוש אויף תורה איז אויך צו דערמאָנען די ביישפּילן און ווידערהאָלונגען, ווי אויך פראַגעס און ענטפערס.

א) ביישפּילן. — רש"י פאָדערט נישט אז מיר זאָלן אָננעמען זיינע טייטשן ווי אַ געבאָט אָן מאָטיווירונג, ער באַמיט זיך שטענדיק צו ברענגען ביישפּילן פון פאַרשידענע ערטער פון תנ"ך, כדי אונדז איבערצייגן — און אפשר קודם כל זיך אליין — אז זיין טייטש איז די ריכטיקע. דאָס איז צו זען פון די פאָלגנדיקע מוסטערן:

בראָ' יב, א: אשר אראך — רש"י דערקלערט פאַר וואָס גאָט האָט באַלד נישט געזאָגט אברהם'ן אין וועלכן לאַנד צו גיין און באַווייזט באַלד אַז אַזאַ נוסח פון ריידן איז נישט דער איינציקער אין תנ"ך: וכיוצא בו, און נאָך אַזאַ ענלעכער איז דאָ: את בנך, את יחידך... און נישט געזאָגט באַלד וועלכן זון. כיוצא בו נאָך אַזעלכעס איז דאָ: על אחד ההרים אשר אמר אליך, און נישט געזאָגט באַלד דעם נאָמען פון בארג; כיוצא בו נאָך אַזאַ אופן פון ריידן איז דאָ אין די רייד פון גאָט צו יונה הנביא: וקרא עליה את הקריאה אשר אנכי דובר אליך, אָבער אים נישט אַנטדעקט באַלד וואָס ער האָט צו אויסצורופן אין דער שטאָט נינוה.

וואָס מערער די טייטש איז באַקאַנט אין תנ"ך אַלץ ווינציקער מוסטערן ברענגט רש"י, ווי למשל:

בראָ' ח, י: ויחל — מאַכט רש"י: לשון המתנה, „ויחל" הייסט „און ער האָט געוואַרט" אַזוי ווי ביי איוב „לי שמעו ויחלו". און רש"י גיט צו: והרבה יש במקרא, ס'איז דאָ אַ סך אַזעלכע ביישפּילן אין תנ"ך, אָבער ער געפינט נישט פאַר נויטיק זיי צו ברענגען.

אויב אָבער רש"י האָט אינגאַנצן נישט געפונען קיין ביישפּילן פאַר זיין טייטש, דאַן זאָגט ער אונדז אָן וועגן דעם, ווי, למשל:

בראָ' ל, מא: המקשרות — מאַכט רש"י: כתרגומו הבכירות, ואין לו עד במקרא, דאָס וואָרט האָט נישט קיין צווייטן אין תנ"ך.

בראׂ לא, י: ו ב ר ד י ם — מאכט רש״י: כתרגומו ו פ צ י ח י ן...
ו א י ן ל י ל ה ב י א ע ד מ ן ה מ ק ר א, איך האָב נישט צו ברייננען פון תנ״ך קיין צווייטן וואָרט אַלס עדות אויף זיין טייטש.

שמות טז, יד: מ ח ס פ ס — מאכט רש״י: מגולה, ו א י ן ד ו מ ה ל ו ב מ ק ר א, דאָס וואָרט האָט נישט קיין גלייכן אין תנ״ך.

אָבער וואו נאָר רש״י האָט געקענט האָט ער געבראַכט אַ רייע ביישפּילן כדי דער לערנער זאָל זיך מער באַקענען מיט דעם וואָרט און אויך עס מער געדענקען.

צו דערמעגלעכן די לערנער זאָלן נישט פאַרגעסן די נויטווענדיקע טייטשן האָט רש״י זיך פיל באַנוצט מיט די

ב) ווי ד ע ר ה אָ ל ו נ ג ע ן, רש״י באַמיט זיך איבערצוחזרן פאַר אונדז ביי יעדער געלעגנהייט טייטשן און באַמערקונגען וועלכע ער האָט שוין געגעבן איין מאָל, אָדער מערער.

דאָס איבערחזרן וואָס איז איינע פון די פּעדאַגאָגישע יסודות ביי די אומות העולם איז רש״ין שוין געווען באַוואוסט פון אונדזערע חז״ל, וועלכע האָבן געזאָגט אַז: א י נ ו ד ו מ ה מ י ש ש ו נ ה פ ר ק ו מ א ה פ ע מ י ם ל מ י ש ש ו נ ה מ א ה פ ע מ י ם ו א ח ת — הונדערט און איין מאָל לערנען איז דאָך וויכטיקער ווי בלויז הונדערט מאָל. און רש״י גיט אונדז די מעגלעכקייט צו איבערגיין נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אויף זיין תורה אַז זי זאָל פון אונדז נישט פאַרגעסן ווערן.

אייניקע מוסטערן ענדערן אַביסל זייערע ווערטער אָבער האַלטן אַז דעם אינהאַלט, ווי למשל:

בראׂ ו, ב: ב נ י ה א ל ה י ם — מאכט רש״י: בני השרים והשופטים.
שמות ד, טז: ו א ת ה ת ה י ה ל ו ל א ל ה י ם — לרב ולשר.
שמות ז, א: נ ת ת י ך א ל ה י ם ל פ ר ע ה — שופט ורודה.
שמות כ, א: ו י ד ב ר א ל ה י ם — אין אלהים אלא דיין.

אָבער אַלע פּסוקים באַזירן זיך אויף רש״ים ערשטער באַצייכנונג אַז „כל א ל ה י ם שבמקרא לשון מ ר ו ת“, אלהים באַדייט אומעטום הערשאַפט.

ס׳זיינען פאַראַן אַנדערע ווידערהאָלונגען וואָס ווערן איבערגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט:

בראׂ א, כא: נ פ ש ח י ה — נפש שיש בה חיות.

בראׂ א, כד: נ פ ש ח י ה — שיש בה חיות.

ג) פ ר אַ ג ע ס און ע נ ט פ ע ר ס — דערמיט מיין איך די מעטאָדע פון דעם באַרימטן פעדאַגאָג דיסטערוועג, וועלכער האָט שטרענג געפאָדערט פונם לערער אַז ער זאָל נישט דרשענען אין קלאַס, ניט האַלטן רעפעראַטן, נאָר פירן מיט די קינדער אַ שמועס דורך פראַגן און ענטפערן כדי צו דערוועקן זייער מח און אַנטוויקלען זייער מחשבה. אין רש״ים פירוש געפינען מיר, אַזאַ נייגונג פון דערקלערן דעם ענין דורך שאלות און תשובות. זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז אין פירוש האָט ער געמוזט זיין אי דער לערער אי דער תלמיד; ער פרעגט און ער ענטפערט, און דאָך האָט דער מעטאָד אפילו אין ד ע ר פאָרם אויך אַ גרויסע ווערט ווי אַ סטימול פאַר דעם לערנער צו דענקען און צו אויפמערקזאַמקייט. די פראַגן קומען ביי רש״י אָפט אין דער פאָרם פון: „ואם תאמר״, „או אינו **אלא**״... און דער ענטפער איז: „אם כן״, אָדער „תלמוד לומר״, ווי מיר קענען זעען פון אַ צוויי דריי פסוקים אין וועלכע רש״י פירט מיט אונדז אַ שקלא וטריא, גלייך ווי מיר וואָלטן געהאַט דעם זכות צו זיצן פאַר אים אין זיין בית מדרש און הערן די תורה פון זיין מויל:

בראׂ א, א: ב ר א ש י ת ב ר א... — רש״י גיט זיין טייטש און נאכהער פאַרלויפט ער אונדז דעם וועג און לייגט אונדז אַריין די פראַגע אין מויל אַריין: ו א ם ת א מ ר ל ה ו ר ו ת ב א ש א ל ו נ ב ר א ו ת ח ל ה... א ם כ ן ת מ ה ע ל ע צ מ ך...

שמות כא, ב: כ י ת ק נ ה ע ב ד ע ב ר י... — מאַכט רש״י: עבד שהוא עברי, אַ קנעכט וואָס איז אַ ל יי ן אַ איד.

פרעגט רש״י: א ו א י נ ו, טאָמער ניט אַזוי, א ל א ע ב ד ו ש ל ע ב ר י, אַ גויישן קנעכט וואָס מ׳האָט געקויפט ביי אַ אידן און ער דאַרף אַרויסגיין ב ש ש ו ב י ו ב ל.

און רש״י ענטפערט פאַר אונדז: אי וועסטו דאָך זאָגן ו מ ה א נ י מ ק י י ם ו ה ת נ ח ל ת ם א ו ת ם, מיט וואָס וועל איך מקיים זיין דעם פסוק, וואָס זאָגט אַז ד ע ר ע ב ד כ נ ע נ י בלייבט ביי אונדז אויף אייביק? בלקוח מן הגוי, אַז מ׳קויפט אַ גוי ביי אַ גוי, אבל בלקוחה מישראל, אָבער אַז מ׳קויפט אַ גויישן קנעכט ביי אַ אידן יוצא בשש, גייט ער אַרויס פריי צו די זעקס יאָר... גיט רש״י אַליין דעם תירוץ: ת ל מ ו ד ל ו מ ר, שטייט אָבער בפירוש אין אַ

אנדער פרשה (דב׳ טו, יב): כי ימכר לך אחיך העברי... לא אמרתי, האָב איך נישט געזאָגט, אַז ער דאַרף אַרויסגיין בשש אלא באחיך, סיידן נאָר אויב דער קנעכט איז דיינער אַ ברודער, אַ איד ווי דו אליין.

אויף דעם אופן און אויך אין אַנדערע אופנים פון פראַגעס און ענט־פערס ברענגט רש״י אַריבער אַביסל פון דעם תלמודישן משא ומתן כדי צו שאַרפן דעם שׂכל און פאַרטיפערן די הבנה, מ׳זאָל נישט לערנען קיין תורה בלויז מיט די ליפּן און צונג, אָן געדאַנק.

## 9. ישוב הכתובים — דאָס איינשטעלן די פסוקים

און איידער איך וועל פאַרענדיקן מיט דעם תוכן פון רש״ים פירוש, וועל איך זיך נאָך אָפּשטעלן אויף איין דערשיינונג אין רש״ים דער־קלערונגען וועלכע מען קען באַצייכענען מיטן באַגריף:

ישוב הכתובים, וואָס מיינט צו זאָגן: איינשטעלן און פאַר־ענטפערן די פסוקים. ס׳איז קלאָר אַז פאַר רש״ים שאַרף אויג איז נישט פאַר־ביי אומבאַמערקט איין אות אין דער תורה, פון זיין געניאַלן זכרון איז נישט פאַרגעסן געוואָרן קיין פרט פון די חמשה חומשי תורה. אַזוי אַרום האָט רש״י באַמערקט אַלע פסוקים וואָס זיינען נישט אינגאַנצן גלאַט: וואו עס פעלט אין פסוק אַ וואָרט וואָס לאָזט אים שטיין ווי אין מיט אָפּגעהאַקט, וועלכער פסוק איז יאָ גאַנץ, נאָר עפּעס איז ער קרום, — ניט לויט דעם העברעאישן סטיל, און נישט אויף זיין פּלאַץ; און אַמאָל טרעפט אַז איין פסוק שטימט ניט מיט דעם צווייטן.

רש״י ז״ל האָט דאָס אַלעס געזעען, געשפּירט אַזוי גוט ווי שפּעטער די מאָדערנע וויסנשאַפטלער, די ביבל־פאַרשער און קריטיקער. אָבער פאַר אים איז די תורה געווען צו הייליק און צו טייער אַז ער זאָל זי צושניידן און צו־ברעקלען און צורייסן אומברחמנותדיק אויף פאַרשידענע שטיקער אָן אַ באַ־זונדער נויטווענדיקייט. רש״י האָט זיך דעריבער באַמיט צו פאַרגלייכן די אַלע ערטער און צו כשרן די פאַרשידענע סירכות, ווי ווייט ס׳איז מעגלעך. דערביי האָט זיך רש״י באַנוצט קודם כל מיט זיינע ברייטע קענטעניש און מיט זיין טיפן פאַרשטאַנד, ווי אויך מיט דער הילף פון אַ מדרש אָדער אַן אגדה, וועלכע פירן אַריבער דעם גרעסטן תהום אָן איבעריקע שוועריקייטן.

פסוקים וועלכע עס פעלט זיי דער הויפּט־וואָרט האָט רש״י באַצייכנט

אלס „מקראות שמקצרים לשונם וממעטים תיבה אחת“ (בראָ א, א), (פסו־קים, מיט אַ קורצער שפּראַך און פאַרמינדערטע מיט אַ וואָרט: צום ביישפּיל:

בראָ ט, ו: עשה את האדם — מאַכט רש״י: זה מקרא חסר, אַ פּסוק וואָס פעלט אים עפּעס. צריך להיות, ס'וואָלט באַדאַרפט שטיין ווער האָט באַשאַפן...

בראָ לט, יד: ראו הביא לנו — מאַכט רש״י: הרי זו לשון קצרה, דאָס איז אַ קורצע שפּראַך, ולא פירש מי הביאו, און דער פּסוק זאָגט נישט ווער האָט אים געבראַכט.

בראָ מא, מט: עד כי חדל לספר — הייסט רש״י לייענען: עד כי חדל לו הסופר לספר, און גיט צו: והרי זה מקרא קצר, דאָס איז אַ קורצער פּסוק.

אַ פּסוק, אַ פאַרדרייטער לויט דעם צוזאַמענשטעל פון זיינע ווערטער, ווערט דורך רש״ין גערופן „מקרא מסורס“, אַ פאַרדרייטער פּסוק, ווי למשל אין:

בראָ ב, יט: וכל אשר יקרא לו האדם נפש חיה — מאַכט רש״י: סרסהו ופרשהו, דריי אים איבער און נאָכ־הער וועסטו אים אויסטייטשן. מ'דאַרף לייענען: וכל נפש חיה אשר יקרא לו האדם...

שמות ב, ה: ותרד בת פרעה... — מאַכט רש״י: סרס המקרא ופרשהו, דריי איבער דעם פּסוק און טייטש אוים ווי ס'וואָלט געשטאַ־נען: ותרד בת פרעה על היאר.

ויקרא א, טו: ומלק את ראשו והקטיר... ונמצה דמו — מאַכט רש״י: ופשוטו של מקרא מסורס הוא, לויט דעם פּשט איז דער פּסוק פאַרדרייט און ס'דאַרף זיין: ומלק את ראשו ונמצה דמו והקטיר...

וועגן די פּסוקים וואָס זיינען נישט אויף זייער פּלאַץ, זאָגט רש״י: „אין מוקדם ומאוחר בתורה“, ווי, למשל, אין:

בראָ לה, כט: ויגוע יצחק באַמערקט רש״י אין מוקדם ומאוחר בתורה, (אין דער תורה איז ניטאָ: פריער אָדער שפּעטער), ווייל מכירת יוסף איז געווען נאָך צוועלף יאָר פאַר יצחקס טויט און די תורה דער־ציילט וועגן יצחקס טויט פריער.

שמות לא, יח: ויתן אל משה — מאַכט רש״י: אין מוקדם ומאוחר בתורה, ווייל די מעשה פון דעם עגל איז געווען אַ סך פריער פאַר דעם

מאכן דעם משכן און דאָ ווערט דאָס דערמאָנט שפּעטער.

רש״י שטעלט זיך אויך אָפּ אויף די אַלע ערטער וואָס די פסוקים שטימען ניט איינער מיט דעם צווייטן, ווי, למשל:

בראַ׳ ז, ט: שנים שנים באו אל נח — רש״י האָט גוט געזען אז אין פסוק ב׳ רעדט זיך פון זיבן פון די טהורים און צוויי פון די אַנדערע און דאָ רעדט זיך פון צוויי פון אַלע, און רש״י מאַכט קיינע ענדערונגען אין די פסוקים, נאָר טייטשט אוים אז מן הפחות היו שנים, דער מינימום איז געווען צו צוויי.

בראַ׳ לז, כח: ויעברו אנשים מדינים... אויך דאָ האָט רש״י גוט געזען דעם גאַנצן פּלאָנטער פון די פסוקים: אין פסוק כ״ה זעט מען אָנקומען אַ קאַראַוואַנע מיט ישמעאלים, און יהודה לייגט פאָר אז מ׳זאָל זיי יוספן פאַרקויפן. אין פסוק כ״ח זעט מען שוין סוחרים מדינים. מ׳ציט אַרויף יוספן פון בור און מ׳פאַרקויפט אים טאַקע צו די ישמעאלים, און זיי ברענגען אים קיין מצרים. אָבער אין פסוק ל״ו הערן מיר אז דאָס האָבן די מדנים (מדינים) אים פאַרקויפט צו פּוטיפרן. רש״י פּלאָנטערט אויף דעם פּלאָנטער גאַנץ איינפאַך אָן צו צעברעקלען די פסוקים און זאָגט אונדז: והודיעך הכתוב, דער פסוק קומט דיר צו דערציילן, שנמכר פעמים הרבה, אַז יוסף איז דאַן עטלעכע מאָל פאַרקויפט געוואָרן: די בני יעקב האָבן אים פאַרקויפט צו די ישמעאלים. דערווייל איז אָנגעקומען אַ צווייטע שיירא פון מדינים, האָבן זיי אים אָפּגעקויפט און האָבן אים געבראַכט צו פּוטיפרן. — גענוג קלאָר, און די תורה בלייבט פאַר אים גאַנץ ווי זי איז געווען.

דברים לד, ה: וימת שם משה — פרעגט רש״י: אפשר משה מת וכתב וימת שם משה? איז דאָס מעגלעך אַז משה אַליין זאָל האָבן געשריבן די ווערטער: „און משה איז דאָרט געשטאָרבן? אלא, נאָר מ׳מוז זאָגן אַז עד כאן כתב משה, ביז דעם פסוק האָט משה אַליין געשריבן און מכאן ואילך, פון דעם פסוק און ווייטער כתב יהושע האָט זיין תלמיד יהושע געשריבן.

רש״י ברענגט אויך די מיינונג פון רבי מאיר וועלכער זאָגט: הקדוש ברוך הוא אומר ומשה כותב

ב ד מ ע, גאָט ברוך הוא האָט דיקטירט די ווערטער און משה רבנו האָט מיט טרערן אין די אויגן זיי פאַרשריבן אין דער תורה. אָבער דאָס איז נישט זיין מיינונג. רש"י אליין, דער גרויסער ליבהאָבער פון פשט, האָט אָנגעהויבן די תורה מיט פשט און פאַרענדיקט זי מיט פשט.

II.

## 1. סטיל און שפּראַך אין רש"ים פירוש

אין דעם פאָריקן קאַפּיטל ,האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם אינ־האַלט פון פירוש רש"י און געוויזן, אַז, ווי אַ געטרייער, איבערגעגעבענער דערציער, פירט אונדז רש"י פון וואָרט צו וואָרט, פון פסוק צו פסוק און פון פרשה צו פרשה, פאַרטייטשט אַלעס, דערקלערט אַלעס, רוימט אָפּ אַלע שטרויכלונגען פון וועג און עפנט אונדז די אויגן צו זעען און דאָס האַרץ צו פאַרשטיין דעם מ א ו ר ש ב ת ו ר ה. איצט וועלן מיר נאָכזוכן און זען אין וואָס פאַר אַ פאָרם האָט רש"י געגעבן זיינע פירושים און ווי זעט אויס רש"ים סטיל און זיין שפּראַך.

1) ס ט י ל — דערקלערן דעם סגנון פון רש"י, וואָלט געהייסן דער־קלערן די ליבטיקייט פון דער זון, די פאַרביקייט פון אַ שיינער לאַנדשאַפט אָדער די קלאַנגען פון האַרציקער מוזיק. רש"ים סטיל אַליין איז אַ קונסט־ווערק וואָס מער ווי לערנען און שטודירן, דאַרף ער אויפגענומען ווערן, איינ־געזאַפּט ווערן דורך דעם לייענער און לערנער. נאָר דער, וואָס איז געבענטשט פון גאָט מיט אַ גוטן אויער און אַן איידעלן געשמאַק, וועט דערפילן די באַ־טעמטקייט פון רש"ים סטיל און ער וועט, לערנענדיק רש"י, פאַרנעמען אַ גייסטיקן געגוס און פאַרגעניגן, ווי ווען מען הערט טענער פון אַ סימפאָנישן אָרקעסטער; אַ געגוס איז עס, וואָס קען נישט באַשריבן ווערן. יעדע דעפי־ניציע וועגן רש"ים סטיל וועט זיין נאָר אַ באַגריף אַ טרוקענער — מער ניט.

רש"ים סגנון איז אַ געמישטער, אַ סינטעזע פון דעם לייכטן עקזאַקטן און קלאָרן משנה-סטיל מיט דעם פאָלקסטימלעכן און ווייך־האַרציקן סטיל פון די מדרשים, צוגעפּוצט פון צייט צו צייט מיט אייניקע תנ"כישע מליצות און פאַרברייטערט דורך דעם צוגאָב פון אַביסל תרגום און בלע"ז. רש"ים סינטעזע-סטיל איז פליסיק און עלאַסטיש, בילדעריש און פּאָעטיש. אויב

מ׳קען ניט זאָגן אַז זיינע פּיוטים האָבן דערגרייכט צו אַ הויכער מדרגה פון פּאָעזיע, קען מען אָבער אַבסאָלוט זיכער באַהויפּטן אַז זיין פּראָזע איז אײ־בערפולט מיט פּיוט. רש״ים סטיל איז ניט נאָר קלאָר און שיין, נאָר אויך זייער רייך אין וואָרט. רש״ים אוצר פון ווערטער אין די פּרשיות ווי ער באַשרייבט דעם משכן מיט זיינע כלים, די קליידער פון די כהנים, די דינים פון קרבנות, פון נגעים, פון טומאה וטהרה, פון די בעלי חיים וואָס מ׳מעג אָדער מ׳טאָר נישט עסן, ענינים פון פעלד און גערטנער־אַרבעט, דערגרייכט צו אַזאַ רייכ־קייט אַז די שפּראַך קלינגט ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך, ווי אַ שפּראַך וואָס ווערט באַנוצט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, גלייך ווי דאָס פאָלק וואָלט גאָר קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו באַנוצן. דיזאָזיקע שפּראַך, דורכלערנענדיק די אַלע פּרשיות, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז נאָך פופציק יאָר אויס־לעבן זיך אין דער העברעאישער שפּראַך אין שטוב און אין גאַס, קען נאָך דער ישוב אין ארץ ישראל לערנען ביי רש״ין און אין זיינע ווערק אַ סך אַ סך ווערטער און אויסדרוקן פאַר זיין טאָג־טעגלעכן געברויך.

פון די ערשט־דערמאָנטע עלעמענטן אין רש״ים שפּראַך איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף אייניקע מליצות פון תנ״ך, מיט וועלכע רש״י באַשיינט אַמאָל זיין פּירוש אויף איבערזעצונגען פון תרגום אונקלוס און בלע״זן.

## 2. תנ״כישע מליצות אין רש״ים פּירוש

בראַ׳ יט, כ: הלא מצער היא... — מאַכט רש״י: הלא „עיר קטנה היא ואנשים בה מעט, דער גאַנצער זאַץ איז לויט דעם פּסוק אין קהלת (ט׳ יא): עיר קטנה ואנשים בה מעט....

בראַ׳ לד. כז: על החללים — מאַכט רש״י: „לפשט את החללים״, די פּראָזע איז פון שמואל א׳ (לא. ח): ויבאו פלשתים לפשט את החללים.

שמות כה, ו: שמן למאור — מאַכט רש״י שמן זית זך, די ווערטער זיינען גענומען פון צווייטן פּסוק פון פּרשת תצוה.

דברים ל, יא: לא נפלאת היא ממך — מאַכט רש״י: לא ...מכוסה וחבושה בטמון, און דאָס איז לויט די ווערטער פון איוב (מ. י״ג) „פניהם חבש בטמון״.

דברים לב, מא: אם שנותי ברק חרבי — מאכט רש"י: אם אשנן את להב חרבי כמו למען היות לה ברק, די לעצטע מליצה איז פון יחזקאל (כא, טו): למען היה לה ברק מרטה.

## 3. תרגום אונקלוס

דער תרגום אונקלוס איז די איינציקע אראמישע איבערזעצונג פון דער תורה וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן דורך די תלמידי חכמים, וואָס באַלד נאָך דעם חורבן, אַלס די ריכטיקע און גענויע איבערזעצונג מיט וועלכע די מתורגמים מעגן זיך נוצן ביי קריאת התורה פאַרן פאָלק.

דער תרגום פאַרנעמט אין רש"ים פירוש אויף תורה אַ גאַנץ אָנגעזען אָרט און רש"י נוצט זיך מיט אים גאַנץ אָפט אַלס פשט פון פסוק אויף פאַרשידענע אופנים:

רש"י גיט זיין פירוש און נעמט דעם תרגום צו הילף.

רש"י ברענגט דעם תרגום אַלס איינציקן פירוש מיט אַן איבערזעצונג אָדער אָן איר.

אַמאָל באַנוגנט זיך רש"י נאָר בלויז מיט דערמאָנען דעם תרגום.

אַמאָל זאָל רש"י ברענגען דעם תרגום ניט אָנרופנדיק זיין נאָמען, — דער לשון אליין איז שוין אַן עדות פון וועלכן מקור רש"י האָט דאָס געבראַכט.

רש"י גייט אָבער נישט נאָך מיט פאַרמאַכטע אויגן נאָך תרגום אונקלוס — ער פאָדערט ראיות צו זיין טייטש, אַמאָל האָט ער אַן אַנדער מיינונג ווי דער תרגום און אַמאָל ווייזט ער פשוט אָן אַז אונקלוס האָט דעם פסוק שלעכט איבערזעצט.

און כמעט אויף דעם זעלבן אופן באַנוצט זיך רש"י אויך מיט די

## 4. בלעזים

איך שרייב בלעז און בלעזים אָן איבערשטריכעלעך, לויט דעם נוסח פון פראָפעסאָר בערלינער אין דער צווייטער אויסגאַבע פון

זיין ספר „רש״י על התורה״, וועלכער ווייזט איבער אז דאָס שרייבן בלע״ז מיט שטריכעלעך און לייענען: בלשון עם זר או בלשון עבודה זרה איז אַן אומאַנגענעמער גרייז. לועז איז אין העברעאיש אַן אויסלענדער און לעז אַן אויסלענדישע שפּראַך, אין באַצוג צו עברית. אין דער גריכישער תקופה אין ארץ ישראל — זאָגט בערלינער — האָט מען גערופן לועז אויך דעם אידן וועלכער האָט קיין העברעאיש ניט געקענט ריידן. און די גריכישע שפּראַך האָט מען גערופן לעז. נאכהער האָט רש״י אזוי גערופן דעם פראַנצויזיש, דער רמב״ם — דאָס שפּאַניש און דער בעל הערוך — דאָס איטאַליעניש. רש״י האָט אפילו אויך געשאַפן דעם טערמין „לועזין״, פאַר די וואָס זעצן איבער אין אַ פרעמדער שפּראַך.

אַלנפאַלס, דער „בלעז״ איז נישט אַלס טערמין און אויך נישט אַלס מעטאָדע, רש״ים אַ דערפינדונג. ב. קעניגסבערגער באַווייזט אין זיין העפט איבער רבנו גרשם מאור הגולה אַז אין דעם לעצטנס פירושים זיינען שוין דאָ אַריר׳נר 130 בלעזים פון דער אַלטער פראַנצויזישער שפּראַך. דר. ש. פּאָזנאַנסקי האָט אויסגעפונען אין רב מנחם בן חלבו׳ס פירוש אַ פופצן אַזעלכע „בלעזים״. רש״י צייכנט זיך אָבער אויס דערמיט וואָס אין זיינע פירושים געפינט מען מער ווי דריי טויזנטער אַזעלכע בלעזים וואָס די גרעסטע טייל פון זיי זיינען אויסגעפּאַרשט געוואָרן און פארגלייכט געוואָרן מיט די רעשטלעך פון דער אַלט־פראַנצויזישער שפּראַך.

אין רש״ים פירוש אויף תורה איז פאַראַן בערך אַ צוויי הונדערט פופציק אויסגעפּאַרשטע בלעזים מיט וועלכע רש״י באַנוצט זיך כדי צו באַפעסטיקן זיין פירוש, סיי ער דערמאָנט דעם וואָרט בלעז, סיי אָן דעם:

בראַ׳ כד, יד: אותה הוכחת — מאַכט רש״י ראויה היא לו... ולשון הוכחת־בירורת, אפּרובישט בלעז. (אין מאָדערנעם פראַנצויזיש איז: Apprauver).

בראַ׳ כד, יד: אותה הוכחת — מאַכט רש״י: ראויה היא לו... ולשון **לעז אוברי״גה** (Ouvrage)

שמות כט, כ: תנוך — מאַכט רש״י... גדר אמצעי שבתוך האזן שקורין טנדרו״ס (Tendron)

בראַ׳ מא, ה: בריאות — מאַכט רש״י: שיינ׳ש בלע״ז (Saines)

רייך מיט בלעזים זיינען די פרשיות וואו רש״י האָט געהאַט צו באַצייכענען פיל נעמען פון פאַרשידענע חלקים פון כלים צום משכן אָדער נעמען

פון בעלי חיים און די חלקים פון זייער קערפער — אין אזעלכע פרשיות האָט מען אין יענע צייטן נישט געקענט אויסקומען אָן דער לאַנדעס-שפּראַך, נאָר אַזוי ווי אין דעם ענין פון די בלעזים איז פאַר אונדז חשוב בלויז דער פאַקט אליין, וועל איך ברענגען בלויז נאָך איין ביישפּיל וואָס איז אויסער-געוויינלעך אפילו ביי רש״י, ווייל דאָס איז אַ גאַנצע פראַנצויזישע פראַזע, אַ גאַנצע מליצה וואָס האָט נישט צו זיך קיין ענלעכע אין דעם גאַנצן פירוש אויף תורה:

שמות יד, יא: המבלי אין קברים... — מאַכט רש״י: ובי מחמת חסרון קברים, צי דען צוליב דעם וואָס פעלן אוים קברים אין מצרים האָסטו אונדז פון דאָרט ארויסגענומען? און נישט דערמאָנענדיק קיינע בלעז גיט רש״י דעם גאַנצן זאַץ אין פראַנצויזיש: שי פור פילנצא די נון פושיש, וואָס לייענט זיך:

Si por faillance de non fases — Si pour faute de non fasses.

## 5 אַפּאָריזמען

אַלס עלעמענטן פון רש״ים סטיל איז כדאי אויך צו דערמאָנען די אַפּאָריזמען און ווערטלעך וועלכע רש״י האָט איינגעפלאָכטן אין זיין לעבעדיקער שפּראַך, און וועלכע זיינען דורך רש״י אָנגעקומען צום פאָלק און אייניקע פון זיי זיינען אויך אריין אין דער אידישער שפּראַך און זיינען פאַרשפּרייט צווישן די פאָלקס-מאַסן וועלכע ווייסן נישט צומאָלס זייער מקור:

בראַ׳ מב, ד: פן יקראנו אסון — ...מכאן שהשטן מקטרג בשעת הסכנה.

שמות ו׳ ט: ולא שמעו אל משה... — ... חבל על דאבדין ולא משתכחין.

שמות יח, ט: ויחד יתרו — ...גיורא עד עשרה דרי לא תבזי ארמאה באפיה.

אָט דער „היינו דאמרי אינשי״ ווערט פיל דערמאָנט דורך יעדן יודע ספר, אָבער דער המון העם האָט לויט רש״ים פירוש אויף „ויחד יתרו״ זיך געשאַפן פון די צוויי ווערטער אַ פאָלקס-ווערטל: „ס׳איז ביי אים אַ ויחד יתרו״, דאָס הייסט ער לאַכט אָבער ס׳שטעכט אים...

ויקרא כה, א: בהר סיני — מה ענין שמיטה אצל הר סיני?
במד׳ טז, א: ודתן ואבירם — ..אוי לרשע, אוי לשכנו!
במד׳ טז, ז: רב לכם בני לוי — ... וקרח שפקח היה מה ראה לשטות זו?
במד׳ כב, יב: לא תלך עמהם — ...לא מדובשך לא מעוקצך. (דאָס פאָלק זאָגט פאַרקערט: לא מעוקצך ולא מדובשך).
במד׳ כב, כא: ויחבש את אתנו — מכאן שהשנאה מקלקלת את השורה.
במד׳ לא, כא: ויאמר אלעזר הכהן — ...בא לכלל כעס בא לכלל טעות.
במד׳ י, יב: כי אם ליראה — ...מכאן: הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים.
במד׳ י, יט: כי גרים הייתם — מום שבך אל תאמר לחברך.

## 6. באַנייאונגען, אויסברייטונגען און שפּראַך-רעגלען אין רש״ים פּירוש

אָבער די גאַנצע רייכקייט פון רש״ים סגנון מיט די פרעמד שפּראַכיקע פּאַרטייטשונגען און מיט די פאָלקס-ווערטלעך, איז נאָך נישט געווען גענוג צו באַפרידיקן דעם שטראָם פון געדאַנקען, דעם ים פון הסברות וואָס רש״י האָט געוואָלט אריינגיבן אין זיין פּירוש, און ער האָט זיך געזען געצוואונגען צו אויסברייטערן די שפּראַך דורך שאַפן נייע ווערטער פון געוויסע שרשים אָדער אריינגיבן אין אַלטע ווערטער נייע ברייטערע באַגריפן. רש״י האָט אויסגענוצט אַלע אוצרות פון משנה און מדרש מיט זייערע פאַר אונדז אומבאַקאַנטע ווערטער און האָט נאָך געמוזט אָנקומען צו שאַפן נייע ווערטער פאַר באַגריפן און אויסברייטערן אַנדערע.

## 7. שפּראַך-רעגלען אין רש״ים פּירוש

די שפּראַך פון רש״ים פּירוש באַקומט פאַר אונדז אַ באַזונדער חשיבות אויך צוליב דעם, וואָס רש״י האָט איר געזען נישט נאָר אַ לבוש, אַ מאַנטל

איינצוקליידן זיינע רעיונות, נאָר אויך אַ תורה לשמה. די העברעאישע שפּראַך ביי רש״י איז נישט בלויז דער מיטל צו פאַרטייטשן פאַר אידן די תורה, נייערט אַ ציל אַן און פאַר זיך, אַ תורה פאַר זיך. אין רש״ים צייטן האָבן אידן אין גלות אויך געלערנט תורה און אויך געלערנט גענוג העברעאיש און רש״י וויל, אַז זיינע תלמידים, סיי די וועלכע ער קען און סיי יענע וועלכע ער קען נישט, זאָלן אריינדרינגען אין גייסט פון דער תורה און אין דער שפּראַך פון דער תורה, און אויב זיי וועלן רעדן אָדער שרייבן העברעאיש, זאָלן זיי רעדן און שרייבן אַ ריכטיקן און פּינקטלעכן העברעאיש. רש״י שטעלט זיך, דערפאַר, אָפּ ביי יעדער געלעגנהייט און נוצט אויס יעדן מעג־לעכן פּסוק, כדי צוזאַמען מיט דעם חומש אונדז לערנען אַביסעלע חומשדיקן העברעאיש. און אַזוי אַרום געפינען מיר ביי רש״י אויסער זיין פּשט און זיין מדרש, אויסער זיין מוסר און דרך ארץ, אויסער זיינע משלים און פתגמים, אויסער זיינע דערקלערונגען און הסברות, אויך כללים פאַר אַ העברעאישער טערמינאָלאָגיע — שפּראַך-רעגלען; כללים פאַר העברעאישער עטימאָלאָגיע, און אויך כללים פאַר העברעאישן סינטאַקסיס, ביישפּילן פון דיקדוק-רעגלען פאַר עטימאָלאָגיע און סינטאַקסיס זיינען פאַראַן אומצאָליקע אין רש״ים פּירוש אויף חומש; ליידער אָבער איז ניט מעגלעך צו ברענגען מוסטערן אין אידיש, ווייל די שפּראַך־דיפערענץ צווישן אידיש און העברעאיש איז אַן אומבאַזיג-באַרע שטערונג דערצו.

דער דקדוק אַזוי ווי די „שפּראַך״-פּראַקטיק זיינען ביי רש״י, ביידע זאַכן צוזאַמען: אי אַ מיטל אי אַ ציל פאַר זיך. רש״י קומט אין נאָמען פון די כללים פון דקדוק צו דערקלערן זיין טייטש פון פּסוק אָדער זיך אַרויסזאָגן קעגן עמעצנס אַ שלעכטע טייטש און אַמאָל אפילו מבטל זיין אַ מדרש, אויב ער שטימט נישט מיט די געזעצן פון אונדזער עטימאָ־לאָגיע. אָבער ביי דער זעלבער געלעגנהייט שטעלט זיך רש״י אָפּ און קנעלט מיט אונדז איין דעם דקדוק אליין אויך. מיט אַ גרינטלעכן שטודיום איבער דער גאַנצער רש״י וואָלט מען געקענט צוזאַמענשטעלן כמעט אַלע וויכטיקע יסודות פון אונדזער דקדוק אי אַלע זיינע חלקים.

## 8. רש״ים „לא ידעתי״ — דער ווירקלעכער זין פון פירוש

ביים פארענדיקן צו באהאנדלען דעם פירוש, אין וועלכן רש״י האט אזוי טיף און אלזייטיק פארטייטשט און דערקלערט דעם חומש, וויל איך מיר נאך אפשטעלן אויף די געציילטע ערטער, אין וועלכע רש״י זאל האבן געמאלדן אז ער ווייסט ניט די טייטש: „לא ידעתי פירושו״! —

דער „לא ידעתי״ פון רש״י איז לעצטנס געווארן כמעט די איינציקע תורה וואס מ׳ווייסט נאכצוזאגן פון רש״י, און אין דער „תורה״ ...וויל מען זען די גאנצע באשיידנקייט פון רש״ין, זיין אויפריכטיקייט און זיין ערלעכקייט.

אין אמתן איז כמעט דער גאנצער פירוש רש״י אויף תורה א פירוש אויף רש״ין אליין, און יעדער אויסטייטש זיינער, און יעדער משל, וואס ער ברענגט, און יעדער אגדה וואס ער דערציילט זיינען א טיפע אפשפיגלונג פון זיין גרויסער פרומקייט און ערלעכקייט, פון זיין גרויסן דורשט צו אמת, פון זיין טיפער מענטשלעכער ליבע און ווארעם אידיש הארץ און פון דער אויסערגעוויינלעכער עניוות, מיט וועלכער זיין סטיל איז דורכגעדרונגען (ומה שבידי לפרש... ולבי אומר לי... ועוד אומר לי לבי... קלינגען דאך ווי דירייד פון א פאטער צו זיין קינד) ווי אויך פון דעם מוט, מיט וועלכן ער פארטייטשט אייניקע פסוקים (דברים א, כח, למשל) געגנוג ראדיקאל אין באצוג צו זיין צייט. און דוקא דער ענין פון אט דעם „נישט וויסן״ איז נישט מיט קיין סך וויסן פארשטאנען געווארן.

אגב, די פראזע פון „לא ידעתי פירושו״ וואס אלע דערמאנען, געפינט זיך בלויז איין מאל אין גאנצן פירוש אויף חומש און דוקא דארט וואו רש״י האט גוט געוויסט וואס ער וויל, למשל:

בראׄ כח, ה: אם יעקב ועשו — מאכט רש״י: איני יודע, מה מלמדנו, און דער מיט וויל ער זאגן אז די דריי ווערטער זיינען אינגאנצן איבעריק, ווי דער „שפתי חכמים״ זאגט וועגן רש״י אויף א צווייטן פלאץ אין בראשית לח-יג.

שמות כד, יג: ויקם משה ויהושע משרתו — מאכט רש״י: לא ידעתי, מה טיבו של יהושע כאן? אז גאט האט גערופן משהן אויף דעם בארג, וואס־זשע האט דא צו טון יהושע? דער „לא ידעתי״ איז א פראגע און רש״י גיט באלד צו זיינע א לאגישע

און פראקטישע דערקלערונג, אז משה האט מיטגענומען זיין געהילף ביז צום בארג, און דארט האט יהושע געמאכט זיין געצעלט און אפגעווארט אלע פערציק טעג ביז משה איז אראפגעגאנגען פון בארג. זיין השערה באגרינדעט רש״י דערמיט וואס יהושע איז געווען ביים בארג צוזאמען מיט משהן, ווען דאס עגל איז געמאכט געווארן (וישמע יהושע את קול העם ברעה ויאמר אל משה קול מלחמה במחנה) (שמות לב, יז).

ויקרא יג, ד: ועמק אין מראיה מן העור — מאכט רש״י: לא ידעתי פירושו. וועגן אט דעם דאזיקן פסוק ווערט פיל גערעדט.

וואס האט דא רש״י ניט געהאט צו וויסן? רש״י קומט פשוט צו זאגן, אז ער פארשטייט ניט ווי קען אזא זאך מעגלעך זיין? ערשט אין פריערדיקן פסוק לערנען מיר: ושער בנגע הפך לבן ומראה הנגע עמק מעור בשרו. ברענגט רש״י אין נאמען פון תורת כהנים דעם כלל: כל מראה לבן עמוק הוא, כמראה חמה עמוקה מן הצל, און איצט לערנען מיר: ואם בהרת לבנה היא... ועמק אין מראיה מן העור, פרעגט זיך רש״י, ווי קען דאס זיין אז א ווייסער פלעק זאל נישט זיין טיפער פון דער הויט, דאס איז דאך קעגן דעם ערשט דערמאנטן כלל. און דאס איז דער „לא ידעתי פירושו", וואס וויל זאגן, ווי קען אזא זאך טרעפן?!

## 9. מקורות און השפעות

צווישן די מקורות וואס ווערן דערמאנט אין רש״י, אויסער דעם פריער דערמאנטן תרגום אונקלוס, איז באזונדערס ווערט צו באצייכענען:

בראשית רבה — אויף דעם מדרש האט רש״י געגרינדעט דעם גרעסטן טייל פון אלע זיינע מדרש פירושים אויף ספר בראשית.

מכילתא — די מכילתא פארנעמט דעם גרעסטן חלק אין רש״ים פירוש אויף שמות.

תורת כהנים — דער נאמען מיט וועלכן רש״י באצייכנט דעם ספרא, איז דער יסוד פאר רש״ים פירוש אויף ספר ויקרא.

ס פ ר י — אָדער ווי רש"י רופט אים אַמאָל ב ר י י ת א ד ס פ ר י, ווערט דערמאָנט אין גרעסטן חלק פון רש"יס פירושים אויף במדבר און דברים.

ת נ ח ו מ א. — אָדער מדרש תנחומא, ווערט דורך רש"י געבראַכט אין פאַרשידענע ערטער, אָבער באַזונדערס אין ספר בראשית.

ת נ " ך א ו ן ת ל מ ו ד — רש"י ברענגט פיל מאָל ביישפּילן פון תנ"ך, נישט אָנווייזנדיק אַלע מאָל דעם מקור פון וואַנען ער ברענגט, גלויבנדיק אַז קיין לערנער איז נישט פרעמד דער פּסוק פון תנ"ך. דעם תלמוד ברייננגט רש"י אונטער דעם נאָמען „ורבותינו אמרו" אָדער „ובגמרא אמרו". דאָס וואָרט „גמרא" אנשטאט „תלמוד" איז לויט פּראָפעסאָר בערלינערס מיינונג אריינגעשטעלט געוואָרן נאָכדעם ווי מ'האָט גוזר געווען צו פאַרברענען דעם תלמוד.

פון חכמים און לומדים דערמאָנט רש"י פיל מאָל די נעמען פון דעם גרויסן בעל דקדוק מנחם בן סרוק און פון רבי משה הדרשן פון די חכמי פּראָבאַנס אין דרום־פראַנקרייך.

פון די צען מאָל וואָס רש"י ברענגט פירושים אין נאָמען פון מנחם (מנחם בן סרוק פירשו, מנחם פירש, ומנחם חברו) איז ער פיר מאָל מיט אים נישט מסכים און זאָגט זיך אָרויס גאַנץ שאַרף: „ואין זה פשוטו של מקרא" (ברא' לה, טז), אָדער „ולא יאמנו דבריו" (שמות ג' כב). אָבער אין אַלגעמיין איז צו זען אַז אין ענין פון דקדוק און שמוש הלשון איז רש"י אינגאַנצן אונטער דער השפעה פון מנחמס באַרימטע מחברת, כאָטש רש"י ברענגט אויך צוויי זאכן אין נאָמען פון דונש בן לברט.

אין זיבעצן ערטער, — ווי ווייט איך האָב נאָכגעקוקט, — וואו רש"י דערמאָנט ר' משה הדרשן, איז בלויז אויף איין אָרט איז רש"י ניט מסכים מיט אים און אויך נאָר בתנאי: א ם א ג ד ה ה י א ט ו ב, ו א ם ל א ו א ו מ ר א נ י... (במד' כו, כד) — אין אַלע אַנדערע ערטער רעדט רש"י וועגן אים ווי וועגן אַ גרויסן בר סמכא, און דאָרט וואו רש"י זאָגט: ו ב י ס ו ד ו ש ל ר' מ ש ה ה ד ר ש ן מ צ א ת י אָדער ו ב ד ב ר י ר' מ ש ה ה ד ר ש ן ר א י ת י, אָדער גאָר מ י ס ו ד ו ש ל ר' מ ש ה ה ד ר ש ן ל מ ד ת י כ ן פילט מען ווי רש"י איז ביי זיך פעסט און

שטאַלצירט ממש מיט דער תורה פון זיינע גדולי צרפת פון נארבאנע, לונעל און מאנפעליע.

אין רש״ים פירוש זיינען אויך דאָ זאכן וואָס רש״י ברענגט פון מקורות וואָס זייער נאָמען ווערט נישט אָנגעגעבן. אזוי, למשל, ווייזט אָן פּראָפ. בער־לינער אויף פאַרשידענע פסוקים, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן דורך רש״י פון זיין אייניקל דעם רשב״ם, וועלכער האָט מיט זיין פשטות געווירקט אויף זיין גרויסן זיידן ער זאָל אין די נייערע אויסגאבעס ענדערן אייניקע פון זיינע פריערדיקע פירושים.



# אריינפיר

ווען איך רעד דאָ וועגן „רש״י און זיינע נאָכפאָלגער“, בין איך מוסף מודעה פריער, אַז עס איז נישט אין מיין כוונה צו געבן אַ פולע געשיכטע פון די בעלי תוספות. דאָס וואָלט איבערשטיגן די אָנגעצייכנטע ראַמען פאַר אַ סינמעטישער אַרבעט, וואָס דאַרף זיך אריינפאַסן אין אַן אַלגעמיינער זאַמל־שריפט. די אויפגאַבע פון מיין אַרבעט איז נאָר אָנצואווייזן אויף דאָס גייסטיקע פאַרהעלטעניש פון רש״י צו זיינע נאָכפאָלגער, אויפצואווייזן ווי די גאַנצע אַרבעט פון די אחרונים שטיצט זיך אויף דער אַרבעט פון רש״י און פעסטצושטעלן דעם פאַרשריט וואָס די אַרבעט פון די אחרונים האָט דערגרייכט אַקעגן דעם גיגאַנטישן ווערק פון רש״ין.

איך האָב דארום מיט אַ כיוון זיך אָפגעזאָגט פון דער שילדערונג פון דער אויסערער לעבנס־געשיכטע פון די בעלי תוספות, ווארום מיר גייט עס דאָ נאָר אין דעם, אָנצואווייזן אין גרויסע שטריכן אויף די אינערלעכע צוזאַמענהאַנגען וועלכע לאָזן זיך פעסטשטעלן צווישן דער פאָרשערישער אַרבעט פון רש״י און דער אַרבעט פון זיינע נאָכפאָלגער און אויך צו ווייזן אַז אויפן געביט פון אידישע פאָרשונגען איז פאַראַן אַ שטענדיקער גייסטיקער המשך — אב לבנים יודיע אמיתך — דור לדור ישבח מעשיך.

## רמב״ם און רש״י — צוויי פאַרשיידענע גייסטיקע מעטאָדעס

ס'איז אַ באַזונדער אינטערעסאנטע דערשיינונג אין דער אידישער געשיכטע אין גלות, דאָס גראָד אין צייטן פון דער גרעסטער נויט און אונטערדריקונג, שטראַלט דער אידישער גייסט צום העלסטן. דער פסוק: „וכאשר יענו אותו כן ירבה וכן יפרוץ“, באַווייזט אויפן גייסטיקן געביט, ווי אומענדלעך שטאַרק און מעכטיק דאָס לעבן פונם אידישן פאָלק איז פאַרוואָרצלט און פאַראַנקערט אין זיינע גייסטיקע ווערטן. קיין שום אַנדער פאָלק אויף דער וועלט וואָלט ביי די באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט גע-

לעבט, נישט געווען בכוח צו שאפן אזעלכע גייסטיקע ווערטן. די דאזיקע גייסטיקע רירעוודיקייט אינמיטן פון די גרעסטע רדיפות, האט אפגעהיט דאס אידישע פאלק פון מאראלישער ירידה, צו וואס זיינע שונאים האבן עס גע-וואלט דערפירן. דאס אידישע פאלק איז געבליבן א פאלק פון גייסטיקע ארים-טאקראטן. דאס פינסטערע מיטלאלטער, די צייט פון דער מוראדיקסטער אוי-בערער נויט פארן אידישן פאלק, איז געווען איינע פון די ליכטיקסטע תקופות אין דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראטור. די צייט פון די אלמאהאדן־רדיפות אין דער אראבישער שפאניע און די צייט פון די קרייץ-צוגן אין פראנקרייך און דייטשלאנד האט געשענקט דעם אידנטום צוויי פון זיינע באדייטנדיקסטע זין, וועלכע האבן געוויזן דעם אידישן גייסט נייע וועגן, זייער צייט נייע אימפולסן, און זיי האבן געזארגט דערפאר, אז דער המשך פונם אידישן גייסטיקן לעבן זאל נישט איבערגעריסן ווערן. זיי, די צוויי גרויסע זין, האבן אין זיך אויפגענומען דאס גאנצע אידישע גייסטיקע פאר־מעגן פון דער פארגאנגענהייט און יעדער פון זיי האט דאס אויף זיין אופן פאראריבעט און דאס איבערגעגעבן פאר די קומענדיקע דורות. די דאזיקע צוויי זין זיינען געווען דער ספרדי ר' משה בן מיימון און דער אשכנזי ר' שלמה בן יצחק — דער רמב"ם און רש"י.

ביידע האבן דאס איינע געמיינזאם, דאס וואס זייערע פערזענלעכקייטן טרעטן צוריק הינטער זייער ווערק — א כאראקטער-שטריך וועלכער באווייזט זיך נאר ביי שעפערישע נאטורן פון גאר גרויסן פארנעם. ווען מען דענקט וועגן זיי, דענקט מען קודם כל אין זייער ווערק, וועלכעס שטייגט אריבער אזוי ווייט דאס פערזענלעכע, אז מען באמערקט דאס ממש נישט. און דאך טראגט אויף זיך זייער ווערק אין א פולער מאס דעם חותם פון זייער פערזענלעכקייט און פון זייער סביבה. ווי גרוים זייערע שאפונגען זאלן נישט זיין און ווי ניי און אריגינעל זייער וועג זאל נישט זיין, קאן מען דאך דעם אופן פון זייער ווירקן, זייער גאנצע גייסטיקע סטרוקטור פארשטיין נאר אין צוזאמענהאנג מיט זיי-ער גאנצער סביבה. אינם רמב"ם זעען מיר דעם תלמיד און אויספירער פון א רי"ף און פון ר' מיגאש, און אין רש"י דעם תלמיד און פארזעצער פון די חכמי לותיר און פון רבינו גרשם מאור הגולה.

די חכמי ספרד זיינען אנהענגער פון דער סינטעטישער מעטאדע בעת די חכמי אשכנז זיינען מער געניגט צו דער אנאליטישער מע-טאדע. דער וועג פון די לעצטע איז די אינדוקציע, בעת די ערשטע

באַנוצן זיך מיט דער מעטאָדע פון דעדוקציע. דער תוספות יום טוב דריקט אויס דעם דאָזיקן געדאַנק אין דער הקדמה צו זיין פירוש אויף משנה בזה הלשון: „דרך הרמב"ם בסוגית פירושו לעשות עקרים וכללים למשנה ולכלול ענינה ולחברה וממנה נבין כוונת המשנה; ולא זו היא דרך רש"י וסוגיתו שמפרש על סדר המשנה אחת לאחת ולחלק לחלקים ולדיבורים קצרים, ופירושו נתפשט על המקרא ועל הגמרא". דאָ איז נישט דער פּלאַץ אָנצואווייזן, ווי ווייט עס האָט געווירקט אויפן רמב"ם די פילאָזאָפיע פון אריסטאָטעלעסן, וועלכער האָט, פּונקט ווי זיין לערער פּלאַטאָן, באַטראַכט אַלס די אויפגאַבע פון דער פילאָזאָפיע, צו דערקענען די לעצטע סיבות פון די זאַכן, אַז דער פּרט זאָל צוריקגעפירט ווערן אויף כלל-באַגריפן און דאַן דורך דעדוקציע פון די באַגריפן דערקלערט ווערן. מיר ווילן נאָר דערמאָנען דעם פאַקט, אַז דער רמב"ם, פאַרנעמענדיק זיך אין זיין מורה נבוכים מיט די „טעמי המצוות", דערקלערט ער נאָר די אַלגעמיינע פּרינציפּן, בעת פאַר די פּרטים פון די מצוות ווייזט ער נישט אַרויס קיין אינטערעס.

רבינו גרשם און זיינע נאָכפאָלגער האָבן געטון די נויטיקע קליין-אַרבעט. זיי איז געגאַנגען ניט נאָר אין דעם צונויפנעמען די הלכות פון די סוגיות בדרך כלל, נאָר אויך, גענוי פעסטצושטעלן דעם טעקסט מיט אַלע פּרטים. זיי האָבן געלערנט, נישט בלויז כדי צו געפינען דעם וועג פאַר דער פּראַקטיק פון מצוות מעשיות, נאָר זיי האָבן געלערנט, כדי צו לערנען, — דאָס לערנען איז פאַר זיי געווען אַ צוועק אַן און פאַר זיך — תורה לשמה.

אַזוי זעען מיר, למשל, ווי רש"י באַמיט זיך קודם צו האָבן אַ קלאָרן און גענוי-זיכערן טעקסט פון די כתבי הקודש, ווארום נישט קוקנדיק אויף דער איבערשרייבונג פונם רבינו גרשם און אויף דעם פאַרבאָט עפּעס צו ענדערן אין דעם טעקסט, איז דאָך קיין קלאָרער טעקסט נאָך אַלץ נישט געווען. ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט געהאַט פאַר זיך אַ קלאָרן און זיכערן טעקסט, הויבט רש"י אָן אים צו דערקלערן מיט פּרעציזע, בולט'ע, פּינקטלעכע און קורצע ווערטער, אַזוי גוט דעם געדאַנק ווי יעדעם שווערערע וואָרט.

אַלס פּאַרטייטשער און מפרש האָט רש"י נישט קיין גלייכן צו זיך. ווי אַ געדולדיקער לערער גיט רש"י זיך די מי, צו דערקלערן פאַר זיינע תלמידים יעדעס וואָרט אין יעדע שטעל פון דער תלמודישער דיסקוסיע, אַזוי אַז די תלמידים זאָלן דאַן אַליין געפינען די מסקנא. ער פאַרמישט זיי נישט די מוחות דורך פאַרגלייכן מיט אַנדערע פּסוקים אָדער מימרא'ס, אויב דאָס איז

נישט נויטיק צום פארשטיין דעם פשט. ער באנוגנט זיך אויך נישט מיט אי-בערגעבן פאר זיינע תלמידים דעם אינהאלט און דעם רעזולטאט פון דער דיס-קוסיע, נאר ער פירט זיי שריט ביי שריט דורך דעם טעקסט, קומענדיק אזוי פונם פרט צום כלל, ביז די באטרעפנדע שטעלע ווערט קלאר און פולקאם פארשטענדלעך. בעת דער רמב"ם איז געוועזן מיט דער מיינונג אז מען מוז ראטעווען די תורה, שלא תשתכח תורה מישראל, אויסארבעטנדיק א קיצור פון ש"ס, האט רש"י זיך באמיט צו פארלייכטערן דאס לערנען דעם תלמוד און אויף אזא אופן צו פארהיטן, שלא תשתכח תורה מישראל.

דער אונטערשייד צווישן די דאזיקע צוויי ריכטונגען ווערט אמבעסטן כאראקטעריזירט דורך דעם מחלוקת צווישן ר' חנינא און ר' חייא אין בבא מציעה דף פ"ה. ר' חנינא זאגט: בהדי דידי קא מינצית ח"ו אי משתכחא תורה מישראל מהדרנא לה מפלפול; — ווען די תורה זאל חלילה פארגעסן ווערן, וואלט איך זי געקענט ווידער צונויפשטעלן דורך פילפול, ד. ה. דורך לאגישע דעדוקציעס; ר' חייא דאקעגן זאגט: בהדי דידי קא מינצית דעבדי לתורה דלא תשתכח מישראל מאי עבידנא אזלי ושדינא כיתנא וגדילנא נשבי וציידנא טבי ומאכילנא בשריהו ליתמי ואריכנא מגילתא וכתבנא חמשה חומשי וסליקנא למתא ומקרינא חמשה ינוקי בחמשה חומשי ומתנינא שיתא ינוקי שיתא סדרי ואמרנא להו עד דהדרנא ואתינא אקרו אהדדי ואהנו אהדדי ועבדי לה לתורה דלא תשתכח מישראל היינו דאמר רבי: כמה גדולים מעשי חייא. (איך זארג דערפאר, אז די תורה זאל נישט פארגעסן ווערן, ווארום איך זע פלאקס און מאך דערפון נעצן און כאפ הערשן וועמעס פלייש איך גיב צו עסן צו יתומישע קינדער און פון זייער פעל מאך איך יריעות אויף וועלכע איך שרייב די תורה און איך גיי אין שטאט און מאך לייענען פינף קינדער צו א ספר פון דער תורה און צו יעדע זעקס קינדער צו א סדר פון דער משנה און איך זאג זיי אן, אז זיי זאלן לערנען צוזאמען ביז איך וועל צוריקקומען און אזוי דערגרייך איך, אז די תורה ווערט נישט פארגעסן). רבי האט אויף דעם געזאגט: ווי גרוים זיינען די מעשים פון חייא!

ר' חנינא איז געווען מיט דער מיינונג אז דער צוועק פון דער דערצי-אונג איז, אויסצובילדן איינצלנע גרויסע לומדים, וועלכע זאלן קענען אזוי פיל, אז זיי זאלן זיין פעאיק צו יעדער צייט איבערצוגעבן דעם פאלק דעם אינהאלט פון דער תורה. לויט דער דאזיקער שיטה איז נישט נויטיק געווען, אז די תורה זאל ווערן דאס גייסטיקע אייגנטום פונם גאנצן פאלק. ר' חייא

דאַקעגן האָט מער אינזינען געהאַט דאָס פּ ש ו ט ע לערנען, אַזוי אַז די תורה זאָל ווערן אַ שותּפותדיקער אייגנטום פונם גאַנצן פאָלק.

דער רמב״ם האָט געוואָלט שאַפן אַ ווערק וואָס זאָל איבעריק מאַכן דעם גאַנצן תלמוד — ווי ער זאָגט דאָס אין דער הקדמה צום יד החזקה; רש״י דאַקעגן האָט געוואָלט זאָרגן דערפאַר שלא תשתכח תורה מישראל, אַז די תורה זאָל נישט פאַרגעסן ווערן אינם פאָלק, אַז די גאַנצע תורה זאָל זיין צו-גענגלעך פאַר יעדן אידישן מענטשן. און דעריבער קענען מיר אויסרופן מיט די ווערטער פון ר׳ יהודא הנשיא: כמה גדולים מעשי רש״י!

ביי רש״ין געפינט יעדער דאָס פאַר אים פּאַסיקע. דעם אָנפאַנגער פאַר-לייכטערט ער צו שטעלן די ערשטע טריט אויפן געביט פון תלמוד-לערנען, אָבער אויך פאַר די לומדים און תלמידי חכמים איז ער דער וועג-ווייזער.

רש״ים איין איינציק וואָרט וואָס ער זאָגט אַרויס, דרך אגב, דאַכט זיך, לייזט אויף צומאָל די האַרבסטע שטעלן. ווער עס האָט נאָר אפילו אַ שטיקל ידיעה אין תלמוד, ווייסט, אַז יעדער „כלומר״ האָט ביי רש״ין זיין באַזונדערע באַדייטונג, און ער האָט די אויפגאַבע צו דערקלערן די סאַמע שווערסטע שטעלן אינם טעקסט און אין אינהאַלט. און אַ סך אמת איז דאָ אין דעם וואָרט, אַז רש״י האָט געשריבן זיין פירוש מיט „גאָלדענער טינט״. ביי אים איז נישטאָ קיין איין וואָרט צו-פיל אָדער צו-ווייניק. דבר דבור על אופניו. מען דאַרף נאָר פאַרגלייכן די פירושים פון זיינע נאָכפאָלגער מיט זיין פירוש, כדי צו זען, אַ וואָסערער מומחה פון צמצום רש״י איז. שוין דער רבינו תם האָט באַמערקט, אַז דאָרט וואו רש״י באַנוגנט זיך מיט איין וואָרט, דאַרף דער רשב״ם האָבן צוואַנציק. מען דאַרף נאָר אַ קוק טאָן אין פירוש פון רשב״ם אויף בבא בתרא, כדי צו זען די ריכטיקייט פון דער דאָזיקער אָפּשאַצונג.

אָבער אויך רש״י ווייזט אָן ביי אַ סך שטעלן אויף ענלעכע שטעלן אויף אַן אַנדער אָרט און ער באַמיט זיך די האַרבקייטן און סתירות צווישן די פאַר-שידענע שטעלן צו דערקלערן און צו פאַרענטפערן לויט דעם פרינציפּ וועלכן ער דריקט אויס אין זיין פירוש: דברי תורה עניים במקומן ועשירים במקום אחר. און אַזוי דערקלערט ער אָפט איין שטעלע דורך דער אַנדערער. אָבער אין עצם באַמיט ער זיך צו דערקלערן דעם טעקסט אויפן אָרט, שפּראַכ-לעך, זאַכלעך און איבערגעבנדיק דעם גאַנצן געדאַנק.

# רש״ים נאָכפאָלגער, די בעלי תוספות

שטיצנדיק זיך אויף רש״ין, האָבן זיינע תלמידים און נאָכפאָלגער פאָרגעזעצט זיין אַרבעט, צו מאַכן פון דעם תלמוד דאָס פאָלקס־בוך פונם אידישן פאָלק. די ערשטע, וועלכע האָבן ווייטער געבויט דאָס דאָזיקע ווערק, זיינען געווען רש״ים איידעמס און אייניקלעך, וועלכע האָבן פאַרענדיקט זיין אַרבעט. דאָרט, וואו רש״י האָט קיין פירוש נישט איבערגעלאָזט, האָבן זיינע איידעמס און באַזונדערס זיין אייניקל, דער רשב״ם, זיך באַמיט אַזאַ פירוש צו שאַפן. אַזוי אין מסכתא מכות, ערבי פסחים, בבא בתרא. פאַר זיי איז דער פירוש רש״י געווען ד ע ר פירוש, דער קונטרס, דער קאָמענטאַר וועלכן מען קאָן פאַרענדיקן, אָבער אָן וועלכן מען קאָן זיך דעם טעקסט נישט מ ע ר ד ע נ ק ע ן. קיינער פון די דערמאָנטע נאָכפאָלגער האָט נישט געוואַגט אויף אַ וועלכן ס׳איז אופן אריינצופירן ענדערונגען אין רש״ים פירוש. אַלע האָבן באַטראַכט זייערע אַרבעטן אַלס דערגענצונגען, מילואים, אַלס „תוספות״, וועלכע יעדער פון זיי האָט געשריבן פאַר זיך באַזונדער. ערשט שפּעטער איז פון די פאַרשידענע זאַמלונגען געוואָרן צונויפגעשטעלט אונדזער תוספות, אַלס די רעדאַקטאָרן פון די תוספות ווערן אָנגערופן ר׳ משה מאייברא, ר׳ אליעזר מטוק און ר׳ פרץ בר אלי׳ מקורבייל. די אַרבעט און די לערן־מעטאָדע פון די בעלי תוספות פאַסן זיך צו צו די מעטאָדעס פון רש״ין. אויך זייער דערקלערונגס־מעטאָדע אין אַן אַנאַליטישע. זיי אונטערזוכן און פאָרשן־אויס די פאַרשידענע גירסאות און זיי קריטיקירן אָפטמאָל די גירסא וועלכע רש״י האָט אָנגענומען אַלס יסוד פאַר זיין פירוש. דאַן קאָנטראָלירן זיי נאָך אַמאָל דעם טעקסט אויפן אָרט, שפּראַכלעך און לויט דעם אינהאַלט און אַזוי פאַרפולשטענדיקן זיי די אַרבעט פון זייער לערער רש״י. אָפטמאָל קומען זיי צו אַנדערע מסקנות ווי זייער גרויסער לערער, וואָס לאָזט זיך אָפט באַמערקן אין דער פּראַקטיק פון דער הלכה. איך וויל דאָ דערמאָנען אין דעם גוט באַקאַנטן סכסוך צווישן רש״י און זיין אייניקל רבינו תם, וועגן דעם סדר פון די פרשיות אין די תפילין, אַזוי אַז מיר האָבן נאָך ביז היינט צווייערליי תפילין, וועלכע ווערן געלייגט פון די מהדרין איינע נאָך די אַנדערע.

איך וויל ברענגען נאָך צוויי ביישפּילן וועגן דער גייסטיקער באַציאונג צווישן רש״י און ר״ת, כאָטש מען וואָלט געקענט ברענגען אַ סך מער, אָבער די דאָזיקע צוויי באַטראַכט איך פאַר באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש.

ס'איז דאָ אַ ספסוך צווישן רש״י און ר״ת איבער דעם באַגריף „שודא דדייני" אין מס' קידושין, ע״ד. רש״י דערקלערט דעם דאָזיקן ענין אויף אַזאַ אופן: בדין שאינו תלוי בטעם אלא הכל בפיו של דיין כי ההיא דכתובות פ״ה דאמר: נכסא לטוביה ואתי שני טוביה, שניהם קרובים, שניהם שכנים ואמרינו, שודא דדייני למי שיתנדב לב הדיין לומר נראה לי, שזה היה רגיל אצלו יותר לזה נתן. לויט רש״ין קענען די ריכטער נישט אנטשיידן לויט זייער ווילן, נאָר זיי מוזן אָנגעבן אַ מאָטיוו פאַר זייער פסק דין. „שודא" באַטייט אַלזאָ פאַר רש״ין די איינזיכט (פאַרשטענדעניש), (דאָס שטאַמט פוּ-לייכט פון „שיטה", ליניע ווי עס ווייזט אונדז אויס, לאו הילכתא אתמר אלא שיטה אתמר — בב״מ ס״ט). דאָ אַלזאָ, אין דעם קאָנקרעטן פאַל, וואו איינער, פאַרשרייבט זיין ירושה איינעם טוביה און ער האָט געהאַט צוויי פריינט מיטן נאָמען טוביה, דאַרף דער ריכטער באַטראַכטן און איבערוועגן, וועלכער טוביה איז אים געווען נענטער.

רבינו תם דערקלערט, „שודא דדיינא" באַטייט: „כל מה שירצה הדיין לעשות — יעשה, דהפקר ב״ד הפקר ושודא לשון השלכה כמו רמה בים דמתרגמינן שדי בימא". ד. ה. דער ריכטער קאָן אַנטשיידן לויט זיין ווילן, ווארום ס'איז דאָ גילטיק דער פרינציפּ הפקר ב״ד — הפקר, דאָס ב״ד קאָן אָן שום מאָטיווירונגען איינעם אַנטאייגענען (עקספּראָפּריאירן) און „שודא" באַטייט „אַוועקוואַרפן, אַוועקשלײדערן". אַלס באַגרינדונג פאַר זיין שטאַנד-פונקט ברענגט ר״ת אַ שטעלע פון כתובות, וואו רב נחמן זאָגט צו ר' ששת'ן, אַז ער קאָן לויטן פּרינציפּ פון שודא דדיינא אורטיילן, דאנא דיינא ומר לאו דיינא, ר' ששת אָבער איז נישט קיין ריכטער (קאָן ער אַזוי נישט אורטיילן). פון דאַנען איז געדרונגען, אַז נאָר אַ רעגולערם געריכט קאָן אורטיילן לויט דער אייגענער פאַרשטענדעניש. ווארום ווען „שודא דדיינא" זאָל באַדייטן דאָס וואָס רש״י מיינט, וואָלטן די טענות פון רב נחמן נישט באַוויזן מער ווי די פון ר' ששת.

איך גלויב אַז די דאָזיקע פאַרשידנקייט פון די מיינונגען איז אַ רעזול-טאַט פון אַ פרינציפּיעלן קעגנזאַץ, און דאָס פּראָבלעם איז דאָ אַזאַ: וואָס באַטייט הפקר ב״ד הפקר? מיר גלויבן אַז אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן פּרינ-ציפּ האָבן די חכמים ביי עדות-ממון מוותר געווען אָן עדות און דערקלערט, אַז מען קאָן מזים זיין ווי ביי עדות נפשות, כאָטש עס שטייט געשריבן: משפט אחד יהיה לכם, אָבער אויפן סמך פונם זאָץ הפקר ב״ד הפקר האָבן די

חכמים געשאַפן די דאָזיקע פּראָצעדור. דער דאָזיקער פּרינציפּ „הפקר ב"ד הפקר" איז לויט ר' יצחקן אין גיטין דף ל"ו געדרונגען פונם פסוק אין עזרא, וואו עס שטייט געשריבן: וכל אשר לא יבא לשלשת הימים כעצת השרים והזקנים, יחרם כל רכושו (עזרא, קאַפּ. י'). ר' אליעזר שטיצט דעם פּרינציפּ הפקר ב"ד הפקר אויף יהושע, קאַפּיטל י"ט, וואו עס זאָגט זיך: „אלה הנחלות אשר נחלו אלעזר הכהן ויהושע בן נון וראשי האבות" — באַמערקט דערצו ר' אליעזר: „וכי מה ענין ראשים אצל אבות, לומר לך, מה אבות מנחילים את בניהם כל מה שירצו אף ראשים מנחילים העם כל מה שירצו". דורך דעם ווערט אויך לויט דער מיינונג פון אייניקע אויטאָריטעטן באַגרינדעט די איינ־פירונג פונם פּרוזבול דורך הילל'ן (זע רש"י צו רבא אמר — גיטין ל"ו ע"ב). איצט פרעגט זיך: צי דאַרף מען דעם הפקר ב"ד הפקר אַזוי אויסטייטשן, אַז די חכמים האָבן פאַר אַלע צייטן מבטל געווען דעם דין, אַז יעדעס עדות־זאָגן מוז זיין אַן עדות שאתה יכול להזימו, אָדער אַז זיי האָבן דערקלערט איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַז כאָטש ס'איז אָנגענומען מן התורה אַז שביעית משמט, קענען מיר דאָך ביי מוסר שטרותיו לב"ד, אויפן סמך פון הפקר ב"ד הפקר, דערקלערן, דאָס אַז יעדער נייער ב"ד מוז קודם מפקיר זיין דעם באַזיץ פון די באַטרעפנדע צדדים אָדער צי זיינען אפשר ביידע מעגלעכקייטן פאַראַנען?

לויט דער מיינונג פון רבינו תם שיינט דאָס הפקר ב"ד הפקר צו באַדייטן, אַז יעדער נייער ב"ד מוז אויפסניי מפקיר זיין דעם באַזיץ און דעריבער האָט נאָר אַ רעגולערער בית דין דאָס רעכט דאָס צו באַשטימען. דערפאַר זאָגט ר' נחמן: אנא דיינא ומר לאו דיינא — איך האָב דאָס רעכט לויט מיין מיינונג צו משפטן, ווייל איך בין אַ דיין און איך מעג דאַרום דאָס אייגנטום פון די צדדים מפקיר זיין, אָבער דו האָסט נישט אַזאַ רעכט. רש"י ווייזט אויס דעם „אנא דיינא ומר לאו דיינא" אַזוי צו דערקלערן, אַז ר' נחמן איז געווען מיט דער מיינונג, אַז אין יוריסטישע פראַגעס האָט ער מער דערפאַ־רונג ווי ר' ששת און דעריבער דאַרף זיין מיינונג אָנגענומען ווערן. רש"י איז קענטיק געווען מיט דער מיינונג אַז דער פּרינציפּ הפקר ב"ד הפקר באַציט זיך אויף די אַלטע צייטן. מיר אָבער דאַרפן אויפן סמך פון לאָגישע באַ־טראַכטונגען אויספאָרשן, צי דאָס קאָן זיך באַציען אויך אויפן קאָנקרעטן פאַל פון שליחותייהו דקמאי קא עבדינן. (פאַרגלייך אויך, גיטין פ"ח: אנן שלי־

הותייהו בקא עבדינן, רש״י און תוספות צו דער דאָזיקער שטעלע; אויך גיטין ס״ד ע״ב, תוספות ד״ה, מכאן אמרו שודא עדיף).

נאָך איין ביישפּיל פון חולין דף מ״א, וועלכער ווייזט אָן אויף אַ פּרינציפּיעלן קעגנזאַץ צווישן רש״י און תוספות:

עס האַנדלט זיך דאָ וועגן דער פראַגע, צי קאָן עמיץ אסר׳ן אַ זאַך וועלכע געהערט נישט אים, ווייל מען האָט די זאַך פאַרווענדט פאַר עבודה זרה. די גמרא זאָגט: אין אדם אוסר דבר שאינו שלו. ר׳ הונא זאָגט אין דער ציטירטער גמרא: היתה בהמת חבירו רבוצה לפני ע״ז, כיון ששחט בה סימן אחד אסרה. באַמערקט דערצו רש״י: לא מבעי עומדת דכשהגביהה והרביצה קנאה בהגבהה ונעשית שלו — ווען די בהמה איז נישט געלעגן, נאָר ער האָט זי אויפגעהויבן אין דער הויך און זי אַוועקגעלייגט, האָט ער זי דורכן אויפהויבן דערוואָרבן און אַזוי איז זי געוואָרן זיין אייגנטום, און דאַן איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער קאָן זי אסר׳ן. אָבער אפילו ווען זי (די בהמה) איז שוין געלעגן און האָט געהערט צו אַן אַנדערן, קאָן ער זי אסרן דורך אַ מעשה, דורך אַ האַנדלונג.

תוספות איז נישט מסכים מיט דער דאָזיקער מיינונג. תוספות זאָגט, אַז דורכן אויפהויבן דערווערבט מען נישט די בהמה אַלס אייגנטום; ווארום אַ גזלן ווערט דער אייגנטימער פון אַ זאַך, וועלכע ער האָט גע׳גזלט נאָר אויף אַזוי פיל, וואָס ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע אונסין, אָבער חוץ דעם ווערט די זאַך נישט זיינע. והא ראיה: ס׳איז דאָך אַן אָנערקענטער פּרינציפּ: גזל ולא נתיאשו הבעלים, שניהם אינם יכולין להקדיש — זה לפי שאינו שלו וזה לפי שאינו ברשותו (ווען איינער האָט אַוועקגערויבט אַ זאַך און דער אייגנטימער פון דער זאַך זיך האָט נישט מיאש געווען פון זיין אייגנטום-רעכט, קענען עס ביידע נישט מקדיש זיין — דער גזלן נישט, ווייל די זאַך איז נישט זיין, און דער אייגנטימער נישט, ווייל די זאַך געפינט זיך נישט אין זיין רשות. ס׳איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז דורכן אויפהויבן ווערט מען נישט דער בעל הבית פון דער בהמה און מען קען זי דעריבער נישט אסר׳ן, ווייל אין אדם אוסר דבר שאינו שלו.

איבער דעם טעם, פאַר וואָס מען קען נישט אסר׳ן אַן אַנדערנס זאַך, זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען. לויטן ר״ש אין פ״ז דכלאים משנה ד׳ איז דער טעם דערפון דילפינן חוץ מפנים, ד״ה ע״ז פון הקדש, און אַזוי ווי מען קען ניט מקדיש זיין אַ זאַך וואָס געהערט צו אַן אַנדערן, אַזוי קאָן מען

אויך נישט אסר'ן א זאך וואָס געהערט צו אַן אַנדערן. אַזוי טייטשט אויך אויס דער לבוש דעם ר"ש.

תוספות, אין יבמות, דף פ"ג, ע"ב ד"ה: אין אדם אוסר דבר שאינו שלו, גיט־אָן אַן אַנדערן טעם. תוספות פרעגט: ס'איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ווען עמיץ וואַרפט אַריין אַ שטיק נבלה אָדער חזיר אין אַ טריפ געקעכטס וואָס געהערט צו אַן אַנדערן, ווערט דאָס אינגאַנצן נבלה און אסור — טאָ פאַר וואָס זאָל עבודה זרה זיין אַ יוצא מן הכלל? תוספות ענטפערט דערויף, אַז דורך מחשבה אליין קאָן מען נישט אסר'ן אַ זאַך וואָס געהערט אַן אַנדערן, ווארום מען קאָן נישט די מחשבה אַריבערטראָגן אויף דער זאַך פון דעם אַנדערן. אַז מען קאָן דאָס טון דורך מעשה, דורך אַ האַנדלונג, זעען מיר פון מסיכתא עבודה זרה דף נ"ג, וואו עס זאָגט זיך: כלים שהזניח אחד. לויט רש"י איז דאָס נאָר אַן איסור דרבנן, לויט אַנדערע ראשונים אָבער איז דאָס אַן איסור דאורייתא.

איצט פרעגן זיך: צי קאָן מען דערפאַר זאָגן אין אדם אוסר דבר שאינו שלו, ווייל דער וואָס האָט די זאַך דערלאָזט דאָס נישט, ווי דאָס ווייזט זיך אויס פון די ווערטער פון די רי"בב און רי"בב, וועלכע זאָגן לאו כל כמיניה לאסור ייני לאונסי — אַ פרעמדער קאָן מיר מיין וויין נישט אסר'ן, אָדער איז דאָס דערפאַר ווייל, פונקט אַזוי ווי מען קאָן נישט מקדיש זיין אַ זאַך וואָס באַלאַנגט צו אַן אַנדערן, פונקט אַזוי קאָן מען אַזאַ זאַך נישט אסר'ן.

דער אונטערשייד וואָלט זיך געקענט אַמבעסטן אַרויסווייזן ביי אַ זאַך וואָס איז הפקר און מען ווייסט נישט וועמען ס'איז, ד. ה. צי מען קאָן אסר'ן דורך אַזאַ אָדער אויף אַן אַנדערן אופן אַ בהמה וועלכע איז הפקר. אויב דער טעם פון דעם דין „אין אדם אוסר דבר שאינו שלו" איז צו זוכן אין דעם וואָס די אייגנטימער פון דער זאַך קענען דאקעגן פּראָטעסטירן, וואָלט מען אַ זאַך וואָס איז הפקר און געהערט אַלזאָ צו קיינעם נישט, יאָ געקענט אסר'ן; איז אָבער דער טעם אַזאַ, אַז מען קאָן נישט אסר'ן קיין זאַך, איבער וועלכער מען איז נישט דער גאַנצער בעל הבית, ווי הקדש, דאַן קאָן מען אַ הפקר־זאַך אויך נישט אסר'ן.

אָט דאָס איז לויט מיין מיינונג דער פּרינציפּיעלער אונטערשייד אין דער אויסטייטשונג צווישן רש"י און תוספות. אודאי דערוועגבט דער גזלן נישט דאָס אייגנטום־רעכט איבער דער זאַך וואָס ער האָט גע'גזל'ט, ווי תוספות באַמערקט זייער ריכטיק, אָבער דאָס איז פאַרן איסור גאָר נישט נויטיק, ס'איז

גענוג, ווען די זאַך ווערט אַוועקגענומען פונם רשות פונם בעל הבית, כדי זיין פּראָטעסט צו מאַכן אומווירקזאַם, און אַזוי איז דאָס טאַקע, ווארום אין אַזאַ פאַל קאָן דער בעל הבית פון דער זאַך זי דאַך נישט מקדיש זיין, ווייל פּאַק־טיש באַזיצט ער זי נישט. און דאָ איז תוספות מיט דער מיינונג פונם ר״ש, אַז מען קען אסר'ן אַ זאַך נאָר דאַן ווען מען באַזיצט זי אַלס אייגענע, אַזוי אַז מען זאָל זי קענען מקדיש זיין, וואָס איז ביי אַ גענזלטער זאַך ניט מעגלעך.

מען וואָלט נאָך געקענט ברענגען אומצייליקע ביישפּילן, אָבער מיר באַ־נוגענען זיך מיט די געבראַכטע, און מיר גלויבן, צו האָבן אָנגעוויזן אויף נייע אַספּעקטן אין דעם דאָזיקן ענין.

דאָס אָריגינעלע און נייע אין דער אַרבעט פון די בעלי תוספות באַשטייט אין דער, אין עצם פון זיי געשאַפענער וויסנשאַפט פון דעם פאַרגלייכנדיקן תלמוד־שטודיום. דורך דער לעבנס־אַרבעט פון רש״ין איז דער תלמוד ערשט לעבעדיק געוואָרן, פונם ספר חתום איז געוואָרן אַ ספר גלוי, אַ ספר, וואָס איז אָפן און צוגענגלעך פאַר אַלע. און זיינע נאָכפאָלגער, די בעלי תוספות האָבן זיך דערנאָך באַמיט, צו פאַרגלייכן מיטאַנאַנדער די פאַרשידענע איינ־צלנע שטעלן און צו דערקלערן די סתירות וואָס ווייזן זיך אָפּט אַרויס צווישן איין שטעלע און דער אַנדערער, זיי אויסצוגלייכן אָדער נאָכצואַווייזן לויט וועלכער שטעלע עס בלייבט דער דין. די גאַנצע גייסטיקע קראַפט פון עטלעכע דורות איז געוואָרן אַוועקגעגעבן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ ממש וואונדערבאַרע מעטאָדע פון דיאַלעקטיק, וועלכע האָט געמאַכט דאָס „לערנען״ תלמוד צו אַן אמת נחת־רוח. זיי האָבן אויסגעפּורעמט דעם גאַנצן שטאָף, זיי האָבן אים צעגלידערט און האָבן זיך אָנגעשטרענגט אַרויס־צואַרבעטן פון אים די קלאָרע פּרינציפּן, כדי צו באַקומען פונם תלמוד באַ־שטימטע רעכטלעכע און עטישע נאָרמען פאַר אַלע אומשטענדן און פאַר אַלע צייטן. אין יעדער צייט, אין יעדן דור שווימען אַרויף נייע פראַגן, נייע פּראָ־בלעמען פון הלכה, וועלכע קענען נאָר דאַן פאַרענטפערט ווערן אין גייסט פון תלמודישן געזעץ, ווען ס'איז נישטאָ קיין ספיקות וועגן די פּרינציפּיעלע יכודות. דורך די גרינטלעכע טעאָרעטישע אויספאָרשונגען איז מען געקומען צו די נויטיקע רעזולטאַטן פאַר דער פּראַקסיס. אַזוי ווי דער תלמוד גופא איז געשאַפן געוואָרן אין משך פון עטלעכע יאָרהונדערטער, אַזוי איז אויך דאָס גראַנדיעזע ווערק פון די בעלי תוספות, וועלכע האָבן דעם תלמוד קריטיש דורכ־געאַרבעט און נאָכגעוויזן, אַז מיר האָבן אין אים, אינם תלמוד, איין איינהייט־

לעך גאנץ ווערק „מעור אחד", אז דא זיינען נישטא קיין לאגישע סתירות, אז כלם נתנו מרועה אחד. — אלזא אויך דאס ווערק פון די בעלי תוספות, איז געשאפן געווארן אין משך פון צוויי יארנהונדערטער און דערצו אין די סאמע טרויעריקסטע און אויסערלעך פינסטערסטע יארנהונדערטער פון דער אידישער געשיכטע. רבינו תם, איינער פון די פירנדיקע גייסטער פון דער שולע פון די בעלי תוספות, האט זיך ממש על פי נס געראטעוועט פון א גע־וואלטזאמען טויט דורך מערדערישע הענט, און אייניקע פון זיינע תלמידים, אייניקע פון די בעלי תוספות, ווי למשל רבינו פטר זיינען דערהרגעט געווארן און געשטארבן על קידוש השם.

דאס בעסטע וואס לאזט זיך זאגן וועגן דער מעטאדע פון די בעלי תוספות האט רבינו תם אליין געזאגט: אתה ידעת דרכי להקשות להעמיד שמועות ישרות ואיני עושה שנויי דחיקי כי קושיותי תירוץ הן ואינן צריכות תירוץ כי ההלכות נוחות (ס' הישר, ע"ח ע"ב), ביי א הארבע שטעלע אין דער גמרא געווינט מען גארנישט, ווען מען פארעקשנט זיך און מען וויל מיט געוואלט געפינען א תירוץ; די איינציק ריכטיקע מעטאדע איז, צו באווייזן, אז ס'איז גאר קיין קשיות נישטא, אז דאס וואס האט זיך ארויסגעוויזן „הארב" איז דאס געווען נאר צוליב דעם, ווייל מען איז ארויסגעגאנגען פון א פאלשער הנחה. אין דער ריכטיקער פארמולירונג פון א פראגע געפינט זיך שוין אפט דער תירוץ.

ביי דער רעדאקציע פון די תוספות איז אנגעווענדעט געווארן די זעלבע מעטאדע. מען האט אכטונג געגעבן אויף דער לאגישער פאנאנדערוויקלונג פון די פארשידענע פראגן. דאס הייסט, אז די צווייטע פראגע דארף זיך ארויס־וויקלען פון דעם תירוץ אויף דער ערשטער. דער „המשך" אין תוספות, ווי מען רופט־אן אין קרייזן פון די לערנער די דאזיקע לאגישע אויסוויקלונג, האט אן אנטשיידנדיקע באדייטונג פאר דער פארשטענדעניש פון דער גאנצער מאטעריע, אויף וואס עס האט שוין אנגעוויזן דער של"ה (שני לוחות הברית). דא זיינען נישטא קיין לאגישע קונצשטיק.

דאס פארהעלטעניש פון די בעלי תוספות צו רש"י לאזט זיך כאראק־טעריזירן אויף אזא אופן: רש"י האט דעם באדן גערייניקט און אויסגע־גלייכט, באפרייט פון פרעמדע קרייטעכצער און שעדלעכע גרעזלעך, כדי בעלי תוספות זאלן קענען דעם באדן דורכאקערן אזוי גוט אין דער טיף ווי אין דער ברייט. דורך די ארבעט פוןביידע איז ערשט מעגלעך געווארן די רייכע שניט,

וועלכע קלעקט, צו פאַרזייען מיט גייסטיקער שפּייז אויך די היינטיקע דורות. די אַרבעט פון רש״יס נאָכפאָלגער אויפן געביט פון תלמוד, איז אַ פאַרזעצונג און אַ פאַרטיפונג פון רש״יס אומשטערבלעכער אַרבעט.

אַנדערש פאַרהאַלט עס זיך מיט דער אַרבעט פון רש״יס נאָכפאָלגער אויפן געביט פון תנ״ך. דאָ באַמערקט זיך אַן אָפּווענדן זיך פון רש״יס מע-טאָדן. רש״יס פּירוש אויף תנ״ך איז אַ מישונג (און לויט מיין מיינונג, אַ גליקלעכע מישונג) פון פשט און דרש. טאַקע דער דאָזיקער מישונג פאַר-דאַנקט רש״י זיין אויסערגעוויינלעכע פּאָפּולאַריטעט, אַזוי אַז פּירוש רש״י איז ווירקלעך געוואָרן דאָס פאָלקס-בוך „פאַר עקסעלאַנס״. דאָס פאָלק אין גלות בענקט נאָך גייסטיקער שפּייז, וועלכע זאָל באַפרידיקן נישט בלויז זיין שכל נאָר אויך זיין געפיל און געמיט און די דאָזיקע בענקשאַפט באַפרידיקט רש״י, איינפלעכטנדיק אין זיין פּירוש אגדות, משלים און מדרשים. מען קאָן נישט גענוג באַוואונדערן דעם אויסקלייב פון אגדות, וועלכע רש״י באַנוצט אין זיין פּירוש אויף תנ״ך. אויף דעם דאָזיקן וועג קאָן מען לייכט געשטרויכלט ווערן און מאַכן גרויסע טעותים, און מען דאַרף האָבן אַזאַ הויכן פיינעם גע-שמאַק ווי רש״י, כדי צו ברענגען נאָר אַזעלכע אגדות וועלכע באַרייכערן ווירק-לעך דאָס געמיט, נישט פאַרפלאָנטערנדיק דעם שכל, נישט באַלאַסטנדיק אים מיט אנשוויאונגען, וועלכע דער שכל הישר קאָן נישט פאַרטראָגן. נאָר אַ מאַן פון אַ זעלטענעם גייסטיקן טאַלאַנט און פון אַן אויסערגעוויינלעכן עסטעטישן געשמאַק האָט געקענט שאַפן אַזאַ ווערק ווי רש״יס פּירוש. מיר גלויבן גערן זיין אייניקל רבינו תם, ווען ער זאָגט, אַז ער וואָלט אין שטאַנד געווען צו פאַרפאַסן אַזאַ פּירוש אויף ש״ס ווי זיין זיידע, אָבער ער וואָלט נישט געקענט מאַכן אַזאַ פּירוש אויף די תורה.

אין דעם דאָזיקן פּירוט דריקט זיך אויס די אידישע פאָלקס-נשמה, וועל-כע איז פון איין זייט אויסגעפילט פון אַ שאַרפן שכל און פון דער אַנדערער זייט פון אַ נאַאיוון ממש קינדישן געפיל. מיר זיינען קלוג, שאַרפזיניק, אָבער אויך גרויסע קינדער וואָס ס'איז נוגע אונדזער געמיט.

דער פּירוש פון רשב״ם אויף תורה אונטערשיידט שאַרף צווישן פשט און דרש און ער באַמיט זיך, נאָר דעם פשט צו געבן.. זיין פּירוש איז דעריבער קיינ-מאָל נישט געוואָרן קיין פאָלקסבוך. און ווען ער דערציילט אונדז, אַז זיין זיידע, רש״י, האָט אים אויף דער עלטער געזאָגט, אַז ווען ער זאָל זיך פילן ביי כוח, וואָלט ער זיין פּירוש איבערגעמאַכט, פילן מיר עס אַלס גליק וואָס

רש"יס פירוש איז אזוי געבליבן, אזוי ווי ער איז. דאָס זאָל ניט הייסן, אז מיר זיינען קעגן דער שטרעבונג, צו דערקלערן די תורה ריין וויסנשאַפטלעך, על פי פשט; אָבער פאַרן פאָלק אין גלות, וועלכעס איז מתבוסס בדמיו, איז די מישונג פון פשט און דרש, ווי רש"י דערלאַנגט דאָס, דאָס סאַמע פּאַסיקע — והנח להם לישראל.

דער רשב"ם אליין כאַראַקטעריזירט זיין פירוש, דערקלערנדיק, אַז ער וויל געבן נאָר „עומק פשוטו של מקרא", אויך דאָרט, וואו דער פשט איז סותר דעם דין. כאָטש ער שטרייכט אונטער, אַז מיר מוזן אונטער אַלע אומ־שטענדן רעספּעקטירן די מסורה פון חז"ל, אפילו דאַן, ווען מען זאָל נישט קענען געפינען פאַר דער מסורה קיין יסוד אין דער תורה.

ביי רשב"ם און ביי ר' יוסף קרא, דעם זון פונם מחבר פון ילקוט שמעוני, זעען מיר, ווי זיי פאַרלאָזן דעם וועג פון זייער לערער רש"י, און פאַרנעמען זיך מער און מער אויפן וועג פון דער עקסעגעזע אויפן יסוד פון שטרענגן דקדוק. פונם רשב"ם האָבן מיר אַ פּירוש אויף תורה און די חמש מגלות, און פון ר' יוסף קרא נאָר אַ פּירוש אויף איוב.

אויך די תקנות פון די בעלי תוספות האָבן אַ וויכטיקע קולטור-געשיכט-לעכע באַדייטונג. שוין אין דער צייט פון רבינו גרשם פלעגן אָפּט פאָרקומען אסיפות פון רבנים, אויף וועלכע מען האָט באַטראַכט די מאַטעריעלע לאַגע פון די אידן און זיך פאַרנומען מיט די מאָראַלישע, קולטורעלע און רעליגיעזע אינ־טערעסן, אויסאַרבעטנדיק תקנות, די לאַגע צו פאַרבעסערן, זאָרגנדיק צו פאַר־בעסערן די רעכטלעכע לאַגע פון די אידן און זייער סאָציאַלע פּאָזיציע זאָל נישט פאַרערגערט ווערן. עס זיינען אונדז באַקאַנט די פאָלגענדע תקנות: 1) אַז קיין שום איד זאָל נישט קויפן ביי אַ נישט-איד קיין מלבושים וועלכע די גלחים טראָגן ביי זייער קולט, קיין געבעט-ביכער און צלמים; 2) אַז אידן זאָלן זייערע שטרייטן נישט ברענגען פאַר נישט-אידישע געריכטן; 3) אַז ווען איין איד ברענגט אַ שאָדן דעם אַנדערן דורך אַ נישט אידישן אמט, זאָל ער דעם שאָדן באַצאָלן; 4) אַז קיינער זאָל נישט אָננעמען קיין אמט אָדער שטע־לע אין דער אידישער קהלה דורך דער פאַרמיטלונג אָדער דער השפעה פון דער נישט-אידישער אויטאָריטעט; 5) ווען אַ פרוי שטאַרבט אינם ערשטן יאָר פון דער חתונה, נישט איבערלאָזנדיק קיין קינד, זאָל דער מאַן צוריקגעבן דעם נדן און דאָס צירונג צו איר פאַמיליע; 6) אַז דער מאַן טאָר נישט מאָנען דעם רעשט פון נדן וועלכן מען איז אים שולדיק געבליבן, ווען די פרוי שטאַרבט

אפילו נאָכן ערשטן יאָר פון דער חתונה; 7) אז קיינער טאָר נישט אויפטרעטן מיט קיין טענות קעגן א גט, וואָס איז געוואָרן ארויסגעגעבן פון א בית-דין.

חוץ די דאָזיקע תקנות געפינען מיר אין די תש"ו מהר"ם בר ברוך (מהר"ם מראָטענבורג), נאָך פאָלגענדע תקנות:

ווען איינער פאָרט דורך א שטאָט וואו עס געפינט זיך א בית דין און ער ווערט גערופן צום ב"ד, מוז ער אהינגיין און דאָרט פאָרלייגן זיינע טענות, ער מוז אָבער נישט וואַרטן אויפן פסק-דין, נאָר דער תובע מוז אים דעם פסק צושטעלן צו אים אהיים. (כדי צו דערקלערן די דאָזיקע תקנה דאַרף מען דער־מאָנען, אז לויטן אידישן דין, דאַרף דער תובע קומען מיט זיין ענין אין דער שטאָט פון דעם אָנגעקלאָגטן — התובע הולך אחר הנתבע — אָבער אין דעם דאָזיקן פאַל קאָן דער נתבע פאַרפליכטעט ווערן צו קומען צום בית דין אין דער שטאָט פונם תובע.

ווייטער דאַרף מען דאָ דערמאָנען די תקנה, אז דער חרם דרבינו גרשם קאָן אין באַשטימטע פאַלן ווערן אויפגעהויבן דורך הונדערט רבנים. די הונדערט רבנים מוזן אָבער זיין פון דריי פאַרשידענע פּראָווינצן, ווי נאָמאַנדיע, אנזשו און פראַנקען. אָבער פאַר אויפהויבן דעם „חרם" מוז זיין זייער וויכטיקע טעמים. די רעכט פון דער פּרוי מוז געשיצט ווערן.

ווען איינער שענקט דער קהלה א שול אָדער א בית תפלה האָט ער ניט קיין רעכט צו פאַרבאָטן דעם אריינגאַנג זיינעם א שונא.

מען טאָר נישט צוריקהאַלטן א חפץ וואָס מען האָט באַקומען צום א פּ־ה י ט ן, ווען דער אייגנטימער פון דעם חפץ איז שולדיק א חוב דעם באַ־טרעפנדן. נאָר א לערער מעג צוריקהאַלטן דאָס לערנבוך פאַרן נישט אויסגע־צאָלטן שכר לימוד.

פון א' אדר ביז פורים מוז יעדער דורכרייזנדער איד געבן נדבות פאַר די אָרעמע פון שטאָט, אויב מען מאָנט דאָס ביי אים.

ווען ס'איז פאַראַן קוים מנין אין שול, טאָר קיינער די שול נישט פאַר־לאָזן פאַרן ענדיקן דאָס דאַווענען; אָבער ווען איינער גייט דאָך אוועק, מעג מען פאַרענדיקן די תפילה אָן א מנין (נאָך ר' נסים גאון).

די מאָטיוון פאַר די דאָזיקע תקנות זיינען אַזוי קלאָר, אז זיי נויטיקן זיך נישט אין קיין באַזונדערע באַגרינדונג. דורך זיי ווייזט זיך ארויס דאָס גרויסע געפיל פון אחריות, וואָס עס האָבן געהאַט די גייסטיקע פירער פונם אידנטום

לגבי דעם אידישן כלל. זיי האָבן געטון אַלץ וואָס איז געווען אין זייער מאכט, כדי צו באַשיצן דאָס אידישע לעבן און די אידישע קולטור.

דאָ ווילן מיר צוגעבן עפּעס וועגן דער רעדאַקציע פון די תוספות, די הויפּט-טרעגער פון דער לערן-מעטאָדע פון די תוספות זיינען געווען רש"יס אייניקלעך, ר' יעקב בר מאיר, באַקאַנט אונטערן נאָמען רבינו תם, רבינו שמואל בר מאיר, וועלכער איז באַקאַנט אַלס רשב"ם, און זייערע תלמידים, דער ר"י הזקן און זיין זון ר' שמשון משאנץ. ר' שמשון האָט צונויפגעשטעלט אַן אייגענע זאַמלונג פון תוספות, תוספות-שאַנץ, וועלכע מיר האָבן באַנוצט אַלס יסוד פאַר אונדזער רשימה.

פון דייטשלאַנד איז באַקאַנט ר' ברוך בר יצחק, וועמעס תוספות, ספּע-ציעל צו מס' זבחים בילדעט דעם יסוד פון די תוספות צו דער דאָזיקער מסיכתא. אויך דער דורך זיין באַזונדערן גורל גוט באַקאַנטער ר' מאיר מראָטענבורג (מהר"ם מראָטענבורג), דער מחבר פון דער קינה „שאלי שרופה באש" געהער צו דעם קרייז פון די בעלי תוספות פון דייטשלאַנד. (ביי דער רעדאַקציע פון די תוספות זאָלן האָבן געווען בייגעווען זעכציק געלערנטע, פון וועלכע יעדער איינער האָט געמוזט קענען איין מסיכתא אויסנווייניק וואָרט ביי וואָרט, כדי צו קענען פאַרגלייכן געוויסע שטעלן פון פאַרשידענע מסכתות). עס וועט פאַרשטאַנען, אַז די תוספות צו מס' חולין, בב"ק, גיטין זיינען פון דער זאַמלונג פון ר' אליעזר מטוק, די צו מס' שבת, עירובין, מנחות זאָלן זיין פון תוספות-שאַנץ; די תוספות צו עבודה זרה זאָלן זיין פון ר' פרץ בן שמואל, די צו סוטה פון ר' שמואל מ'אייברא, צו מס' ברכות — פון ר' משה מ'אייברא, צו מס' יומא — פון הרב מראָטענבורג, צו מס' זבחים — פון ר' ברוך, צו מס' ביצה, נזיר, נדרים, סנהדרין, מכות, מעילה — פון ר' פרץ. אויך דער רי"ף, דער רמב"ם און אבן עזרא ווערן ציטירט אין די תוספות.

דריי יאָרהונדערטער אין דער אידישער געשיכטע אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך זיינען געוואָרן גייסטיק אויסגעפורעמט און געבילדעט דורך רש"י, און די בעלי תוספות. קאָן זיין, אַז די דאָזיקע גייסטיקע ריכטונג איז געווען צו איינזייטיק אין פאַרגלייך מיט דער גייסטיקער ריכטונג פונם אידנ-טום אין שפּאַניע אין דערזעלבער תקופה. אָבער שולדיק אין דעם — אויב מען קאָן בכלל רעדן וועגן שולד — זיינען נישט געווען די גייסטיקע פירער, רש"י און די בעלי תוספות, נאָר די פאַרשידענע פאַרהעלטענישן אין וועלכע עס האָבן געלעבט די צוויי גרופּן פונם אידישן פאָלק. די שפּאַנישע אידן האָבן

געהאַט אַ צוטריט צום קולטורעלן לעבן פונם שפּאַנישן פאָלק, אין וועלכן זיי האָבן גענומען אַ זייער לעבעדיקן אַנטייל, בעת די דייטשע און די פראַנצויזישע אידן האָבן די דאָזיקע מעגלעכקייט נישט געהאַט, וואָרום די קולטור פון די דאָזיקע לענדער איז אין יענער צייט געשטאַנען ניט אויף אַ זייער הויכער מדרגה. אין דייטשלאַנד זיינען די אידן געווען קאַמער־קנעכט פון די פאַרשידענע פירשטן, און ס'איז פּשוט אַ וואונדער, ווי שטאַרק עס האָט געקאָנט פאָלסירן דאָס גייסטיקע לעבן צווישן די אידן אין אַ צייט פון אַלגעמיינער גייסטיקער ירידה.

עס האָט נישט קיין זין, זיך אַריינצולאָזן אין חקירות, ווער עס האָט מער משפּיע געווען אויף דער אַנטוויקלונג פונם אידנטום, רש"י צי דער רמב"ם, דאָס דייטשע אָדער דאָס שפּאַנישע אידנטום. פאַרן דייטשן אידנטום, אַ שטייגער, פאַר אַזאַ פּערזאָן ווי רבינו אשר, תלמיד פון מהר"ם מראָטענבורג, זיינען דער ר"י און רבינו תם געשטאַנען העכער ווי דער רמב"ם, ווי ער דערקלערט דאָס אָפן: זיי זיינען גדולים בחכמה ובמנין (זע, הקדמה פון ים של שלמה צו מס' בב"ק), בעת פאַר די ספרדים איז דער רמב"ם געבליבן די העכסטע אויטאָריטעט. פאַר די שפּעטערדיקע דורות זיינען אָבער ביידע ריכטונגען געוואָרן צונויפגעגאָסן צו איין איינהייט. היינט קאָן מען זיך נישט אויסמאָלן דאָס רבנישע אידנטום אָן דעם רמב"ם, נישט אָן די בעלי תוספות. אלו ואלו דברי אלקים חיים! אַזוי גוט די אינדוקטיווע מעטאָדע ווי די דעדוקטיווע האָבן ביידע זייער באַרעכטיקונג. אַנאַליז און סינטעז האָבן תמיד געהאַט זייערע חסידים. און אַזוי האָבן ביידע ריכטונגען געבויט און בויען ווייטער, ביז צום היינטיקן טאָג דאָס גרויסע ווערק פון דעם אידישער גייסטיקער קדושה, אין וועלכער ביידע ריכטונגען האָבן זייערע מאָנומענטן, מאָנומענטן שטאַרקערע ווי די פון בראָנז און שטיין — לעבעדיקע מאָנומענטן פון דאַנקבאַרע תלמידים, פאַר וועלכע די ווערטער פון די גדולים זיינען היינט נאָך אַזוי לעבעדיק און פריש און זיי ווערן באַטראַכט און דיסקוטירט מיט דערזעלבער ליבע און יראת הכבוד ווי אין דער צייט ווען זיי זיינען געוואָרן אָנגעשריבן.



# דער אַנאָנים אין אונדזער ליטעראַטור

עס איז שוין אַן אָנגענומענער כלל אין דער ליטעראַטור-טעאָריע און געשיכטע, אַז יעדע געניאַלע שאַפונג איז שוין, ממילא, אויך אַ נאַציאָנאַלע שאַפונג: דער גאון, דער זשעני, איז דער אינסטרומענט, דורך וועלכן די אומה באַקומט איר אויסדרוק.

געוויס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע שעפער: עס זיינען פאַראַן שעפער, וועלכע שטייען אויף דעם סאַמע שפּיץ פון דער שאַפונגס-הויכקייט, דורך בולט'ע שאַפונגען, דורך אַזעלכע וואָס זיינען אָנזיכטיק שוין מיטן ערשטן בליק; דאָס זיינען שעפער, וואָס באַמיען זיך צו אַרויפהויבן דאָס פאָלק, אויף כח, מאַכן אים אַרויפשטייגן צו דער הויך אויף וועלכער עס שטייען זיי און זייער יצירה. און עס זיינען, ווידער, פאַראַן שעפער, וועלכע נידערן אַראָפּ צום פאָלק, דרינגען אַריין אין אים, ווערן פאַרשלונגען אין אים און אין זיין גייסט, און אומבאַמערקט, אָן שום מיין, אויף אַ גאַנץ נאַטירלעכן אופן, ווערן זיי דערנאָך נתעלה מיט אים, מיטן פאָלק און מיט זיין גייסט צוזאַמען, שטייגן פון מדרגה צו מדרגה. די שאַפונג און ווירקונג פון אַזעלכע גאונים, לאָזן זיך, אין אָנפאַנג פון זייער אַנטשטייאונג, ניט אָפּשאַצן ווי געהעריק. זיי, אָט דידאָזיקע זיינען עס די *אַנאָנימען* אין אונדזער ליטעראַטור און, ערשט, אין אַ לאַנגער צייט, שפּעטער, דערוועקט זיך, פּלוצים, דאָס פאָלק, קוקט זיך אום אַרום זיך, און *דערזעט זיך אַליין אויף דער העכסטער הויך פון דער שאַפונג* פון אָט דעם נאַציאָנאַלן זשעני, און ערשט דאַן דערוועקט זיך די פראַגע: „דידאָזיקע געניאַלע שאַפונג, וואָס שטעלט זי פאָר מיט זיך? וואָס איז זי, אייגנטלעך?

מיר מאַכן איצט דורך אַזאַ מין התעוררות. מיר האָבן איצט אַזאַ מין פראַגע, וואָס ווערט געשטעלט אין שייכות מיטן נייַנהונדערטסטן געבורטסטאָג פון רש"י; פון רעכטס און לינקס, רעש'ט מען מיט רש"ין, אַלע ריידן מיט ציטער און עמאָציע פון פאַרערונג צו רש"יס אָנדענק.

## די התעוררות אין צוזאמענהאנג מיט רש״ים יובל

דידאזיקע התעוררות, אבער, האט א וויכטיקן פונקט. מער ווי א התעוררות איז עס אן איניגסטער פלאטער, אן איניגסטער אויפציטער: פאר אונדזער פאלק זיינען אנטשטאנען שווערע צייטן און אין דער דאזיקער פינסטער-שווע-רער צייט האבן אויפגעציטערט די נפשות, אויפגעשווידערט די נשמות גלייך ווי זייער גייסטיקער בנין וואלט חס ושלום צערודערט, צעשטערט געווארן פון דעם פונדאמענט ביז די קארניזן. אין דער דאזיקער התעוררות שפירט מען א זעלישן ציטער, ווי א מין זעלבסט-טאדלונג, ווי א מין אינערלעכער רוף וואלט זיך אין דעם געהערט, אזוי צו זאגן: „קערט אייך אום צוריק, קינדער, צום מקור פון וואנען איר שטאמט אפ, צום קוואל פון וועלכן אייערע ברידער, די געטויט-ווערנדיקע, האבן געטון שעפן שטארקייט, כוח און קראפט צו גיין אויפן שייטער-הויפן! און צום אלטן-אוראלטן בית־מדרש גייט... צוריק אין דער שאפונגס-הויז פון דער נשמה פון אונדזער אומה״...

אונדזער גייסטיקע געשיכטע איז איין לאנגע קייט. יעדע תקופה האט מוסיף געווען א ריזן-רינג, בלעטער פאלן אפ און בלעטער אנדערע וואקסן אן — לויט אחד העם׳ס אויסדרוק — דער שטאם אבער פונם בוים שטייט אייביק. פירות פאלן אראפ און אנדערע פירות קומען; דער באזונדערער, דער ספעציפישער טעם אבער, וואס די פירות פארמאגן, וועט שטענדיק פארבלייבן אין זיי. און דאס געשעט מיט אונדזער גייסטיקער שאפונג: זינט דער תלמוד איז אונדז געגעבן געווארן, אונדזער ספר הספרים, ביז איצט צו טאג איז ער דער וואס נעמט ארום, ווי א ריגל, מן הקצה אל הקצה, אונדזער אומה.

עס זיינען געווען ביי אונדז אזעלכע, וואס האבן געטראכט צו קענען איבער-היפן, אריבערשפרונגען דעם דאזיקן השתלשלות אונדזערער. עס איז אבער, גאר ניט ארויסגעקומען פון דידאזיקע און פון ענלעכע פלענער און טעאריעס; דאס געוועב, וואס פארבינדט אונדז דורך די פעדים פון אונדזער אלטער אנטוויקלונג, צו אונדזער אבן שתיה, צו אונדזער גרונט-שטיין — צו דער שאפונג פונם תלמוד, — איז אייביק און אונדזער באַרוף צו פאר-זעצן ווייטער צו וועבן און שאפן דאס נאציאנאל-גייסטיקע געוועב אין דער זעלביקער ריכטונגס-ליניע, איז אידענטיפיצירט מיטן עצם פון אונדזער נא-ציאנאלער נשמה. און אין דעם איז, אייגנטלעך, דער סוד פון אט דער גייסטי-

קער התעוררות, וואָס כ'האָב דערמאָנט פריער, די התעוררות וואָס האָט אויפ־געהויבן די פראַגע: „רש"י מהו" ?

## „רש"י מהו" ?

געווים: מען האָט אָפּגעשאַצט רש"ין אין זיינע ווערק און ווירקונג, מען האָט אויסגעשאָטן אַ באַרג מיט שבחים איבער זיין אָנדענק: ער איז אַ גדול, ער איז אַ גאון שבגאונים, ער איז אַן עטישע פּערזענלעכקייט געווען, ער איז געווען אַ מבאר, אַ מפרש, אַ פילאָלאָג, אַ פּעדאַגאָג, אַ דערציער, אַ מעדיצינער, אַ דרשן, אַ פּייטן א. אַ. וו. און נאָך אַלעמען קענען די אַלע באַצייכנונגען ניט פאַרשטעלן דער מהות פון גאונות. מיר האָבן געהאַט פיל פילאָלאָגן, מעדיצי־נער, דרשנים, פרשנים א. אַ. וו. — איז וואָס איז דער מער ? און די פראַגע בלייבט נאָך אַלץ אומפאַרענטפערט: „וואָס איז רש"י" ? אין יעדער געניאַ־לער יצירה איז פאַראַן אַזאַ „עפּעס" פון אַ מין באַזונדערער תכונה, וועלכע דריקט אויס דעם כאַראַקטער און דאָס איניגסטע פון דעם געדאַנק פון יענעם זשעני.

קאַנט האָט געזאָגט: „דער גרויסער ווייזע שיידט זיך אונטער פון די מיטעלע אינם כמות, — דער גאון, אָבער, שיידט זיך אונטער אין דעם איכות".

ווען מען האָט פאַרצייטנס געפרעגט וועגן פּלאַטאָנען: וועלכער פּלאַטאָן איז גרעסער, דער דיכטער פּלאַטאָן, צי דער פילאָזאָף פּלאַטאָן ? איז דער ענט־פער געווען: פּלאַטאָן און שוין; ווילט איר, רופט אים פילאָזאָף, ווילט איר רופט אים דיכטער.

אַ תלמיד חכם ותיק, וואָס האָט געלערנט, ווייסט און קען, וועט פילן און פאַרשטיין וואָס כ'בין אויסן צו באַצייכנען מיט דעם דאָזיקן ביישפּיל אַלס ענטפער: רש"י — איז רש"י, און דאָס איז גענוג. און דאָס אַנדערע איז שוין אליין צו באַגרייפן; איבעריקנס, אָט איז רש"ים ווערק: נעם, לערן עס, דרינג אריין אין דעם; אָט איז דער תלמוד און זיין פירוש, זיי זיינען אָפן פאַר יעדן. און אויב דו באַזיצסט געפיל, אויב דו ביזט אַ בעל נפש, וועסטו פאַרשטיין אליין צו אָפּשאַצן און וועסט אליין ענטפערן אויף דער פראַגע: רש"י מהו" ?

## דער לייכט־טורעם צום תלמוד — רש"ים פירוש

און פאר אונדז אנטפלעקט זיך דא א מערקווירדיק רעטעניש. מיר, וואס לעבן איצט אין א וועלט פון טעכניק, מאשינען און אולטרא מאדערנע דער-פינדונגען, אין א וועלט פון גייסטיקע גריבלענישן, ספקות און צעגערונגען, ווערנדיק געווארפן צווישן יאוש און וואקלעניש און פארפלייצט פון א שטראם פון די קעגנזעצלעכסטע טעאריעס — און פלוצים שטייען מיר אויפן שוועל פון דער וועלט פון „הויות דאביי ורבא, פון מוסר-סענטענצן, דורכגעזאפטע אדער באהויכטע פון אגדות פון נשמה-גאנצקייט און פון דערהויבענער אמונה.

דא איז, חוץ געאגראפישער און כראנאלאגישער דיסטאנץ, אויך א גע־וואלטיקע גייסטיקע דיסטאנץ, צווישן אונדזער וועלט איצט און דער וועלט פונם תלמוד, וואס איז קאדיפיקירט געווארן פארצייטנס, אין בבל. עס איז א וואונדער, עס איז צו שטוינען... און, פון דעסטוועגן, אז דו דרינגסט אריין און פארטיפסט זיך אינם תלמוד און אין זיין פירוש — אין דעם פירוש פון רש"י — דערפילסטו, ווי מיט א לייכט-טורעם גייט מען פאראויס פאר דיר, מען באלייכט דיר דעם וועג, מען טרעט אוים און מ'ראמט אפ פאר דיר דעם וועג, זאלסט קענען פריי גיין איבער אים. און דער פירוש פירט דיך לאנגזאם, איבער די, אין פלוג אזוי פארפלאנטערטע וועגן פון דער תלמוד-וועלט, מיט א וואונדערלעכער באזאכטקייט און געדולד. און לאנגזאם, לאנגזאם ווערט פארשלונגען די מחיצה, די הינדערנישן פאלן אנידער, פארשוואונדן. דער לייכט-טורעם, דער פירוש, רעדט צו אונדז מיט א וואונדערלעכער זעלישער ווייכקייט, מיט א מערקווירדיק איינגענעמער הסברה, מיט א געוואלטיקער מע-לאדישקייט. דער לייכט-טורעם, דער פירוש פירט אונדז אריין, כמעט אומ־באמערקט פון אונדזער זייט, אן אנשטריינגונגען כמעט, אין דער וועלט פון דעם תלמוד. מיר טוען געוויינען אהין לאנגזאם און, אומבאמערקט, ווערן מיר אריינגעטון אין אט דער וועלט און מיר לעבן מיט דאס לעבן פון אט דער וועלט, גלייך ווי אין די צייטן זעלבסט פון די בעלי-התלמוד, גלייך ווי אין די צייטן פון די גאונים, גלייך ווי אין די צייטן פון די ערשטע פוסקים, און מיר זיינען ווידער אנגעבונדן אין דעם ארומפאסנדיקן פאדים, וואס נעמט ארום, וואס וויקלט ארום אונדזער גייסטיקע געשיכטע.

רש"י — איז דער נאמען פון דעם דאזיקן לייכט־טורעם, און דורך דעם אליין שוין איז צו פארשטיין, אז „רש"י איז... רש"י", דורך דעם אליין פילט

מען דעם „עפּעס", דאָס מערקווירדיק-געניאַלע, וואָס אין אים איז פאַראַן.
רש"ים פּירוש אויף דעם תלמוד איז אַ יי נ ג ע פ לָ א כ ט ן, איינגעפּאַסט,
פאַרשלונגען, אַזוי צו זאָגן, אין דעם תלמוד זעלבסט, האָבנדיק געוואָרן אומ־
אָפּטיילבאַר פונם „פּנים"; ער איז געוואָרן איין אָרגאַניש גאַנצעס מיטן
תלמוד זעלבסט.

ניט דאָ איז דער פּלאַץ צו אָפּשטעלן זיך און ברענגען פאַר די לייענער
די טיפע תלמודישע סוגיות, כדי צו ווייזן די גרויסקייט און שטאַרקייט פון
רש"י דעם מפרש; דאָס קען מען נאָר פאַרשטיין און אָפּשאַצן לערנענדיק דעם
תלמוד זעלבסט, דאַן זעט מען, ווי אומאָפּטיילבאַר רש"ים פּירוש איז פון תלמוד,
ווי איינגעפלאָכטערט ער איז אין אים.

## דער שאַפונגס־כח, וואָס איז אַ פּירוש

דערמיט מיין איך ניט צו זאָגן, אַז רש"ים פּירוש צו תלמוד איז ניט
קיין זעלבסטיקע שאַפונג, ניט קיין שאַפונג אַן און פאַר זיך. קאָמענטאַר און
אויפקלערונג, ווי פּעדאַגאָגיש זיינען אויך וויסנשאַפט און ניט בלויז... אַרבעט.
אין גרונט גענומען איז דאָך אין יעדער אַרבעט, מעג עס זיין די פּשוטסטע,
פאַראַן אַ קווינט-עסענץ פון שאַפונג, אויב דער שעפער אָדער טוער פון דער
אַרבעט גיט זיך איבער מיט זיין גאַנצן וועזן, טריישאַפט און איך; און ווי אַזוי
איז דען מעגלעך אַ פּירוש, אַ באור, אין וועלכע דער שעפער-קאָמענטאַטאָר זאָל
ניט משפּיע זיין אויך פון זיין גייסט, סוביעקטיוו אַזוי צו זאָגן, אויף זיי?

ווער עס איז גרינטלעך באַקאַנט מיט איבערזעצונגען פון ווערק, ווייסט,
אַז יעדע גרינטלעכע איבערזעצונג, מעג זי ווי אָביעקטיוו זיין געמאַכט, אַנט־
האַלט עטוואָס פון די אַנשויאונגען פון דעם איבערזעצער, עטוואָס פון ז יי ן
גייסטיקן פּרצוף; און ער דריקט עס אויס דורך דער ענדערונג, צומאָלס פון
איינעם אָדער צוויי ווערטער. אויב דאָס איז אומפאַרמיידלעך מיט איבערזע-
צונגען, אַ פשיטא שוין אַז אין קאָמענטאַרן און פּירושים איז פאַראַן גענוג
פּלאַץ און מעגלעכקייט צו אויסדריקן אייגענע גייסטיקייט, אייגענע אַנשוי־
אונגען און שאַפונגס-באַדערפעניש.

נאָך מער: אַ ריכטיקער און וואַרהאַפטיקער באור, אַ פּירוש וואָס זאָל,
באמת זיין אַ שאַפונג, איז, צומאָלס שווערער פון אַן אָריגינעלער שאַפונג
זעלבסט. דען אין דער לעצטער, אויב דער מחבר שטייט אפילו ניט אויף אַזאַ

הויכקייט ווי נויטיק, איז עס אויך אַן סכנה; ווען עס איז ערגסטן פאַל פאַר־בלייבן אַ שאַפונג פון קלענערער ווערט. אַנדערש אָבער איז מיט אַ קאָמענ־טאַר, מיט אַ דערקלערנדיקער, אויסטייטשנדיקער שאַפונג. אויב אַזאַ שאַפונג, אַ באור אָדער פירוש גיט זיך ניט איין דעם מחבר, ווי געהעריק, ווען שוין פון דעם, פון דעם ביאור גאָר ניט ווערן און גאָר ניט פאַרבלייבן אויסער נוצלאָזיק פּאַפּיר.

אויב די־אָזיקע באַטראַכטונג איז אָנגעמאָסטן פאַר פירושים און קאָמענ־טאַרן צו סתם ווערק, על אחת כמה וכמה, אַז אַ פירוש צו תלמוד פאָדערט אַ שלל פון מיטלען, אַ גאָר גרויסן סכום פון גייסטיקע אָנשטרענגונגען און אַ ריזיקע שאַפונגס־טעטיקייט.

דער תלמוד איז אַ מאָזאַאיק פון פּראָבלעמען און אנשויאונגען, פון הויות און אָנשיכטונגען, פון דיאַלאָגן און דיסקוסיעס. עס איז אַן ענציקלאָפּעדיע פון מאמרים, דינים, קושיות און פאַנאַנדערגלידערונגען; דער מאַטעריאַל פון די סוגיות, ווערן געבראַכט אין תלמוד אין אָנשיכטונגען און אַן אָנוואַרף פון אָנגלידערונגען און אַ פלאָנטער פון פאַרוויקלונג, וואָס בילדן, נאָכהער, אַ גאַנ־צע סוגיא; און נאָר אַזאַ שעפער, וועמעס גייסט איז זיך מתמזג, באַהעפט זיך צום און זאַפט זיך אינגאַנצן איין אין דעם ענין, וואָס ער גייט אויפקלערן, מפרש זיין און אין דערזעלבער צייט האָט ער קיין מורא ניט צו אָנשלאָגן זיך אויף דער קאַנטיקייט, שפּיציקייט פון דעם שאַרפן און דינסטן אַנאַליז, טאַקע פון דעם זעלביקן ענין, מיט וועלכן ער איז דורך און דורך אינגאַנצן דורכגענומען — נאָר אַזאַ, וואָס די פינקען פון זיין גייסט ווערן פאַרשלונגען אין דעם פירוש זעלבסט, אומאָפּטיילבאַר ווערנדיק פון אים, נאָר אַזעלכער קען ווערן יענער וואונדערבאַרער מפרש, אויסטייטשער און אויפקלערער, וואָס הויבט זיך אַרויס און אַריבער, ריין־אָרגאַניש פון זיין ענגן אָביעקטיוון תחום און נאָר אַזאַ מבאר און מפרש געלונגט עס צו געבן אונדז אַ ריכטיקן פאַרטייטש און אויפקלערונג, אַ גרינטלעכן און אמת'ן פירוש.

**רש"י אַלס „חותם" פון תלמוד דורך זיין פירוש**
**די באַגריפן אין תלמוד.**

דער תלמוד, ווי געזאָגט, איז אַן ענציקלאָפּעדיע, וועלכע איז פול מיט מאַטעריאַל, אָנגעהויפטן, אָנגעוואָרפענעם שיכטנווייז, אָן אָרדנונג. דער מאַ־

טעריאל, אין ערשטן אויגנבליק באשטייט אָבער ניט פון אבסטראקטע, פון הוילע אבסטראקטע באגריפן, נייערט ער איז פארקליידעט אין געשטאלטן גענומענע פון לעבן.

אזוי, צום ביישפיל איז אין רוימישן רעכט פאראן איינגעשטעלט אַן אונטערשייד צווישן א „מזיק", א שעדיקער, וואָס האָט הנאה פון דעם וואָס ער שעדיקט און א שעדיקער, וואָס פאראורזאכט דעם שאָדן אָן אויסן צו זיין צו האָבן נוצן פון דעם. דער זעלביקער געדאנק, פעסטשטעלונג און פארטיילונג צווישן אזעלכע צוויי מינים „מזיקים" איז פאראן אויך אין משנה, אָבער דאָרט ווערט ער אויסגעדריקט דורך די געשטאלטן פון „קרן" (א האָרן, וואָס שטויסט), און „שן" (א צאָן, מיט וועלכן מען פרעסט אָפּ, מען בייסט) פון א ש י ר ה מ ז י ק: קרן אין הנאה לחזיקו, שן יש הנאה להזיקו" (דער האָרן האָט ניט קיין הנאה, ווען דורך שטויסן איז ער מזיק; דער צאָן דאקעגן, דורך וועלכן אַן אָקס פרעסט אָפּ, לאָמיר זאָגן, א פעלד, האָט יאָ הנאה). דער זעלביקער באגריף, וואָס אין רוימישן רעכט קומט ער בדרך כלל, אבסטראקט אין זיין יורידישער פאָרמע, קומט אין תלמוד אין געשטאלט פון בלויז קאָנקרעטע פאָרמולירטע בילדער און געשטאלטן, צוגעטיילטע צו ספעציעלע קעגנשטאנדן.

א צווייטער ביישפיל: דער ענין פון „מלאכה שאין צריכה לגופה", (סתם א מלאכה, אין וועלכער דער גוף נויטיקט זיך ניט), וואָס פארנעמט אַן אָנגעזען פּלאַץ צווישן די כללים פון מלאכות אום שבת, ווערט אויסגעדריקט דורך דער קאָנקרעטער באצייכנונג פון „החופר גומא ואינו צריך אלא לעפרה" (איינער וואָס גראָבט א גרוב אין דאַרף מער ניט ווי די ערד). דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אין דעם ענין פון פאַרבאָט צו ארבעטן אום שבת ווערט פעסטגעשטעלט דער אונטערשייד צווישן ארבעטן וואָס ווערן געטון צוליב נוצלעכקייט און סתם ארבעט —

דידאָזיקע יורידישע באגריפן זיינען אין תלמוד אויסגעדריקט, ווי געזאָגט ניט אין א פאָרמע פון אבסטראקטע רעגלען, כללים, נייערט יעדער אין קאָנקרעטע בילדער אָדער קעגנשטאנדן גענומענע פון דעם דאַמאָלדיקן לעבן, און דאָס האָט שפּעטער פארשווערט דאָס פארשטיין, דאָס אריינדרונגען אין דער כוונה פון דעם, וואָס זיי האָבן געמיינט צו פעסטשטעלן דורך דעם קאָנקרעטן פרט פאַר דאָס אבסטראקטע, פאַרן כלל.

פאַר די חכמי התלמוד און די וואָס זיינען נאָך זיי געקומען, זיינען די

דאַזיקע באַגריפן געווען געגוג באַקאַנט, און זיי האָבן אויסגעזען גענוג איינ־פאַך; זיי האָבן צו די דאָזיקע ענינים אויפגענומען, באַגריפן ריין אינטואי־טיוו, איניגסט, אַזוי צו זאָגן. לאַנגזאַם, אָבער, מיטן לויף פון די יאָרן און דורות, וואָס האָבן דערווייטערט פון די צייטן פון תלמוד, און מיט דער ענ־דערונג פון דעם לעבן, איז שווערער געוואָרן צו אויפנעמען אינטואיטיוו דעם גאַנג פון דער תלמודישער עקספּאָזע, פון דאָס קאָנקרעטע פון דאַמאָלסדיקן לעבן און אָנקליידן עס אין דאָס קאָנקרעטע פון דעם נייעם לעבן. עס האָבן זיך דערווייטערט די דורות און עס זיינען פאַרמערט געוואָרן די פירושים. די אַבסטראַגירן איבער די קאָנקרעטע געשטאַלטן פון תלמוד, דורך פאַרשיידענע באַשיידן, אויסטייטשונגען; עס זיינען פ א ר מ ע ר צ א ל ט ג ע ו ו א ר ן די וועגן פונם לימוד און עס זיינען פאַרמערט געוואָרן די „תלמידים הטועים" און די „יש טועים" (די תלמידים וואָס זיינען זיך טועה), ווי רש"י באַצייכנט זיי אומצייליקע מאָל, אין זיין פירוש.

אַלס צוגאָב צו דער דאָזיקער פאַרשווערונג און דאָס לערנען דעם תלמוד, וואָס די צייט און דאָס לעבן האָט געבראַכט, זיינען די צענטערן פון תורה אין בבל און ארץ־ישראל, וואו דער תלמוד איז געשאפן געוואָרן, אָפּגעריסן, חרוב געוואָרן, כמעט איינצייטיק, און זיי זיינען, דורך איטאַליע אַריבער־געוואָרפן געוואָרן קיין דייטשלאַנד און פראַנקרייך. יעדער אויסריים און איבערפלאַנצונג פון אַ זאַך פון איין באָדן און סביבה אויף אַ צווייטן, ברענגט אַלס אומפאַרמיידלעכע קאָנסעקווענץ אָפּשוואַכונג, די ערשטע צייט, ביז עס אַקלימאַטיזירט זיך און שלאָגט וואָרצלען אין דעם נייעם באָדן. דער־צו זיינען דייטשלאַנד און פראַנקרייך געווען דאַן, נאָך, ווי אַ מין פעלזיקער האַרטער באָדן פאַרן לימוד פונם תלמוד. דער וועג פון דאָס לערנען פון תלמוד האָט אָנגעהויבן ווערן וואַקלענדיק, שלאַבערדיק, עס האָט געדראָט אַ געפאַר, אַז די געדאַנקען זאָלן פאַרפלאָנטערט ווערן. אין אַלע ספרים פון די מפרשים און קאָמענטאַטאָרס, וואָס נאָך רש"ין, טרעפן מיר זייער אָפט דעם אויסדרוק: „ווען ניט רש"ים פירוש, וואָלט מיר געדאַכט, אַז מען דאַרף מפרש זיין"... רש"י אַליין האָט דורך זיין פירוש פאַרשטעלט דעם וועג פאַר די וואָס וואָלטן געקענט אָפּווייכן, פאַרקרומען פון דעם ריכטיקן גאַנג אין דעם פירוש אויף תלמוד.

רש"י אַליין, איז געווען דער, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן דעם תלמוד אין א י כ ו ת, דורך זיין אויסשעפנדיקן און פאַרטרעפלעכן פירוש האָט ער עס

דערגרייכט. אין דעם כמות האָבן אָפּגעשלאָסן דעם תלמוד רבינא און רב אשי
אין א י כ ו ת האָט ער, רש"י, אָפּגעשלאָסן דעם תלמוד.

## רווישטאָף פאַר די מפרשים, וואָס זיינען נאָך אים געקומען

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו דיינקען, אַז רש"י האָט דורך זיין פּירוש פאַרצאַמט קאַטעגאָריש דעם וועג פאַר די קומענדיקע מפרשים נאָך אים. אמת, דורך זיין פּירוש האָט ער אָפּגעשלאָסן דעם תלמוד אין איכות; ער האָט אָבער ניט אויפגעהויבן, דורך אים, קיין צ ו י מ ע ן ניט קיין צאַמען פון די זייטן פון דעם וועג פון תלמוד. פונקט אין קעגנטייל. זיינע ווערטער זיינען קורץ; פון דער אַנדערער זייט, אָבער, זיינען זיי זייער גע־פּרעסט, וואָלט איך געזאָגט, זייער עלאַסטיש. אין געציילטע ווערטער שטעלט ער פעסט אַ באַהויפּטונג, אַ תלמודישע פּאָזיציע, אַ באַצייכנונג אָדער דע־פיניציע, און זי איז פולקאָם, גאַנץ. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט ניט צו זיין נאָר אַן אָביעקטיווער מבאר, אַ פאַרגליווערטער עקזעגעט, כדי דער שאַפונגס־גייסט פון עקזעגעט, וואָס ער האָט באַנוצט זאָל ניט פאַרלאָרן גיין דורך דעם.

מען האָט געזאָגט וועגן רש"ין, אַז ער האָט געקענט דעם סוד פון צימצום. דאָס איז ריכטיק: רש"י איז געווען זייער קורץ, סינטעטיש; ער איז אָבער געווען אַ מצמצם וואָס האָט אין דער זעלביקער צייט געזאַמלט און אָנגעהויפנט נייעם רש"י־שטאָף, איינפרעסנדיק עס אין אַ וואונדערבאַ־רער פאָרמע. און דעם רווישטאָף, וואָס ער האָט אָנגע:אַמלט אין זיין פּירוש האָט ער איבערגעלאָזן פאַר די נאָכקומענדיקע דורות; פון דער פּשט־חריפות פון אַ מהרש"א און מהר"ם שיף, ביז די סברה־שאַרפקייטן פון „שאג"א" און „קצוה"ח" און זייער גלייכן, פון דער חריפות פון הגדרה און חילוק (דעפיניציע און אַנאַליז) פון דעם ר"ת און זיין געזעלשאַפט ביז ר' עקיבא איגר, דעם נודע ביהודה און ביז ר' חיים בריסקער, ר' יוסף ענגעל און ר' שמעון שקאָפּ ז"ל; פון דער שאַרפקייט פון הגהה און אַנאַליזע, וואָס די בעלי־התוספות האָבן באַזיצט, ביז דער חריפות פון דעם מהרש"ל און דעם הגר"א ז"ל — אַלע האָבן געפונען אין רש"ים רייד אַ קוואַל פאַר דער שפע פון געדאַנקען און געשטאַלטן, וואָס זיי האָבן אויסגעדריקט, רווישטאָף פאַר דאָס

הויפטזעכלעכע אין די פאַרשיידנהייטלעכע אופנים פון דעם לערנען תלמוד, וואָס די גאונים אונדזערע האָבן אָנגעוועגדעט, אָדער אָנגעצייכנט.

רש״ים פירוש צו תלמוד איז אַ פּאַראַדאָקסאַלע סינטעזע פון פרוכט־באַרער פשטות און חריפות פון גערענק, פון צ מ צ ו ם אין ווערטער און פון אומענדלעכער שפע און באַלייכטונג. עס איז גענוג וואַרפן אַ בליק נאָר אין דעם ווערק פון ר׳ שמואל שטראשון און מהר״ץ חיות ז״ל און זען, ווי אַזוי זיי אַנטדעקן פּערל אין יעדער וואָרט רש״ים — און עס איז פאַר־שפּאָרט צו ברענגען ביישפּילן און ציטאַטן.

יעדער גאון, לויט זיין צייט, האָט אויסגעברייטערט, אַנטוויקלט ז יי ן אייגענעם ד ר ך אינם לערנען פון תלמוד, אָבער אינערהאַלב פון דעם קרייז..., און פון דער איינגעוויקלטקייט, וואָס עס האָט אָנגעצייכנט, אָנגע־זאַמלט און איבערגעלאָזט, ווי רווישטאָף, און סינטעזע, רש״י דער „חותם״ פון אונדזער תלמוד אין איכות. אַלע באַגרינדן זיי זיך, שטיצן זיך אויף רש״ין, צומאָלם אויף איין וואָרט זיינעם און זיינען שטרענג מדקדק אויף דעם.

רש״י איז אַזוי אַרום געוואָרן דורך זיין פּירוש, די בריק וואָס האָט פאַרבונדן דעם אידישן תלמודישן געדאַנק פון אַלע דורות, אין משך, ביז איצט פון קרוב צו ניין יאָרנהונדערטער.

### אַ מפרש מיט אַ חוש פאַר געשיכטע, אַנאַליז און באַצייכנונג

נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן איז דער תלמוד געוואָרן דער פאָלקס־קנין; אַן אייביקער ווערט פאַרן גאַנצן פאָלק און אויף אַלע דורות; ער ווערט איבערגעגעבן פון דור צו דור, פון תקופה צו תקופה, ער האָט באַ־גלייט אונדזער פאָלק אין אַלע זיינע וואַנדערונגען און וואַגלענישן.

איז עס פאַרשטענדלעך, אַז אין אַזוי פיל תקופות, וואַנדלונגען און וואַנ־דערונגען זיינען אַנטשטאַנען פאַרן תלמוד פאַרשיידענע פרשנים, צייטווייליקע וואָלט איך געזאָגט; צווישן זיי זיינען געווען פיל באַלערנדיקע, גלענצנדיקע אפילו, אָבער דער גרעסטער טייל פון זיי איז שנעל פאַרעלטערט געוואָרן, זייער צייט איז שנעל פאַרביי און מען האָט אין זיי פאַרגעסן. און אפילו די, וואָס זיינען פאַרבליבן האָבן אויך ניט זוכה געווען צו אַן איבעריק גרויסן פירסום, און קיינער פון זיי האָט ניט באַקומען אַזאַ פּאָפּולאַריטעט ווי רש״ים פירוש. די אַלע פירושים האָבן געדינט מער פאַר זייער צייט, פאַר זייער

דור — מער ניט. און ווען דאָס לעבן האָט זיך געענדערט מיט דער ענדערונג פון דער צייט און צוזאַמען מיט די געענדערטע אומשטענדן און באַדינגונגען פון לעבן זיינען געענדערט געוואָרן די פאָרמען און מאָטיוון, קוועלן און אור־זאַכן, וואָס באַוועגן דעם געדאַנקן־גאַנג, זיינען דידאַזיקע פּירושים פאַרעלטערט געוואָרן. שפּעטער מיטן גאַנג פון דער צייט האָט דידאַזיקע פּירושים געזאַמלט דער ב ע ל ש י ט ה מ ק ו ב צ ת אָדער אַנדערע מאספים, כדי זיי זאָלן פאַרבלייבן אין דער מעגלעכקייט באַנוצט צו ווערן פאַר אַ געוויסן טייל פון לומדים, פון לערנער, פון גריבלער און אויך פון פאָרשער אין דער גע־שיכטע פון דער אַנטוויקלונג פונם פּירוש - וועזן.

רש"יס פּירוש איז פאַרבליבן לעבעדיק, פריש, ניי און וויכטיק, אומאויס־מיידבאַר אין זיין וויכטיקייט צו קענען דעם תלמוד, גלייך ווי ער איז עס געווען תכף, ווען ער איז געשריבן געוואָרן. רש"יס פּירוש האָט זיך ניט גענויטיקט אין קיין באַנייאונג און אָפּפרישונג, ניט אין קיין כ י נ ו ס אָדער קיבוץ, ווייל זיין פּירוש איז אַ שאַפונג, וואָס איז גלייכווערטיק און וויכטיק פאַר יעדער תקופה און פאַר יעדן שיכט און קלאַס פון לערנער; רש"יס פּירוש גע־הער צו יענע שאַפונגען, וואָס ווערן ניט פאַרעלטערט מיטן טויש פון דער צייט, וואָס ווערן ניט פאַרגעסן און וועלכע זיינען גלייך ווערטיק אין זייער גרויס ווערט און נוצלעכקייט, ווי פאַר לערנער־אינטעלעקטואַלן, טיפע לומדים אַזוי אויך פאַר אָנפאַנגער אין דעם לערנען פון תלמוד.

רש"י האָט זוכה געווען פאָלגלעך, צו ווערן און זיין דער ה י ס ט אָ־ ר י ש ע ר פ ר ש ן. מיט וואָס? ווייל ער האָט באַזיצן אַ היסטאָרישן חוש און אין זיין פּירוש איז עס געקומען צום אויסדרוק ווי דורך זיינע דע־פיניציעס און באַצייכנונגען, אַזוי אויך דורך זיין אַנאַליז.

אַ היסטאָרישער חוש מיינט צו זאָגן, אַז דער שעפער, בעת ער שאַפט וועגן וועלכער ניט איז תקופה, ל ע ב ט ז י ך א יי ן אין גאַנצן אין דער דאָזיקער עפּאָכע; אויב ער שרייבט און באַהאַנדלט די שאַפונגען פון אַ געוויסער עפּאָכע, אָדער אויב ער קאָמענטירט זי און קלערט זיך אויף, זאָל ער זיין אַזוי ווייט דורכגעדרונגען מיטן קלימאַט, מיט דער אַטמאָספערע, מיטן מהות פון אָט יענער עפּאָכע, גלייך ער וואָלט געלעבט אין איר; ער דאַרף קענען פּינקטלעך, פילן גרינטלעך דאָס לעבן פון די שעפער פון יענער עפּאָכע, אַריינדרונגען אין זייערע ווזנס, אין זייערע געפילן, אין זייער געדאַנקן־גאַנג, אַלץ איינס צי איז עס די עפּאָכע פון שמעיה ואבטליון, צי איז עס אין דעם

בית מדרש פון בית-הילל אָדער בית־שמאי, צי איז עס אין יבנה, צי אין טבריה און סורא צי אין נהרדעא; אין מחוזא צי אין פומבדיתא.

אויב דער דאָזיקער שעפער-קאָמענטאַטאָר באַזיצט אַזאַ מין חוש און צו דעם נאָך קען ער צוטרעפן אויך די אויסדרוקן, די רעדנסאַרטן וואָס זיינען די געפּאַסטע, די אויסדריקלעכסטע פאַר דעם געדאַנקן-גאַנג, שטימונגען, האַנדלונגען, האַלטונג און מעשים פון יענע דורות, די שאַפונגען פון וועלכע ער איז מבאר — אַ זאַ איז אַ מפרש מיט אַ היסטאָרישן חוש און אַזאַ מפרש איז געווען רש״י.

צו זיין היסטאָרישן חוש, אַלס פּרשן, האָט רש״י, ווי מיר האָבן עס פריער געזאָגט, פאַרמאָגט אויך אַ טיפן חוש פאַר אַנאַליזע און די ספּעציעלע פעאיקייט פאַר עקזאַקטער פּרעציזער ה ג ד ר ה, פאַר דער דעפיניציע, באַצייכנונג; און דאָס דאָזיקע איז געווען אומאָפּשאַצבאַר פאַר אים און דער באַאַרבעטונג, אין זיין פּרשנות - מעטאָדע, פון די פאַרפּלאָנטערטע סוגיות, וואָס זיינען פאַרפולט מיט דין-דינע און שאַרף-שאַרפע סברות, פאַרשפּיצטע פּלפּולים און באַגריפן. רש״י האָט דורך דער דאָזיקער באַגאַבטקייט זיינע גע- קענט, אַלזאָ, ניט נאָר אויסגעפינען און אָנזאַמלען די רווישטאָפן, נויטיקע פאַרן רעזערוו פאַר די קומענדיקע דורות מפרשים און פאָרזעצער צו וועבן דעם תלמודישן געדאַנק, דורך נייע פירושים און אויסטייטשער. נייערט באַזיצנדיק די פעאיקייט פון אַנאַליזע און פון סינטעטישער דעפיניציע, האָט ער, אין זיין פירוש צו תלמוד, דערוויזן דורך דעם צו קענען געבן דעם דאָזיקן מ אַ- ט ע ר י אַ ל אין אָרגאַניש געאָרדנטע פאָרמע, וואָס איז געווען ניט נאָר נוי- טיק, נאָר אויך צוגענגלעך פאַר יעדן און פאַר אַלע לערנער.

## אין די גרעניצן פון זיין פירוש

אין זיין פירוש צו תלמוד, האָט זיך רש״י באַמיט ניט אַרויסצוגיין פון דעם פּלאַן און פון דער אויפגאַבע צו שרייבן אַ פירוש; און דערפאַר האָט ער זיך נישט אַריינגעלאָזן אין לאַנגע קאָמענטאַרן, באַזירטע אויף פאַרגלייכונגען פון פאַרשיידענע טעקסטן און נוסחאות, אויף דער קריטיק פון פאַרשיידענע סוגיות דורך פראַגעס, קשיות און צעגלידערונג פון די נוסחאות, ווי דאָס האָבן, נאָך אים, געטון זיינע נאָכפאָלגער — די בעלי־התוספות. די פראַגעס און ווידערשפּרוכן פאַרענטפערט ער, דערקלערט ער, ווי פאַרבייגייענדיק, ווי

אומבאמערקט, ווי דרך אגב, דורך צו־געבן, צומאָלס, א וואָרט, צוויי, דורך וועלכע ער מאַכט אָבער, קלאָר דאָס אומקלאָרע, דאָס וואָס האָט, אויבנאויפיק אויסגעזען ווי אין סתירה קעגנזייטיק, — ווי עס זאָגן עדות אויף אים דער שה"ג, דער „המאירי" און דער רשב"ץ ז"ל, — מיט איין וואָרט: ער האָט זיך געהאַלטן אין די ראַמען פון א קאָמענטאַטאָר בלויז; אָבער געשאַפן האָט ער דורך דעם לדורות, אַן אייביק ווערק, די אומפאַרמיידלעכע און אומאָפּגע־שוואַכט ווערנדיקע וויכטיקייט, איז קלאָר פאַר יעדן, וואָס עפנט א ספר פון תלמוד און פאַרטיפט זיך אין אים.

## די פּעדאַגאָגישע מעלות פון רש"יס פּירוש. — רש"י אַלס אייביקער לעבעדיקער לערער פאַר גרויס און קליין

רש"יס פּעדאַגאָגישע מיטלען, קוואַליטעטן און אופנים, זיינען די נאַ־טירלעכסטע און גרינגסטע צו פירן דעם לימוד פון שטופע צו שטופע, פון דאָס לייכטע צו דאָס שווערע. ער איז זייער פּאָרזיכטיק און געוואָרנט פון צו קלע־טערן און שפּרינגען איבער די טרעפּ און הויכקייטן פון די תלמודישע סוגיות און שקלא וטריא'ס; נייערט ער פירט דעם לערנער לאַנגזאַם, רואיק, באַזאַכט און ער באַמיט זיך צו צוגעוואוינען אים. ער זאָל אליין שווימען אין דעם ים־התלמוד, ניט מורא האָבן צו טויכן אין זיינע טיפענישן; און רש"י טוט עס מיט סדרה, מיט מעטאָדע, לויט דער שטופע פון דער אַנטוויקלונג פונם שקלא וטריא.

גאַנץ אָפט קומט רש"י אָן צו ברענגען ביישפּילן און בילדער פון אַנדערע ערטער פון תלמוד; און דאָס טוט ער הויפּטזעכלעך, ווען ער האָט מיט זיין פרשנות־חוש געפילט, אז אָן דעם דאַזיקן געהילפס־מיטל, וועט דער פּירוש, דאָ, פאַרבלייבן ניט גענוג קלאָר; כדי קלאָרער צו מאַכן דעם אויסטייטש פון ווערטער און פראַזעס, קומט ער צומאָלס אָן צו פאַרגלייכונגען און דערקלערונ־גען פון די ווערטער, און אפילו ענינים, דורך ענלעכע, וואָס ער ברענגט אַלס ביישפּילן פון אַנדערע ערטער; ער טוט עס, דאָרט ווי ער פילט, אז די אָפּטיי־טשונג פון ווערטער דורך באַזיגן בלויז, אַנדערע ווערטער, וואָלט געווען צו טרוקן און וואָלט איבערגעלאָזט די זאַך ניט גענוי אויפגעקלערט פאַרן לערנער אָן איבעריקע שוועריקייטן.

און כדי צו פאַרלייכטערן דעם לערנער די שווערע אויפגאַבע צו שווימען מיט דערפאָלג אינם ים התלמוד, האָט ער, רש"י, לכתחילה, באַזייטיקט אַלע

שוועריקייטן, שטרויכלונגען, „תמיהות" און „ענגשאפטן", און דערגרייכט האט ער עס ניט דורך דעם הסבר פון פיל ווערטער, ניט דורך לאנגע אויפקלערונגען, נייערט, צומאלס נאר דורכן צוגאב פון איין ווארט, אדער פון איין קורצער אנמערקונג, וואס באטאנט, וואס פארענטפערט, די מעגלעכע פראגן און באזייטיקט מעגלעכע אומקלארקייטן.

די פעדאגאגישע מעטאדן און מיטלען, וואס רש"י באנוצט אין זיין פירוש צו תלמוד זיינען אזוי פארשידנארטיק, אזוי אקטיוו, אזוי וויט אינדיווידועל, און פראדוקט פון זיין פילהייטלעכער פעדאגאגישער באגאבטקייט, אז רש"י זעט אוים פאר יעדן לערנער, ווי א לעבעדיקער לערער, וואס זיצט נעבן אים, רעדט צו אים, אונטעריכט אים, דערקלערט אים, דעם לערנער, דעם תלמיד מיט א שמייכל אויף די ליפן און מיט איינגענעמער הארציקייט און ווארעמקייט אין זיין קול, אין זיין זשעסט און אין דעם קנייטש פון זיין הסבר.

רש"ים פירוש צו תלמוד איז דער לעבעדיקער, אייביקער פעדאגאג, דער נאציאנאלער מסביר, דער לערער וואס ציט צו אייביק הערצער, אן שטרענגקייט, אן צוואנג, דער לערער, וואס באצויבערט מיט זיין וואונדערבארער עניוות, מיט דער זעלבסטפארניינונג פון זיין פערזענלעכן איך; דער לערער וועלכער האט קיינמאל ניט די כוונה צו באטאנען זיין אייגענעם וויסן און בקיאות, דער לערער וואס אונטעריכט שטענדיק, אייביק, יעדן מיט ליבע און צוטרוי צום לערנער און צום תלמוד און אויך מיט דער זעלביקער ליבע צום ענין, וואס ער דערקלערט אדער באשיידט.

כדי צו פארלייכטערן פארן תלמוד און לערנער דאס לערנען אין ש"ס וואו עס פעלט לחלוטין יעדער פונקטואציע, ווי די וואס באצייכענען אפזאצן פון פראזעס און פארבינדונגען צווישן פראזעס, אזוי אויך יענע וואס באטאנען דעם אויסדרוק דורך פראגע אדער אויסרוף-צייכנס, האט רש"י זיך באנוצט אין זיין פירוש מיט פיל ווערטער, וואס דערגענצן דעם מאנגל אין פונקטואציע און פארבייטן זיי, ווי צום ביישפיל: „בניחותא אדער במתמיהא" (אנשטאט א פראגע-צייכן) אדער מיטן ווארט 'כלומר', וואו דער ענין איז ניט גענוג קלאר...

גאנץ אפט ברייננגט רש"י, ווי א מין איינלייטונג פון בלויז געציילטע ווערטער, פאר א סוגיא; מיט דער הילף פון דער דאזיקער איינלייטונג ווערט פארשטענדלעך די כוונה, די גאנצע אויסוויקלונג פון דער סוגיא און אן איר

וואלט קיינער ניט געקענט אריינדרינגען אהין, פארשטיין זי און פאנאנדער־קלייבן זיך אין איר. ווי א גוטער פעדאגאג, ווי אן אמת לעבעדיקער לערער, ווארט רש״י ניט ביז דער לערנער וועט אריין אין דער סוגיא גופא, כדי דארטן אויפן ארט אים אויפקלערן עס, נאר ער פעדערט זיך צו איינלייטן אים דעם גאנצן ענין, גלייך ביים אנהייב, קורץ, זאכלעך אבער גענוג אויספירלעך, אז דער לערנער זאל דערנאך, אומגעשטערט, קענען זיך אריינלאזן אין דער טיפקייט פון דעם ענין, וואס ווערט אין דער סוגיא באהאנדלט.

און רש״י האט אזוי געהאנדלט דערפאר נאר, וואס ער איז אויסן געווען מיט זיין חיבור, ניט נאר לומדים, פאר וועלכע די וועגן־און־שטעגן פון די סוגיות זיינען קלאר, נייערט אויך אנפאנגער און אזעלכע וואס ווילן פארפולקאמען זיך, אליין, אין דער קענטעניש פון תלמוד. דעריבער האט ער זיך ניט אפגעהאלטן פון אויפקלערן אפילו ענינים אזעלכע, וואס זיינען פארשטענדלעך צוליב זייער עלעמענטארקייט און פשטות: דורך דעם דערקענט מען נאך מער בולט די קוואליטעט און מעטאדע פון זיינע באלייכטונגען און דערקלערונגען, וואס זיינען באזירט אויף אבסאלוטער פשטות.

צו דעם האט ער זיך אויך באנוצט מיט א לויטערער פשוטער שפראך, מיט אן איינפאכן סטיל, מסביר זייענדיק זייער שווערע ענינים, גאנץ אפט דורך א ביישפיל וואס איז צוגענגלעך אפילו פאר דער הבנה פון חדר־אינגלעך; זיין אבזיכט איז געווען צו געווינען דאס הארץ און די אויפמערקזאמקייט אויך פון אזעלכע לערנער, וועלכע זיינען ניט אומשטאנד צו פארטיפן זיך אין די טיפענישן פון א שווערער סוגיא, ווי עס פלעגן האנדלען די דרשנים אין די צייטן פון ש״ס.

און ער, רש״י, האט דאך אין זיין פירוש צו ש״ס דערגרייכט, אז א מענטש זאל קענען ביי זיך אין דער היים זיצנדיק — אין דארף צי אין שטאט, ווייט פון דעם ארט, וואו עס איז פאראן א ישיבה אדער א דרשן אין תלמוד — מיט דער גמרא אין האנט, אליין לערנען, אליין פארשטיין די גמרא, ווייל דער לעבעדיקער, א ״בדיקער לערער, דער פירוש רש״י שטייט ווי אנוועזנדיק נעבן אים און באטאנט אים, און דערקלערט אים, און גיט אים צו פארשטיין דעם ענין, וואס אין דער סוגיא.

## זיין ליבע צו תורה און צו ישראל

דאָ קומען מיר צו איינעם פון די וויכטיקסטע מאָטיוון אין דעם מהות פון זיין פּעדאַגאָגישער געניאַליטעט: זיין ליבע צו תורה און זיין ליבע צום פאָלק ישראל. דאָס דאָזיקע האָט אין אים דערגרייכט צו אַזאַ הויכער שטופע, אַז עס האָט אים באַוואויגן צו מבטל זיין זיין י ש און צו איבערגעבן זיך אינ־גאַנצן, לחלוטין אינגאַנצן, מיט זיין גאַנצן גייסטיקן, פיזישן און עטישן וועזן צו זיין ווערק פון פרשנות און דאָס האָט אים געפירט צו דער העכסטער הויך פון זיין דערפאָלג אַלס אייביקער לערער, אַלס קיינמאָל ניט בלייך-ווערנדיקער מפרש פון גמרא.

דידאָזיקע מאָטיוון פון ליבע צום פאָלק ישראל און די באַשיידנקייט זיי־נע צו מבטל זיין זיך, וואָס האָט אים געפירט, ווי מיר האָבן נאָר-וואָס געזאָגט, צו דאָס העכסטע אין זיין פּעדאַגאָגישן דערפאָלג, זיינען אויסגעדריקט געוואָרן אין דעם פירוש רש"י אַזוי ווייט, אַז זיי זיינען געוואָרן פאַקטאָרן, אינטעגראַלע, אומאָפּטיילבאַרע חלקים פון זיין באור און פון זיין פּעדאַגאָגיע. און דורך זיין פירוש, וואָס ווערט געלערנט תמיד, זיינען די דאָזיקע מדות איינגעשלונגען געוואָרן, אומבאַמערקט, אריינגעדרונגען אין די הערצער פון די לערנער, און זיי האָבן ד ו ר ך דעם פירוש רש"י און פ ו ן אים משפיע געווען דירעקט און אומדירעקט אויפן עטישן שטייגער, אויפן מוסר און מידות פונם אידישן מענטשן.

רש"י, פאָלגלעך, איז דורך דעם כאַראַקטער, ספּעציעל פּעדאַגאָגישער און היסטאָרישער קוואַליטעט פון זיין פירוש צו גמרא, געוואָרן דער וועג-ווייזער אין גייסטיק-עטישן זין, דער וואָס האָט משפיע געווען, היסטאָריש-קאָנסעק־ווענט, אויף דער נשמה פון אונדזער אומה.

זיין ליבע צום פאָלק און זיין תורה וואָס באַוועגן אים צו אָפּפערן זיך פאַר דעם לימוד פון תורה, איז געווען זיין הויפּט־ציל אין זיין פירוש. ער האָט געזוכט דורך דעם איינצופלאַנצן אין אים אמת און גאַנצקייט און אָפּשאַצונג פאַר דער ריכטיקער ווערט פון דער תורה, און ער איז אַזוי פיל אייפערדיק געווען אויף דעם, ער האָט אַזוי געפלאַטערט פון גאַרונג צו דער דערגרייכונג פון אָט די צילן, אַז ער באַטראַכט די זינד פון ח ל ו ל ה ש ם פאַר איינע פון די גרעסטע זינד.

רש"י האָט דערגרייכט די דאָזיקע גרויסע באַמיאונגען זיינע און די גאַנצע

וויכטיקע השפעה זיינע וואָס אינם לויף פון די יאָרנהונדערטער איז עס געוואָרן אַ סובסטאַנציעלער טייל פון אונדזער פאָלק, אַ קוואַל פון איינפלוס, פון וועלכן דער אידישער געדאַנק האָט געשעפּט שאַפונגס-זאַפט אין משך פון דורות און דורות, — ניט דורך דירעקטע באַטאָנונג וועגן דעם, ניט דורך אויסדריקן עס בפירוש, ניט דורך אָפענעם און פאַרבאָרגענעם פריידיקן צו דעם, נייערט דורך אומדירעקטער באַווירקונג, דורך פּעדאַגאָגישער באַווירקונג, אויף אַ שטילן אופן און דורך דער מעטאָדע פון פרשנות צו תלמוד; ער האָט זיך, דורך זיין פירוש, ווי באַהעפט אַלס אומפאַרמיידלעכער באַגלייטער פונם תלמיד, פונם לערנער און ער האָט ניט געזוכט, ניט געוואָלט, ניט געמאַכט די מינדסטע באַמיאונג צו ווערן אַ זאַך פאַר זיך אַליין, אַ זעלבסטשטענדיקע יצירה.

ווי אַזוי האָט ער עס דערגרייכט?

יעדער אידישער מענטש וואָס וויל לערנען תלמוד מוז בעל כרחו אָנקומען צום פירוש רש"י, ווארום אָן אים איז דער תלמוד, ווי אַ פאַרזיגלט בוך. לערנט דער אידישער מענטש תלמוד אומאָפּגעטיילט פון רש"י און ער פאַלט אריין אין דער נעץ פון געדאַנקען, אין רש"ים גייסטיקן לאַבאָראַטאָריום, אַזוי צו זאָגן. און רש"י האָט, ווי אָן צוצוגעבן איבעריקע וויכטיקייט, ווי אָן איבעריקער טראַנסצענדענץ, אריינגעבראַכט אין זיין פירוש זיינע א י ג ע נ ע געדאַנקען, אנשויאונגען, נאַציאָנאַלע שטימונגען און עטישע גרונדלאַגן, אריינגעבראַכט עס אַזוי זיך, אָן ספּעציעלער כונה, האָט פאַרבייגייענדיק, און קורץ, אַמאָל דורך אַ וואָרט, אַמאָל דורך געציילטע... און זיי דרינגען אריין, צוזאַמען מיטן אייגנטלעכן פירוש, אין דעם געדאַנק, אין דעם האַרצן, אין דעם וועזן אינגאַנצן פון דעם לערנער, פונם תלמיד, פון דעם אידישן מענטשן און פונם אידישן קינד, וואָס איז דערצויגן געוואָרן על ברכי התלמוד — און די באַווירקונג פון רש"ים יצירה, פון דעם פּראַכט פון זיינע געדאַנקען, פון דער ציכטיקער מאַיעסטעטישקייט פון זיין הויך-עטישער פּערזענלעכקייט, איז געקומען און האָט אָנגעהאַלטן דור נאָך דור, דורות אומציילעכע.

ער האָט זיין השפעה אונטערגעטראָגן דעם פאָלק ניט דורך דירעקטער באַזונדערער שאַפונג, נאָר קאָנסטאַנט און אומאויפהערנדיק, דורך איינצלנע ווערטער אָדער פראַזן וואָס ער האָט געוואָרפן, צעשפּרייט אין זיין אומשטרעבלעכן חיבור.

רש"י איז אַזוי אַרום פאַרבליבן אָנאָנים אין אונדזער ליטעראַטור, דער אַנאָנימער באַווירקער פון אידישן געדאַנקען-גאַנג אין משך פון יאָרנהונדערט;

ער איז אונדזער לעבעדיקער לערער און מיט רעכט האָט דער ראב"ן געזאָגט וועגן אים: „מימיו אנו שותים ומפיו אנו חיים הוא עשה ותקן אזנים לתורה".

## דער סיגנון און רש"ים פירוש

חוץ דער וואונדערבאַרער פעאיקייט רש"ים פון סינטעזע, פון קורצקייט, וואָס איז געקומען ניט אויפן חשבון פון דער אויספירלעכקייט און חוץ דער וואונדערלעכער פעאיקייט פון אָנזאַמלען און עלאַסטיצירן מאַיאָנטקעס מיט רוי־שטאָף פאַר די פירושים און פאַר דעם ווייטערדיקן פּראָצעס פון דער פּרשנותער ליטעראַטור — האָט פאַר דער אומפאַרגלייכלעכער השפעה פון זיין פירוש צו תלמוד אויף דורות פון גייסטיקער אַנטוויקלונג אין אונדזער פאָלק שטאַרק מיטגעווירקט אויך דער באַזונדערער, דער גאָר אייגנאַרטיקער סטיל רש"ים אין זיינע פירושים.

אין אונדזער ליטעראַטור גיט עס פאַרשיידענע סטיל־פאָרמען: פאַראַן דער וויסנשאַפטלעכער און וויסנשאַפטלעך־פּובליציסטישער סטיל, וועלכער איז קאַנטיק, ווי ער וואָלט געווען אָפּגעהאַקט, ארומגעשליפן; ער איז קורץ אינם אויסדרוק, איינגעפּרעסט, מיט ווערטער וואָס ווערן ניט אָפּט באַנוצט אין דער געוויינלעכער ליטעראַטור; און פאָרמירט אין פראַזן האַרטע, שטייפע, וואָס פאַרמאַטערן דעם לייענער, דעם מעיין, ווייל זיי פאָדערן אַ שטאַרקערע קאָנצענטרירונג פון געדאַנק, אַ מיזאַמע אָנשטרענגונג פונם מוח צו אריינ־דרינגען אין דעם געדאַנק, וועלכער איז פאַרבאָרגן אין זיין אויסדרוק אין אַזעלכע קורצן פראַזן.

אין קעגנטייל, זיינען פאַראַן סטילן גרינגע און ווייכע, ווי דער סטיל פון פאָלקס־ביכער אָדער פון מדרשים, מוסר־ספרים אָדער ספרים פון חסידות. פון אַזאַ סיגנון שטראָמט מיט ווייכקייט, מיט צערטלעכקייט, מיט זעלישער וואַרעמ־קייט; אָבער, געוויינלעך צייכנט זיך אַזאַ סטיל אויס מיט מערקווירדיקער צע־צוויגנקייט, מיט אַן איבערפלוס פון ווערטער־רייכקייט, מיט אַ ווידערהאָלונג פון פראַזן.

רש"ים סיגנון און זיין פירוש צו תלמוד, איז אויך אַ מערקווירדיקע סינ־טעזע פון די מעלות פון די דערמאָנטע צוויי טיפּן סטילן. ער איז זייער קורץ, איינגעפּרעסט — אַ קורצקייט אַן עלאַסטיצירטע — און אין דער זעלביקער צייט איז ער ווייך, לייכט און בילדלעך; ער איז דורכגעזאַפּט מיט צערטלעכ־

קייט, די אויסדרוקן זיינען קלאָר און די פראַזעס זיינען אויסגעפורעמט קאַנטיק און ארומגעשליפן; און ניט געקוקט אויף דער מערקווירדיקער קורצקייט און שפּאָרזאַמקייט אין ווערטער, לייענען זיך די פראַזעס און די גאַנצע אָפּזאַצן מיט אַ וואונדערבאַרער לייכטקייט.

אַ מענטש קומט צו אומגעדולדיק, פאַרטראָגן אין דעם פּלאָנטער פון געדאַנקען; ער עפנט אויף רש"יס פירוש אויף תלמוד און, ווי פון זיך אליין, הויבט ער אָן צו לייענען לאַנגזאַם; ער דרינגט ביסלעכווייז אריין, אָן איבעריקע שוועריקייטן אין דעם ענין און זיינע געדאַנקען הויבן אָן אויסגעהייטערט צו ווערן; אומבאַמערקט און אָן שום אָנשטרענגונג, — ער גיט זיך כמעט קיין חשבון ניט אָפּ, און ער איז שוין אריינגעקומען טיף לפני ולפנים אין דער סוגיא — דאָס איז דער וואונדער פון די באַזונדערע אייגנשאַפטן פון רש"יס סטיל אין זיין פירוש צו תלמוד.

## באַנייטער אויסדרוק פאַר תלמודישע קאָנצעפּציעס

און אַזוי האָט פיל געהאָלפן רש"יס סיגנון, מיט זיין לייכטן געמיט און צוגענגלעכן, אָנציענדיקן הסבר, צו אריינציען דאָס פאָלק אין דעם לערנען פון תלמוד, צו מאַכן דעם תלמוד פּאָפּולער און דערגרייכבאַר פאַר די ברייטע מאַסן פון פאָלק, ניט בלויז פאַר זיינע לערנערישע קרייזן.

רש"יס סטיל אין זיין פירוש צום תלמוד איז אַ מערקווירדיקער, אָן איינציקע דערשיינונג אין איר אַרט. קיין איין איבעריק וואָרט איז אין דעם פירוש ניטאָ; קיין איין איבערגעחזרט וואָרט. דער דאָזיקער סטיל פאַרמאָגט אי די לויטערקייט און געשליפנקייט פון אַ וויסנשאַפטלעכן סטיל און אין דער זעלביקער צייט גלעט ער, וואַרעמט און רופט ארויס אַ געפיל פון עמאָציע אין דעם געמיט פון דעם לייענער און לערנער, ווי דער געפיל וואָס מען פילט לערנענדיק אָדער לייענענדיק מדרש־ספרים אָדער פאָלקסטימלעכע.

אין דער צייט פון דער גמרא האָט מען ניט געקענט פאָרזעצן צו שאַפן אין דעם לייכטן, ארומגעהאַקטן און פּרעציזן סטיל, אין וועלכן די משנה איז געשאַפן געוואָרן; מען האָט אין דער צייט ווען די גמרא איז אויסגעפורעמט געוואָרן, געמוזט זיך באַנוצן מיט אַ לייכטן, און עטוואָס מער צעצויגענעם סטיל, פאָלגלעך ניט אַזאַ שטייפן, נאָר אדרבה אַ ווייכן. אמת, אין העברעאיש זיינען אויסגעדריקט געוואָרן נאָר די מער קורצע מימרות; דער גאַנצער שקלא

וטריא אָבער און די פּאָלעמישע קאָמענטאַרן זיינען געשריבן אין אַראַמיש. די העברעאישע שפּראַך האָט דאַן שוין אויפגעהערט צו זיין וואַכזאַם, האָט אויפגעהערט צו שאַפן לעבעדיקע בילדער, ווייל מען האָט דאַן זיך שוין ניט באַנוצט מיט איר אין אַלע ווינקלען פון לעבן.

אין רש״ים צייט האָט מען שוין געפילט אַ באַדערפעניש צו שאַפן אויסדריקן פאַר נייע באַגריפן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען פּאַראַלעל און איינצייטיק מיט דער פאַרמערונג פון די פירושים אויף תלמוד.

רש״י מיט זיינע גאַונישע פעאיקייטן און באַזונדערן שפּראַך-אינסטינקט האָט פאַר זיך באַשאַפן אַ נייעם סטיל-און־שפּראַך - אויסדרוק, אויסגעפורעמט אויף אַ העכסט נאַטירלעכן אופן, ריין גענעטיש, וואָלט איך זאָגן, ניט דורך דערפינדן נייע ווערטער, נייערט דורך דעם צירוף, דורך אויסגעצייכנטע קאָמבינאַציעס פון ווערטער און אַלטע שפּראַך־אויסדרוקן און אידיאָמאַטישע פאַרמען. ער האָט אויף אַ וואונדערלעכן אופן געוואוסט ווי און ווען צו אַריינגעבן אין דעם אַ נייעם זינען, אַ נייעם באַנוץ-אינהאַלט; אָדער ווען און וואו צו צעשניידן זיי, צעטיילן זיי, די אַלטע אויסדריקן אויף זייערע באַשטאַנדטיילן און קאָמבינירן זיי פונדאַסניי, אין אַ נייער פאָרם, אויף אַ גאַר נייעם אופן, כדי זיי זאָלן ווערן גאַנץ נייע אויסדרוקן פאַר נייע באַגריפן. ער האָט געוועלטיקט אין אַלע אוצרות פון דער שפּראַך און האָט מאַנעווורירט און דיספּאָנירט, פאַרוואַלטעט און געשאַפן מיט די דאָזיקע אוצרות, כאדם העושה בתוך שלו; אָבער מיט אַ וואונדערבאַרער נאַטירלעכקייט, מיט אַ געניאַלער שפּראַך־שעפערישקייט, אָן דער מינדסטער געקינסטלטקייט פון ווערטער-און-אויסדרוקן פאַבריקאַציע.

דורך רש״ים שפּראַך סטיל איז, אַזוי אַרום געשאַפן געוואָרן, אויטענטיש און אָריגינעל, דער טיף אורשפּרונגלעכער אויסדרוק פאַר תלמודישע באַגריפן און קאָנצעפּציעס; דער אויסדרוק פאַר די באַגריפן און ענינים פון תלמוד איז דאָ, אַרויסגעקומען אַזוי ריין, גרינטלעך, עקזאַקט און פּרעציז, ווי ער איז אויסגעוועבט געווען אין די מוחות פון די שעפער פון תלמוד.

## רש״ים איינפלוס אויף דער העברעאישער ליטעראַטור

רש״ים השפעה איז גרויס געווען אויף דעם אידישן מענטשן אין פּרט פון אַריינציען אים אין לערנען תלמוד; זיין השפעה, אָבער, אין פּרט פון שפּראַך

און סטיל איז געווען און איז ניט קלענער אויף די העברעאישע שרייבער און אויף די שפּעטערע אין העברעאיש, אויף שפּעטערע פון דער רבנישער, ווי פון דער וועלטלעכער ליטעראַטור.

די קורצקייט און עלאַסטישקייט פון זיין שפּראַך מיט דער קאָנצענטריר־טער לירישער ווייכקייט און האַרציקער וואַרימקייט, וואָס זיין סטיל פאַרמאָגט, האָבן דירעקט און אומדירעקט באַווירקט שריפטשטעלער און דיכטער. מען זעט און מען דאַרף זען אין זיין סטיל און אין זיין פאָרמע אַ קלאַסישן מוס־טער פון אַ נאַטירלעך, פון אַ טיף־אָריגינעלן העברעאישן סטיל, אַן אורשפּרונג־לעך העברעאישע שפּראַך־פאַרמאַציע, אַן ענלעכע צו וועלכער מען דאַרף שטרעבן און אָנשטרענגען זיך צו דערגרייכן.

רש״ים פירוש איז נאָך אויך איצט צו טאָג משפּיע, ווי אויף בני־תורה אַזוי אויף מענטשן, וואָס האָבן אַ באַציאונג אָדער נאָענטע שייכות מיט דער העברעאישער ליטעראַטור; זיין פירוש באַזיצט נאָך איצט צו טאָג אינגאַנצן די זעלביקע באַפרוכפערנדיקע פייכטקייט און באַ׳טעמ׳טקייט, ווי אין דעם טאָג ווען דער פירוש איז פאַרפאַסט געוואָרן. אדרבה, וואָס מער מיר האָבן זיך דערווייטערט פון דעם פירוש, אַלץ מער נויטיקן מיר זיך אין אים. און אַלץ וויכטיקער איז די השפּעה, וואָס דער פירוש איבט אויס דירעקט און אומדירעקט אויף דער העברעאישער ליטעראַטור און אירע צוויי אָפּצווייגונ־גען: די רבנישע און די וועלטלעכע.



דורך דעם נעבל פון דורות, פון 900 יאָריקער ווייטקייט, שיינט אַרויס פאַר אונדז דאָס געשטאַלט פון אונדזער גרויסן גאון און נאַציאָנאַלן קאָמענטאַטאָר ר ש " י. אָן אים וואָלט די אידישע אומה געוואָרן בלוט־אָרעם, און עס וואָלט איר געווען שווער צו שפּינען ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדים פון אייביקייט. אַ דאַנק זיינע גייסטיקע אייגנשאַפטן, מאָראַלישער ריינקייט, אָריגינעלער שאַפונג און גרויסער ווירקונג איז ער, ר׳ שלמה יצחקי, געוואָרן ביים אידישן פאָלק איינער פון די וואונדערבאַרסטע פיגורן. מיט זיין אַרבעט אויפן געביט פון קאָמענטאַרן איבערן תלמוד און דער ביבל האָט ער זיך געשטעלט בראש פון די גרויסע אידישע מפרשים.

פאַר רש״ין איז דער „ביאור" געווען אַ מין „תפילה זכה" און גייסטיקע אונטערטעניקייט צוזאַמענגענומען. אין דער גאַנצער מסורה האָט ער געזען איין גרויסע פאָרזעצונג, איין המשך, איין גאַנג פון אָרט צו אָרט און פון לאַנד צו לאַנד.

אַזוי ווי דער משכן אין משה׳ס צייטן וועלכער האָט באַגלייט די אידן אין אַלע זייערע וואַנדערונגען, אַזוי האָט רש״י באַגלייט דעם אידישן פאָלק אין אַלע זיינע גלות־לענדער; וואו דאָס פאָלק האָט געוואַנדערט איז רש״י מיט אים מיטגעגאַנגען. דערפאַר איז ביי אידן זעלטן געווען צו געפינען איינעם, אפילו צווישן דעם פּראָסטן המון, וואָס זאָל ניט ווערן באַאיינפלוסט פון רש״ים גייסטיקע שאַפונגען.

אין דער פּערזאָן פון רש״י געפינען מיר ניט נאָר דעם סימבאָל פון דעם גאון פון זיין דור אליין, נאָר אויך שטריכן און סימנים פון דעם גאַנג פון דעם גאַנצן אידנטום. ער איז דער מאָן פון גרויסן גייסט און טיפער קענטעניש. ער איז געוואָרן דאָס ליכט פון אונדזער לעבן. יעדער איז געוואָרן באַאיינפלוסט פון זיין גייסט, אַלע זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך זיין ליכט. יעדער האָט פון אים געלערנט און לערנען נאָך פון אים ביז היינט צו טאָג.

די פּערזענלעכקייט און אויפטו פון רש״י מאַכט דעם איינדרוק, ווי אין איין גייסטיקן קוואַל וואָלטן זיך צונויפגעגאָסן אַלע מוחות פון די דורות, אַלע געפילן פון די הערצער.

רש״י איז פאַרעכנט ביי דער גאַנצער אידישער וועלט אַלס דער גרעסטער נאַציאָנאַלער קאָמענטאַטאָר. זיין הויפּט-אַרבעט האָט זיך קאָנצענטרירט אין זיין ריזיק ווערק פאַר וועלכן ער האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ לעבן: זיין פּירוש אויפן תלמוד בבלי. אין משך פון 900 יאָר האָט זיך נישט געפינען צווישן די גרויסע אידישע תלמודיסטן קיין איינער וועלכער זאָל צווייפלען אין דער גרויסקייט פון רש״ים פּירוש. אין משך פון אַ סך דורות איז רש״י געווען ביי אונדז דער גרויסער דערציער פונם גאַנצן פאָלק, אָנהויבנדיק פונם רב, ראש ישיבה און ענדיקנדיק מיט די חדר-קינדער. זיין שטאַרקע ווירקונג אויף אַלע שיכטן פונם אידישן פאָלק איז געווען אומבאַגרעניצט און דווירעהאַפט. רש״ים פּירוש איז ווי אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל פון וועלכן אַלע אידן, אָן אונטערשייד פון קלאַסן און ריכטונגען, פלעגן שעפּן זייער ליבע און איבער־געגעבנהייט צום אידנטום און צו זיינע גייסטיקע אוצרות.

„רש״י איז ווי אַ „צווילינג-ברודער״ פון אונדזער הייליקער תורה״ — לויט ר׳ נחמן בראַסלאַווער — ווייל „קיין אידיש קינד לערנט קיין חומש אָדער גמרא אָן זיין פּירוש״. מיטן תלמוד האָט ער זיך אָפּגעגעבן אין אַזאַ מאָס, אַז פאַר אים איז ניט פאַרבליבן קיין שום פאַרבאָרגענע און פאַרבאַהאַלטענע זאַך. און ווען ניט ער און זיינע פּירושים וואָלט דער תלמוד פאַרבליבן אַ פאַרזיגלט בוך, און אפשר גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. רש״י איז געווען דער ערש־טער וועלכער האָט געקענט מסביר זיין דעם תלמוד פאַר אַלע אידן, פאַר גרויס און קליין, פאַרן למדן און אָנפאַנגער און אויך פאַר יעדן פּשוטן אידן. ער איז געווען דער גרויסער מייסטער און קינסטלער פון העברעאישן וואָרט, דורך וועלכן ער האָט געקענט מאַכן צוגענגלעך פאַר יעדן איינעם דעם לשון פון דער גמרא.

רש״ים פּירוש אויפן תלמוד שטייגט איבער אַלע פאַרגאַנגענע און ער האָט ניט זיין גלייכן וואָס זאָל אריינדרינגען ווי ער אין די טיפענישן פון דעם ים-התלמוד. דער תלמוד איז אין די צייטן פון די גאונים געווען פאַר דער מערהייט פון דעם אידישן פאָלק ווי אַ פאַרזיגלט בוך. זיי, די גאונים, האָבן זיך דערלויבט צו קאָמענטירן די טיילן וואָס האָבן אַ שייכות צו דינים און רעליגיעזע געזעצן. און רש״ים פאָרגייער, רבנו גרשם און זיין קרייז האָבן אמת, שוין פיל יאָרן פריער געשאַפן אויפן געביט פון תלמוד, זיי האָט אָבער געפעלט דער אינערלעכער און אַלגעמיינער אָנזיכט — שטאַנדפּונקט. זייערע קאָמענטאַרן אויפן תלמוד זיינען ניט געווען קלאָר, ניט גענוג דייטלעך און

פֿאַרשטענדלעך פֿאַר מענטשן מיט מיטלמעסיקע פֿעאיקייטן און מיט קליינע ידיעות. רש״ים פּירוש אויפֿן תּלמוד איז איינפֿאַך, לאָגיש און קלאָר, סיסטע-מאַטיש און אויך אָביעקטיוו — מעלות וואָס ביי זיינע פֿאָרגייער געפֿינען זיי זיך ניט. און זייער ריכטיק האָט אים אָפּגעשאַצט ר׳ אליעזר בר׳ נתן (ראב״ן): „רש״י האָט געגעבן דעם אידישן פֿאָלק אַ דריטע תּורה״ — נאָך דער משנה און גמרא האָט רש״י געשאַפֿן זיין תּורה — דעם פּירוש אויפֿן תּלמוד, און ווי נאָר זיינע פּירושים זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, זיינען זיי אויפֿגענומען געוואָרן מיט דער גרעסטער פֿרייד אין אַלע גלות-לענדער.

דער כּבוד פֿון זיין תּורה איז געווען גרויס סיי צווישן די ספֿרדים און סיי צווישן די אשכּנזים. אַלע פֿריערדיקע פּירושים וואָס פֿאַר רש״ין זיינען פֿאַרגעסן געוואָרן, און כּמעט רבּנו גרשם „די ליכט פֿון גלות״, וואָס האָט — ווי שוין געזאָגט — אַ סך געאַרבעט צו קאָרעגירן דעם תּלמודישן טעקסט, ער זאָל זיין ריין פֿון גרייזן, און האָט שוין געהאַט פֿון פֿריער אַרויסגעלאָזט אַ מין חרם, אַז קיינער זאָל זיך ניט דערלויבן מער צו קאָרעגירן דעם תּלמוד און זיינע נוסחאות, האָט רש״י דאָך צוליב דעם זיך ניט צוריקגעהאַלטן פֿון זיין נוצלעכער אַרבעט. ווייל נאָכהער אפֿילו ווי רבּנו גרשם האָט פֿעסטגע-שטעלט אין זיין קאָרעקטור דעם ריכטיקן טעקסט פֿון תּלמוד, האָט רש״י נאָך געפֿונען הונדערטער גרסאות, וועלכע מען האָט באַדאַרפֿט באַפֿרייען פֿון גרייזן און פֿעלערן. זיין ערשטע אַרבעט אין טרויא, אין זיין ישיבה, איז געווען צו רעווידירן די פֿאַרשידענע נוסחאות און פֿון צווישן זיי אויסצוקלייבן דעם ריכטיקן און אייגנאַרטיקן טעקסט, און נאָכדעם, און אויף דער באַזע האָט ער געשאַפֿן זיין פּירוש, וועלכער איז דער פּאָפּולערסטער און דער קלאָרסטער פֿון אַלע פּירושים.

רש״ים פּירוש אויפֿן תּלמוד איז פֿאַראַן אין דריי אויפֿלאַגעס. פֿון דעם אונטערשייד פֿון די דאָזיקע אויפֿלאַגעס רעדן אויך די תּוספֿות-שרייבער, און זיי דערמאָנען ווי אַזוי רש״י האָט קאָמענטירט דעם תּלמוד אין זיין ערשטער אויפֿלאַגע און ווי אַזוי ער האָט אים קאָמענטירט אין דער לעצטער אויפֿלאַגע. און די אויפֿלאַגע וועלכע געפֿינט זיך ביי אונדז איז די לעצטע (ניט אויף אַלע מסכתּות איז פֿאַרבליבן די לעצטע „מהדורא״).

רש״י אַליין, אין זיינע פּירושים דייטעט אָן וועגן דעם און דערמאָנענדיק די ערשטע אויפֿלאַגע זאָגט ער: „ביז איצט האָב איך קאָמענטירט אַזוי און אַזוי, און פֿון היינט אָן און ווייטער קאָמענטיר איך פֿונדאָסניי״.

רש״י האָט ניט זוכה געווען צו פאַרענדיקן זיין פּירוש אויפן גאַנצן תּלמוד. ער איז געשטאָרבן, ווען ער האָט געהאַלטן אינמיטן פון דעם פּירוש פון דעם דריטן פּרק פון דער מסכתא „מכות״ און וואָס עס האָט פאַרענדיקט זיין איידעם און תלמיד, ר׳ יהודה בן נתן (הריב״ן). אַזוי האָט ער אויך ניט פאַרענדיקט די מסכתא „בבא בתרא״ און דעם פּרק ערבי־פּסחים, און ביידע האָט דערגענצט זיין אייניקל און תלמיד ר׳ שמואל בר׳ מאיר (רשב״ם). קיין איינלייטונג צום תלמוד האָט רש״י ניט געשריבן. און דאָס דאָזיקע ווערט דורך אים אליין אָנגעדייטעש אין דער גמרא (עבודה זרה יט, ע״א): „זאָל דער מענטש לערנען פריער פון זיין רבין ביז וואַנען די גירסא פון תלמוד און זיין פּירוש זאָלן אים גענוג קלאָר זיין, און ערשט נאָכדעם זאָל ער נאָכזען און נאָכדענקען אין תלמוד, פאַרגלייכנדיק איין וואָרט צום צווייטן, פרעגנדיק פראַגן און פאַרענטפערנדיק זיי. אָבער אין אָנפאַנג, זאָל ער אַזוי ניט טון, ווייל טאָמער וועט ער זיך מבטל זיין און נישט קאָנען לערנען און דער רבי וועט קיין צייט ניט האָבן. אָבער ווען ער וועט דאָס פריער טון וועלן ממילא ביים לערנען גופא פאַרענטפערט ווערן זיינע פראַגע״.

צוויי הויפּט־זאַכן האָט רש״י אינזינען געהאַט מיט זיין פּירוש, די גירסא — דאָס הייסט: צו געפינען דעם ריכטיקן טעקסט און דעם ריכטיקן און פּינקטלעכן פּירוש. ער זוכט ניט אין תלמוד אַזויפיל די גזעצלעכע רעליגיעזע זייט פון דער הלכה, ווי, דער עיקר איז ביי אים, די באַלייכטונג, דער ריכטיקער פאַרשטאַנד פון די חלוקי דעות און אונטערהאַנדלונגען. ווייל וועלנדיק שטענדיק פאַרבלייבן נאָר קאָמענטאַטאָר און מפרש, איילט ער זיך ניט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג און אורטייל בנוגע דער קריטיק פון אינהאַלט.

אין רש״ים פּירוש איז ניטאָ קיין איבעריק וואָרט. מיט איין וואָרט פאַרענטפערט ער אַ סך פראַגן און איז כולל אַ סך תירוצים אויף פיל קשיות. עס ווערן כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציאונג פון רש״ין צום אופן, ווי אַ פּירוש דאַרף ווערן געשריבן, אין פאָלגענדער אָנמערקונג, וואָס ווערט דערציילט וועגן רש״ין: ווען ער איז איינמאָל קראַנק געוואָרן, האָט ער געבעטן זיין אייניקל און תלמיד דעם רשב״ם, אַז ער זאָל פאַרענדיקן דעם פּירוש אויף אַ געוויסן פּרק. ווען רש״י איז געזונט געוואָרן, האָט דאָס אייניקל געבראַכט דעם מאַנוסקריפּט. עס איז געווען אַ גאַנצער פּאַק מיט אָנגעשריבענע יריעות. „אויב דו וועסט אויף אַזאַ אופן שרייבן אַ פּירוש אויפן גאַנצן תלמוד —

האָט אים רש״י באַמערקט גוטמוטיק — וועט ער זיין אַזוי שווער, אַז מען וועט אים דאַרפן פירן אויף אַ וואָגן״...

רש״יס ציל איז געווען צו ווייזן אונדז, מיט זיין פירוש, דאָס ביבלישע און תלמודישע אידנטום. זיין פירוש איז דער ערשטער און געלונגענטסטער פאַרזוך צו קאָמענטירן דעם תלמוד אויף אַ פּאָלקסטימלעכן אופן, און נאָר אַזאַ פשטן און לויטערער קאָמענטאַטאָר ווי ער האָט דאָס געקאָנט באַווייזן. זיין פירוש אַנטהאַלט אין זיך חכמה, געלאַסנקייט, לויטערקייט, חריפות און טיפקייט.

---

רש״י איז באַרימט געוואָרן ניט בלויז אַלס תלמוד־דערקלערער. ער איז ניט ווייניקער באַוואוסט מיט זיין פירוש אויף דער תורה, נביאים וכתובים. רש״יס פירוש אויף תנ״ך איז צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי יסודות: דער קאָמענטאַטאָרישער און דער דרש-לעגענדאַרישער. אָבער ער באַטאָנט שטענ־דיק דעם אונטערשייד וואָס ליגט צווישן פשט און דרש. זאָגנדיק דערביי: „זאָל זיך די דרשה דרשנען, דער פסוק אָבער גייט ניט אַרויס פון זיין פשט״. פאַר זיין קאָמענטאַר אויף דער ביבל האָבן אויף רש״ין געווירקט אוממיטלבאַר צוויי שטרעמונגען, צוויי שיטות: די „דרשנים״ און די „קראים״ (פון וואָרט קראי — מקריא התורה). די דאָזיקע צוויי סיסטעמען האָבן צוגעגעבן זיין ביאור אַ באַזונדער בילד.

די „דרשנים״ האָבן קאָמענטירט איינצלנע פסוקים און באַזונדערס האָבן זיי זיך באַשעפטיקט מיט דער פאַרקירצונג פונם פסוק און „ראשי־תיבות״ (נוטריקון), מיטן חיבור פון די אותיות און זייערע מספרים (גימטריה) און מיט רמזים, וואָס האָט זיי געגעבן פיל פרייהייט פאַר זייער פאַנטאַסטישן שוואונג צו פאָרמולירן דרשות. דאָס איינצלנע וואָרט און זאָגאַר די טיילן פונם וואָרט איז געווען דער יסוד פון דעם דרוש. אויף אַזאַ אופן האָט זיין קאָמענטאַר ניט געקענט פאַראַלגעמיינערן און פאַרבינדן דעם פירוש, נאָר ער פלעגט אים צעברעקלען אויף קליינע טיילן. די דאָזיקע „דרשנים״ האָבן געשאַפן פאַר־שידענע קאָמענטאַרן אויף איינצלנע פסוקים. דער יסוד וועגן דעם איז געווען אַז „איין פסוק קען דינען פאַר פיל טעמים״, דאָס איז אָבער געווען קעגן דער שיטה פון די „קראים״, וועלכע האָבן געשטרעבט צו געפונען דעם איינפאַכן און גענויען פירוש. און האָבן זיך געהאַלטן ביים תלמודישן געזעץ אַז „דער פסוק גייט ניט אַרויס פון זיין פשט״. די קראים האָבן זיך באַשעפטיקט

ניטן ביאור פון תנ"ך און זיי האָבן עס געטון ווי לערער פון פאָלק, וועלכע פלעגן קאָמענטירן און אויפקלערן פאַרן המון די אידישע תורה. זיי פלעגן ווי עס שיינט, זיך באַשעפטיקן מיט דער פאַרטייטשונג פון דער ביבל, טיילווייז, אָדער אינגאַנצן, אויף דער לאַנדעס־שפּראַך. און פון דעם האָבן געשטאַמט די „בלעזן" (פרעמד־שפּראַכיקע ווערטער). אין רש"ים פּירוש אויף תנ"ך זיינען פאַרטראָטן ביידע עלעמענטן, אין אַ וואונדערבאַרער סינטעזע, און אַ דאַנק דעם איז זיין פּירוש אויף תנ"ך געוואָרן אַ פאָלקס־בוך. ניט זיין וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער, ניט זיין פּינקטלעכע און וואונדערבאַרע שפּראַך, ניט די שטרעבונג פונם מחבר צום גענויען און ריכטיקן קאָמענטאַר און אויך ניט אַלע זיינע אַנדערע מעלות האָבן אים דערהויבן צו אַזאַ גרויסער מדרגה, ניט דאָס האָט אים געמאַכט אומשטערבלעך און פאַרן ליבלינג פון פאָלק, נאָר זיין געלונגענער פּרואוו צו פאַרייניקן די דאָזיקע צוויי ווייטע איינע פון דער אַנדערער שיטות, די פון פּשט און פון דרש אין איין פאָלקאָמען און גאַנצן סיסטעם. דערצו האָט רש"י באַזיצט אַ וואונדערבאַרן חוש פאַרן אויס־קלייבן פון דער גרויסער מדרשים-ליטעראַטור דווקא די שענסטע, די בעסטע און די פּאַסנדסטע מדרשים און אריינפּאַסן זיי, אויף אַ מערקווירדיק אָרגאַנישן אופן אין די פּסוקים, אויפן געהעריקן פּלאַץ.



משה שענדעריי

# די באַדייטונג פון רש״י פאַר דער ניט-אידישער וועלט



אין משך פון גלות האָבן אידן אויסגעאיבט אויף דער ניט-אידישער וועלט אַ פיל גרעסערע השפּעה ווי אַ סך ווילן עס האָבן און ווי זיי אליין, אפילו, גלויבן עס.

די „שטרייגגע" היסטאָריע האָט אונדז אָפּגעזאָגט דאָס לעבן זינט דעם חורבן. פאַר דער אָפיציעלער „וויסנשאַפט" עקזיסטירט ניט קיין פאָלק אָן זיין לאַנד און שטאַט; ווי באַלד דאָס אידישע לאַנד איז חרוב און דער שטאַט צעשטערט, האָט דאָס פאָלק אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די קאָמפּראָמיס־לאָזע „וויסנשאַפטלער" האַלטן אונדז פאַר ניט עקזיסטירנד זינט דעם ערשטן חורבן. אַנדערע זיינען מיטיב און געבן צו אַז מען קאָן אונדז נאָך רעכענען צווישן די לעבעדיקע ביזן צווייטן חורבן, ווייטער פון דעם גייט קיינער ניט. מער ווי צוויי מאָל איז אפילו דעם אידישן פאָלק ניט דערלויבט חרוב צו ווערן.

מיר גופא ווייסן דאָך אַז מיר עקזיסטירן, אָבער ניט אַלע פון אונדז זיינען מסכים אַז מיר האָבן אין משך פון גלות געלעבט אויף אַן אמת. ס׳הייסט געשאַפן אונדזער אייגענעם לעבן, וואָס איז היפּש באַ־איינפלוסט געוואָרן פון דער סביבה; אונדזער לעבן, אָבער, האָט גאָר היפּש געווירקט אויך אויף דער סביבה.

דער גלות שטעלט זיך אונדז ס׳רוב פאָר ווי איין לאַנגע קייט פון גזירות, רדיפות און בלבולים, הריגות און שחיטות, פון וועלכע מיר רוען אָפּ נאָר אין די הפסקות, און ראַטעווען זיך נאָר על פּי נס. קיין אַנדערע באַציאונגען מיט דער ניט־אידישער וועלט האָבן מיר כמעט ווי ניט געהאַט, און אויב אונדז איז דאָך אָנגעגאַנגען וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, ווייל עס האָט זיך פריער אָדער שפּעטער געמוזט אויף אונדז אָפּרופן, זיינען מיר איבערצייגט אַז דער ניט־אידישער וועלט איז לחלוטין אַלצאיינס געוועזן וואָס ביי אונדז איז פאָרגעקומען, ווייל וואָס פאַר אַ השפּעה האָט עס אויף איר געקאָנט האָבן?

באמת האָבן זיך די צוויי וועלטן ניט אויפגעהערט קעגנזייטיק צו באַ־איינפלוסן, און קיין איינער פון זיי איז ניט פאַרבליבן „אַלצאיינס" וואָס

אין דער צווייטער קומט פאַר. חוץ בלבולים און רדיפות, גירושים און הריגות, זיינען אויך געווען ויכוחים, מינדלעכע און שריפטלעכע, עקאָנאָמישע איג־טערעסן און אומפאַרמיידלעכע געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען פון שכנים, ווען אפילו פון ברוגזע שכנים. ניט אַלע גלות־יאָרן האָבן אידן אָפּגעפּינסטערט אין געטאָ, מיר האָבן געלעבט אויך אין און צווישן דער וועלט, דער ניט־אידישער, מיר האָבן זיך פון איר אָפּגעלערנט, מיר האָבן איר אָנגעלערנט; און די געטאָ גופא איז דאָך אויך ניט געווען ערגעץ אויף דער לבנה, נאָר דאָ, אויף דער זינדיקער ערד, טאַקע אין שטאָט, ווען אפילו אין אַ אָפּגעזונדערטן און אָפּגעשלאָסענעם קוואַרטאַל.

אידן זיינען ניט נאָר געווען „פאַרפלוכטע פּראַצענטניקעס“ און „פאַר־אַכטעטע אַלטוואַרג הענדלער“, זיי זיינען אויך געווען סוחרים און בעלי מלאכות, גוט־באַזיצער און דאָקטוירים, אפילו אייניקע זינגער און פּאָעטן און די ניט־אידישע שפּראַכן האָבן זיי אַרויסגעגעבן. מיט אידן האָט מען זיך געטראָפן אין טאָג־טעגלעכן לעבן; מען האָט זיך, קעגנזייטיק, באַאיינפלוסט דורך שטענדיקן פאַרקער. דער פאַקט וואָס די קירכע האָט געמוזט יעדעס מאָל אויספועלן נייע געזעצן וואָס זאָלן אָפּזונדערן אידן פון דער אַרומיקער סביבה איז דער בעסטער באַווייז, אַז עס איז קיינמאָל ניט געלונגען אָפּ־זונדערן אונדז אַזוי ווייט און אַזוי גוט ווי מען האָט עס געוואָלט דערגרייכן. דאָס געזעץ פון לעבן איז דאָס שטאַרקסטע פון אַלע געזעצן, און דאָס דאָ־זיקע געזעץ שטעלט פעסט, אַז מענטשן און פעלקער וואָס לעבן אין שכנות — אין וועלכער שכנות עס זאָל ניט זיין — מוזן זיך קעגנזייטיק באַאיינפלוסן. מיר קאָנען דערקענען ניט נאָר די סימנים פון דער אויסערלעכער השפעה אויף אונדז, נאָר עס זיינען אויך געווען ניכר די צייכנס פון אונדזער השפעה אויף דער ניט־אידישער וועלט.

שוין אויף דער היידענישער וועלט איבן מיר אויס אַ גרויסע ווירקונג. נעמען מיר, למשל, דעם שבת. אַ גענוג זאָנדערבאַרער אין יענער צייט איינ־פיר פון אַ וועכנטלעכן אָפּרו־טאָג. לויט דער טראַדיציע איז דער שבת אַ מתנה וואָס זיין ליבער נאָמען האָט געגעבן זיין אויסדערוויילטן פאָלק. עס איז אָבער אויך אַ סימן וואָס כאַראַקטעריזירט די אידישע אומה, ווייל באמת זיינען אידן אַ לאַנגע צייט פאַרבליבן דאָס איינציקע פאָלק וואָס האָט געהאַט אַט דעם מאָדנעם איינפיר פון אַן אָפּרו־טאָג איינמאָל אין וואָך. דער היידענישער וועלט האָט עס זייער און זייער ניט געשמעקט. נאָך אין

צווייטן יאָרהונדערט שפּאָט אָפּ דער רוימישער סאַטיריקער יוּוועגאַל פון די רוימער וואָס טאַנצן נאָך דעם אידישן מנהג פון אָפּהיטן שבת. אַ צווייטער רוימישער שרייבער באַקלאָגט זיך אויף די מאָדנע אָריענטאַלן וואָס פּטרן כמעט צוויי חדשים אין יאָר אויף שבתים. און אדרינוס קיסר פּ אַ ר-ב אָ ט אידן אָפּהיטן שבת...

עס איז שוין געווען אין סאַמע גלות, 70 יאָר נאָכן חורבן פון ירושלים און האַרט נאָכן דורכפאַל פונם בר־כוכבא־אויפשטאַנד, מיר זיינען געווען און פאַרבליבן אַבסאָלוט אימפּאָטענט צו אימפּאָנירן אויף כח אונדזער שטאַנד-פּונקט, אָבער דורך פרידלעכער השפעה און דורך ביישפּיל, האָט זיך דער אידישער פּרינציפּ פון אַ וועכנטלעכן אָפּרו-טאָג אימפּאָנירט. ווער עס פייערט אים אַ טאָג פריער פּ אַ ר שבת, ווער אַ טאָג שפּעטער נ אָ ך שבת, אַ יום-מנוחה פאַר אַלע.

און אויך דער „ענגלישער" שבת וואָס דרינגט אַלץ מער און מער אריין אין מאָדערנעם לעבנס-שטייגער איז, אורשפּרונגלעך, ניט מער ווי אַ מאָדיפיקאַציע פון דער אידישער געוואוינהייט צו מוסיף זיין מן החול על הקודש, און אָפּשטעלן אַלע אַרבעטן פון פרייטיק נאָך האַלבן טאָג.

דער גרויסער וועלט איז אַלזאָ, ניט אַ ל צ אַ יי נ ס וואָס ביי אונדז קומט פאָר אין אינערלעכן לעבן, פריער אָדער שפּעטער וועט זיך עס אויפן וועג פון גייסטיקער השפעה אויך אויף איר אָפּרופן, אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן. נאָך מער זיינען מיר פאַרבונדן מיט דער קריסטלעכער וועלט, צוליב דעם געמיינזאַמען אוצר, דעם אידישן תנ"ך וואָס איז אויך געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון די קריסטלעכע הייליקע שריפטן; און דערפאַר האָט דאָס לעבן און שאַפן פון רש"י, וועלכער איז געווען דער גרעסטער ביבל־דערקלערער פון זיין צייט און איינער פון די גרעסטע פון אַלע צייטן, אויך געמוזט האָבן אַן השפעה אויף דער ניט-אידישער וועלט. ווען אפילו אויבנאויפיק קען זיך דאַכטן, אַלס שטאַרק איבערטריבן די פּרעטענזיע, אַז דער פּירוש צו תנ"ך פון אַ אידישן רב אין דער שטאָט טרואַ זאָל קאָנען האָבן עפּעס אַ השפעה אויף דער אויסוויקלונג פון די רעליגיעזע און אפילו פון פּאָליטישע פּאַסירונגען אין דער גרויסער וועלט. עס איז אָבער פּאָרט אַזוי.

די באַשיידענע אַרבעט פון אידישן תנ"ך-פאָרשן האָט זיך טיף אָפּגערופן אויף דער קריסטלעכער וועלט און האָט אין יאָרנהונדערטער אַרום מיטגעבראַכט די גרויסע פּאָליטישע אויפטרייסלונגען וואָס האָבן געהאַט אַ גוואַל-

דיקע באַדייטונג פאַרן ווייטערדיקן גאַנג פון דער אַל־מענטשלעכער ציוויליזאַציע. דער פראַנצויזישער געלערנטער ערנסט רענאַן באַשטעטיקט עס אַן ספקות: „דער פּירוש פון רש״י האָט „געבוירן" ניקאָלאַס לירא און לירא האָט „געבוירן" לוטערן". ס׳הייסט אַז די גרויסע באַוועגונג פון דער קריסטלעכער רעליגיעזער רעפאָרם, דער פּראָטעסטאַנטיזם, האָט געהאַט אין רש״י איינעם פון אירע ווירקזאַמסטע אָנרעגער, וועג־אָנצייכנער און פאָרגייער.

מערקווירדיק איז דער גורל פון תנ״ך, פון אָט דעם אויסטערלישן בוך, וואָס לויט דער באַרימטער שרייבערין און רומענישער קעניגין קאַרמען סילוואַ „הויבן מיר אָן צו לערנען אין אונדזער פריעסטער יוגנט און קאָנען ניט געווג פאַרשטיין אין דער טיפסטער עלטער". געשאַפן אין גרעסטן טייל דורך די נ ב י א י ם — דער גלענצנדסטער אויסדרוק פון הויכער מענטשלעכער פשטות און געטלעכער תמימות — איז ער געוואָרן דאָס געצייג פון ד ר ש נ י ם וואָס האָבן געזוכט ניט נאָר א ו י ס ט ײ ט ש ן, נאָר אויך א ײ נ ט ײ ט ש ן און א ר ײ נ ט ײ ט ש ן אין גאַנס וואָרט.

אין דער העלפט פון צווייטן יאָרהונדערט איז די תורה שוין געדרש׳נט געוואָרן לויט דרייצן פעסטגעשטעלטע כללים, באַזירט אייניקע אויף לאָגיק, אַנדערע אויף עקזעגעטיק און נאָך אַנדערע אויף סכאָלאַסטיק. דער מדרש, אָבער, האָט גאָר קיין פעסטגעשטעלטע כללים ניט געהאַט, ער האָט אינטערפּרעטירט די תנ״ך פסוקים לויטן פרייען שוואונג פון זיין פּאָעטישער פאַנטאַזיע, און די דרשנים האָבן פעסטגעשטעלט וואָס עס דאַרף יאָ אַריינגענומען ווערן אין תנ״ך און וואָס עס באַדאַרף געלאָזט ווערן אין דרויסן, ווייל „די רייד זיינען סותר די תורה".

אין דער זעלבער צייט האָט אויך די פּרימיטיווע קריסטלעכע קירכע גענומען שאַפן אירע הייליקע שריפטן און רעדאַגירן פאַר איר איינענעם געברויך דעם נייעם ווי דעם אַלטן טעסטאַמענט. די פּאַטערס פון דער קירכע זיינען געווען זייער גראָטענע תלמידים פון זייערע אידישע רביים, זיי האָבן שוין געדרשנט און איינגעדרשנט ווי זיי איז וואויל־געפעלן. קיין מסורה האָבן זיי פאַר זיך ניט געהאַט, קיין ביבל אין אָריגינאַל אויך ניט. זיי האָבן נאָר געהאַט צו טאָן מיט איבערזעצונגען, מער ווייניקער פּינקטלעכע, איז וואָס מאַכט דאָ אויס אַזאַ אָדער אַנדער טייטש, מען האָט אפילו אַמאָל ביודעים געביטן אַ וואָרט, צוגעשטעלט אָדער אַראָפּגענומען אַ צווייטעס, בכדי דער געדאַנק זאָל אַרויסקומען „ריכטיקער און קלאָרער".

פון די פיר הויפּט־מעטאָדן צו אינטערפּרעטירן דעם תנ״ך : פּרד״ס, פּשט, רמז, דרש און סוד, איז דער ערשטער, דער פּשוטער פּשט כמעט ווי גענצליך פאַרלאָזן געוואָרן, דערפאַר זיינען געשטאַנען אָפן די אַנדערע דריי וועגן, אָבער נאָר לומדים, שאַרפע מוחות האָבן געקאָנט גיין אויף זיי, דאָס פּראָסטע פאָלק האָט צו זיי ווייניק צוטריט געקענט האָבן.

געוויס האָט מען אין אַלע אידישע שולן געלייענט רעגלמעסיק דריי מאָל אַ וואָך אין דער הייליקער תורה, שבת און יום־טוב פלעגט מען אויך אויס־דערוויילטע שטיקער פון די נביאים לייענען; אָבער „לייענען״ אַלס אַ טייל פון דער רעליגיעזער ליטורגיע, אויף אַ שפּראַך וואָס ניט אַלע האָבן שוין דאַן לייכט און גענוג פאַרשטאַנען, איז ווייט ניט דאָס זעלבע ווי לייענען פאַר איינגענעם גענוס וועגן, און אריינצודרונגען אין מיין פון געזאָגטן, יעדערער לויט זיין הבנה און געפיל. מיט דער צייט זיינען די תרגומים פון דער ביבל אַרויס פון געברויך, די שפּראַכן, אויף וועלכע זיי זיינען געשריבן געוואָרן זיינען אָפּגעשטאָרבן; אידן האָבן אויסגעוואַנדערט אין אַנדערע לענדער און גאַנץ וואָרט פון די נביאים איז געקומען נאָר דורך די אויסטייטשונגען פון דרשנים, וואָס האָבן אַמאָל פאַרטונקלט זייער אינהאַלט, אַמאָל אריינגעלייגט אין זיי זייער הויכע אָבער דאָך איינגעטייטשטע געדאַנקען, אַזוי אַז די אומ־מיטלבאַרע השפּעה פון דעם תנ״ך איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

ביי די קריסטן איז עס נאָך פיל ערגער געשטאַנען. די ביבל חוץ ספר תהלים איז געווען פאַרבאָטן פאַרן איינפאַכן עולם, די גייסטלעכע וואָס האָבן אין איר יאָ געמעגט אריינקוקן האָבן אין איר ניט צופיל פאַרשטאַנען; גריי־כיש און לאַטיין, די צוויי שפּראַכן אויף וועלכע די קריסטלעכע ביבל איז געווען איבערגעזעצט זיינען שוין געווען כמעט אָפּגעשטאָרבן, און די אויס־טייטשונגען און אריינטייטשונגען פון די קריסטלעכע דרשנים האָבן נאָך מער פאַרטונקלט דעם אינהאַלט פון דער אידישער נבואה. דער תנ״ך איז פאַר דער גרויסער וועלט געבליבן ווי אַ טויט בוך; און אפילו פאַר זיינע שע־פער, די אידן, האָבן די פּשט׳לעך פון די דרשנים פאַרשטעלט די העלע ליכט פונם פּשוטן פּשט פון די נביאים.

און די וועלט האָט זיך גראָד דאַן, ווי אַלעמאָל, גענויטיקט אין דער השפּעה פון דער עכטער אידישער נבואה. לויט דעם באַרימטן ענגלישן היס־טאָריקער און נאָוועליסט־פילאָזאָף ה. זש. וועלס האָבן : „די אידישע נביאים פון דער גלות-בבל עפּאָכע באַצייכנט די אַנטשטייאונג פון אַ נייער מאַכט

אין דער װעלט, די מאַכט פון פערזענלעכע מאָראַלישע אױפפאָדערונג. א רוף צו פרײען מענטשלעכן געװיסן קעגן די פעטישן־קרבנות און שקלאַפישער אונטערטעניקײט, װאָס האָט ביז דאַן געהאַלטן געצװימט און געפּענטעט דעם מענטשלעכן מין".

רש"י איז דער ערשטער און גרעסטער פּאָפּולאַריזירער פון תנ"ך. אױב פאַר אונדז אידן איז זײן באַדײטונג גרױס אױך צוליב זײן װאונדערבאַרער אױסטײטשונג פון תלמוד־בבלי, קומט זײן באַדײטונג פאַר דער ניט־אידישער גרױסער װעלט בעיקר דורכדעם װאָס ער האָט אָנגעשריבן דעם ערשטן, סיסטעמאַטישן פּירוש צום גרעסטן טײל תנ"ך. פאַר אונדז איז אמת דאָס באַרימטע רבנישע װאָרט, אַז: „װען ניט ער װאָלט דער דרך פון תלמוד בבלי פאַרגעסן געװאָרן ביי אידן", און פאַר דער קריסטלעכער װעלט קאָן מען זאָגן, אַז װען ניט רש"י, װאָלט די ביבל קײנמאָל ריכטיק ניט פאַרשטאַנען געװאָרן פון ניט־אידן.

מיטן שרײבן זײן פּירוש אױף העברעאיש האָט רש"י מיטאַמאָל געבראַכט דעם תנ"ך צוריק צו זײן אור־אַלטער אײביקער יונגקײט, צו זײן הױכער מענטשלעכער באַדײטונג, צו זײן טיפער געטלעכער פּשטות. פּירוש רש"י איז דער ערשטער פּרואװ אומצוקערן דעם תנ"ך צו זײן פּראָסטן פּשט און װי יעדער ערשטער פּרואװ איז ער ניט אינגאַנצן אױסשעפּנדיק. רש"י האָט זיך ניט געקאָנט נאָך אינגאַנצן באַפרײען פון דרוש, װען אפילו אױך אין די מדרשים און דרושים װאָס ער ברענגט, איז ער, הױפּטזעכלעך, פּשוט.

אָבער דער ערשטער שריט, איז דאָך געמאַכט געװאָרן. רש"י װערט באַטראַכט און מיט רעכט, װי דער ערשטער פּאָפּולאַריזאַטאָר פון תנ"ך, פּונקט װי עזרא װערט מיט רעכט באַטראַכט װי דער גרעסטער פּאָפּולאַריזאַטאָר פון דער תורה. דורך פּירוש רש"י האָבן אידן װאָס זײנען אַרױס פון עם־הארצות און געקאָנט אַ קלײן ביסל העברעאיש, געקראָגן אַ שליסל צום ספר הספרים. מיטן נײעם פּירוש האָבן זײ דעם תנ"ך פאַרשטאַנען און באַגריפן, דערפאַר טאַקע אָנגעהױבן אַלץ מער און מער צו לערנען. רש"י האָט טאַקע הפנים געמוזט אין זינען האָבן אָט דעם שיכט פון פאָלקס־מענטשן, האַלבע לומדים װאָס װאָלטן מיט דער הילף פון אַ געשריבענעם פּירוש געקאָנט אַלײן לערנען, סײ תנ"ך, סײ תלמוד. דאָס האָט ער פאַר זײערטװעגן אַרײנגענומען אין זײן פּירוש די קנאַפּע דרײ טױזנט בלע"ז — פרעמד־װערטער פון דער דאַמאָלסדיקער און דאָרטיקער אומגאַנגס־שפּראַך צװישן אידן — פראַנצױ־

זיש. דער פירוש רש"י האָט געווים געבראַכט צו אַ געוואַלדיקן אויפשוואונג פון תנ"ך לערנען צווישן אידן.

פון אידן האָט זיך דער לימוד פון תנ"ך על דרך הפשט, אויסגעשפרייט אויך צווישן קריסטן. געווים ניט אין אַזאַ ברייטן פאַרנעם. אָבער וואָס מער און בעסער אידן האָבן געקאָנט תנ"ך, אַלץ מערער קריסטן האָבן אים געקאָנט לערנען. בעיקר די געלערנטערע צווישן זיי.

אַזוי דערמאָנט דער קריסטלעכער געלערנטער פון צוועלפטן יאָרהונדערט, ניקאָלאַי מאַניקאָריא, אייניקע פירושים אויף תנ"ך פון די אידישע חכמים און באַטאָנט ספּעציעל דעם פירוש פון רש"י. דער ענגלישער פילאָזאָף ראָזשער בייקאָן, וואָס האָט געקאָנט העברעאיש, האָט זיך באַנוצט אין זיינע שטודיומס פון תנ"ך מיטן פירוש פון רש"י. דאָס נעמלעכע האָט געטאָן אַ צווייטער געלערנטער פון דער זעלבער עפּאָכע, וויליאַם דע מאַרא, וועלכער דערמאָנט אויך רש"ין.

אָבער אויב קריסטלעכע מלומדים האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען צו באַקאָנען מיט תנ"ך דירעקט, איז די תנ"ך־אידעאָלאָגיע דערגאַנגען צו די קריסטלעכע מאַסן דורך זייער פאַרקער מיט אידן וואָס האָבן פלייסיק געלערנט תנ"ך מיט פירוש רש"י. און הונדערט יאָר נאָך רש"י, ברעכט אויס אין דרום־פראַנקרייך, וואו די אידישע קהלות האָבן וויניקער געליטן פון די קרייצצוגן, אַ קריסטלעכע אַפּיקורסישע באַוועגונג וואָס איז געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון תנ"ך. דאָס איז ניט געווען קיין אַפּיקורסות (הערעסיע) פון געלערנטע יחידים וואָס קאָנען ניט דורכקומען וועגן דאָגמאַטישע דיוקים, עס איז געווען אַ מאַסן־באַוועגונג, וואָס האָט ביים שיין פון תנ"ך דערזען די גאַנצע פינסטערניש פון דער דאָמאַלסדיקער קירכע. די אַפּיקורסישע באַוועגונג איז זיך אַזוי צעוואַקסן, אַז דער פּויפּסט אינאַקענטי דער 3־טער האָט געמוזט אָרגאַניזירן קעגן איר אַ ספּעציעלן קרייץ־צוג, און אויף אונטערדריקן די באַוועגונג האָט מען געמוזט אויסשלאַכטן ניט וויניקער ווי אַ מיליאָן מענטשן — אַזאַ אומגעהויער גרויסער צאָל זאָגט עדות אויף דער גראַנדיעזיטעט פון דער באַוועגונג.

דאָס איז דער ערשטער דונער, וואָס זאָגט אָן דעם שטורעם פון דער קומענדיקער רעפאָרמע, דער פּראָטעסטאַנטיזם, וואָס האָט ביי אַלע זיינע פּעלערן

און טעותים דאָך פיל בייגעטראָגן, אַז די וועלט זאָל זיך פאַרנעמען אויפן וועג פון קריטישן פאָרשן און קריטישן לערנען.

די קאַטוילישע קירכע האָט אויך ניט געקאָנט פאַרבלייבן גלייכגילטיק; מיט גוואַלד אַליין קאָן מען אַזעלכע באַוועגונגען ניט באַהערשן. און אויב דער 4-טער קאָנסיליום פון לעטראַן, פאַרופן אין 1215, אַרבעט אויס אַ רייע באַשרענקונגען קעגן אידן און אפיקורסים — און עס איז כדאי צו פאַרצייכע־נען, אַז פון די 7 באַשלוסן וואָס דער קאָנסיליום האָט אָנגענומען, זיינען פינף געווענדעט קעגן די אידן, אַזוי נויטיק איז געווען צו באַקעמפן זייער השפעה — האָט מען דאָך אין יאָר 1311 געמוזט באַשליסן צו עפענען קאַטעדרעס פאַר העברעאיש אין די אוניווערזיטעטן פון אָקספאָרד, באָלאָניא און סאַלאַ־מאַנקאַ, בכדי צו קאָנען באַקעמפן אפיקורסים מיטן געווער פון איבער־צייגונג. העברעאיש האָט אין יענער צייט פ א ר אַלעמען, געמיינט תנ״ך און תנ״ך האָט געהייסן איבערהויפּט דער פירוש פון רש״י און די פירושים פון זיינע נאָכפאָלגער, וואָס האָבן נאָך מער אויסגעברייטערט דעם דרך הפשט, דערגייענדיק צו די געוואַגטע אויסטייטשונגען פון רשב״ם, רד״ק און אבן עזרא.

דער גרעסטער קריסטלעכער תנ״ך־קאָמענטאַטאָר פון מיטלאַלטער, דער פראַנצויזישער מאָנאַך ניקאָלאַי דע לירא, האָט גוט געקאָנט העברעאיש און האָט פיל פאַרערט רש״י און זיין פירוש. ער אָנערקענט אויסדריקלעך, אַז זיין פירוש צו תנ״ך איז אָריענטירט לויטן פירוש פון רש״י און איז מודה אַז דער פירוש פון אידישן געלערנטן רבי שלמה (רש״י) האָט פיל געהאָלפן צו באַלייכטן און פאַרשטיין די הייליקע שריפט. דע לירא בלייבט אַ פרומער קאַטאָליק און האָט אפילו פאַרעפנטלעכט צוויי ביכער פון דיספוטן קעגן אי־דישקייט, אָבער באַרימט אין זיין צייט און באַוואוסט פאַר די צוקונפטיקע דורות איז ער געבליבן נאָר דורך זיינע פירושים צו תנ״ך, איינער פון וועלכע, דאָס בוך אונטערן נאָמען „טראַקטאַט וועגן די חילוקים צווישן אונדזערע אי־בערזעצונגען און דעם העברעאישן אמת״ זאָגט עדות אַז ער האָט געוואוסט און אָנערקענט וואו דער א מ ת איז. צו דעם האָט אים רש״י געבראַכט.

די אויבנדערמאָנטע דריי קאַטעדרעס פאַר העברעאיש אין די קאַטוילישע אוניווערזיטעטן פון דריי פאַרשידענע לענדער: ענגלאַנד, פראַנקרייך און שפּאַ־ניע, זיינען די ערשטע שוואַלבן פון דער רענעסאַנס־באַוועגונג, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן און ווערט שנעלער פאַרגעזעצט. ווען מען האָט אָנגעהויבן לייענען אין אָריגינאַל און פאַרשטיין דעם מענטשלעכן אינהאַלט פון דעם, וואָס

די אַלטע העברעער האָבן געזאָגט, האָט מען זיך אויך געמוזט פּאַראינטערע־סירן מיט דעם וואָס די אַנדערע קלאַסישע, ווען אפילו היידענישע פעלקער, די גריכן און די לאַטיינער האָבן געזאָגט. מען האָט אויך ניט געקאָנט בלייבן הערמעטיש פאַרשלאָסן פאַר די שאַפונגען פון די אַנדערש גלויביקע, די אַראַ־בער: שווער זיינען די ערשטע שריט, אָבער נאָך זיי קומען לייכטער די ווייטערדיקע.

פון 12־טן יאָרהונדערט הויבט זיך אָן אין אייראָפּע אַ באַוועגונג פאַר שטודירן קלאַסישע ווערק פון אַלטערטום. די קירכע קאָן זיך מיט דער באַוועגונג קיין עצה ניט געבן. אָט גרינדעט זי די אינקוויזיציע אויף צו באַקעמפן אפיקורסות און ברענען אַנדערש־גלויביקע און אָט גרינדעט זי קאַטעדראַס צו לערנען בעסער העברעאיש, מען נעמט אריין דעם פילאָזאָף אַריסטאָטעל אין איר סדר־הלימודים, מסתמא כדי אכטונג צו געבן ער זאָל מיט זיין „אפּיקור־סיש־היידענישער פילאָזאָפיע" ניט אָנטון צופיל צרות. דער פּרואוו פון די אַראַבער, וואָס איז אין דער אידישער וועלט פאַרגעזעצט געוואָרן פון רמב"ם אין זינען פון שלום מאַכן צווישן דיינקען און גלויבן, ווערט אויך נאָכגעאַמט פון דער קירכע, און דער שטודיום פון תנ"ך על דרך הפשט, דערמעגלעכט דורך די פירושים פון רש"י און זיינע נאָכפאָלגער, האָט פיל בייגעטראָגן צו באַפרייען די געדאַנקען פון אַ סך פינסטערן אַבערגלויבן: כשוף, שדים, הייליקע ביינער א. ד. גל., וואָס ווערן צעשוואומען ווי שאָטנס אונטער דער ליכטיקער זון פון געטלעכן געדאַנק, איינגעשלאָסן אין די טיף־מענטשלעכע ווערטער פון תנ"ך.

לאַנגזאַם באַוועגן זיך די רעדער פון דער געשיכטע און מיטלאַלטער; ביז אַ זאַך אָדער אַ געדאַנק דערגייט פון איין לאַנד צו דער צווייטער געדויערט עס גאַנץ היפּש. אויך די שריט פון הומאַניזם, דער אָנזאָגער פון דער רענע־סאַנס און פון דער רעליגיעזער רעפאָרמע, זיינען זייער לאַנגזאַמע, און דער בייטראַג וואָס דער תנ"ך האָט געגעבן אָט צו דער גרויסער מענטשלעכער באַוועגונג איז זייער באַדייטנד ווען אפילו ניט אַלגעמיין אָנערקענט. די דער־פינדונג פון דרוק גיט אַ וויכטיקן שטויס פאָראויס דעם הומאַניזם. געדאַנקען הויבן אָן צו צירקולירן פרייער. די קלאַסישע פאָעטן און דענקער ווערן אַלץ מער באַקאַנט, די איבערזעצונגען פון תנ"ך אויף די מאָדערנע אייראָפּעאישע שפּראַכן וואָס זיינען אין כתב־יד געווען באַקאַנט נאָר צו יחידי־סגולה הויבן זיך אָן צו פאַרשפּרייטן אין ברייטערע קרייזן. נאָענט צו דער רעפאָרמע ציילט

שוין די קריסטלעכע וועלט מיט אזא פארנעמער פיגור ווי יאהאן ראכלין וואס קאן זייער גוט העברעאיש, האט געלערנט תנ"ך מיט זיינע מפרשים אין אָרי-גינאל, און וועלכער האלט אז דער לימוד פון העברעאיש און פון תנ"ך אין אָריגינאל איז זייער וויכטיק פאר אלעמען. ער פארפאסט א קורצן העברעאישן דקדוק און אויף דער אנפראגע צו „עס איז וואויל-געפעלן פאר גאָט און נוצ-לעך פארן קריסטנטום צו ברענען אידישע ספרים" ? ענטפערט ער, אז פיל העברעאישע ביכער, צווישן זיי רש"ים פירוש אויף תנ"ך זיינען נוצלעך אויך פאר קריסטן. און וואס אנבאלאנגט דעם תלמוד האלט ער זיך ניט פאר גענוג קאמפעטענט, ווייל ער איז ניט בקי אין דעם וויכטיקן חבור, ער איז אָבער זיכער, אז די וואס פאדערן מען זאל דעם תלמוד פאר-ברענען, זיינען אין דעם ווערק נאך ווייניקער באהאוונט. דער דרך־ארץ צום תנ"ך רופט ביי ראכלינען ארויס א פאָ-זיטיווע באציאונג צום תלמוד, פילייכט צוליב דעם וואס אויך דער תלמוד האט דאך דעם פירוש רש"י.

דער פאָטער פון דער רעפאָרמע, מארטין לוטער, הויבט אָן זיין פאלקס־דערציערישע טעטיקייט מיט אַן איבערזעצונג פון תנ"ך אויף דער דייטשישער פאלקס־שפראך. לוטער האט ניט געקאָנט גענוג גרינטלעך העברעאיש, ער מוז אנקומען צו דער הילף פון אנדערע קאָמענטאריסטן און אויסטייטשער, אָבער אויך אין זיין איבערזעצונג איז שטאַרק ניכר די השפעה פון פירוש רש"י און אין מאנכע שטעלן וואו דער פירוש צוגייט זיך מיט דער לאטיינישער אָדער גריכישער איבערזעצונג, האלט זיך לוטער ביי די טייטשן פון רש"י, וואס זיינען צו אים געקומען דורך די איבערזעצונגען פון ניקאלאס דע ליראַ, וועלכער איז אינגאנצן געשטאנען אונטערן איינפלוס פון רש"י. עס איז זייער באקאנט דאס ווערטל : „ווען לירא וואלט ניט געשפילט, וואלט לוטער ניט געטאנצט (1)". און די כשרע קאטאליקן רופן דע לירא Sinda Salomonis, די מאלפע פון ר' שלמה'ן, דאס הייסט פון רש"י.

מען קאָן, אנוועגדיק א פיגוראטיוון אויסדרוק זאגן, פראָטעסטאנטן טיי־טשן אוים די ביבל על פי דרך הפשט, ווערנד ביי די קאטאליקן איז פארבליבן די ביבל איז דער אויסטייטשונג על פי דרך הדרש.

---

(1) Si Lyra non lyrasset
Lutherius non saltasset.

ווי יעדער קירכע, איז אויך דער פּראָטעסטאַנטיזם גיך געבונדן געוואָרן פון זיינע אייגענע דאָגמעס און געפּענטעט געוואָרן פון דער אייגענער אומ-טאָלעראַנץ. אין באַצוג צו אידן איז דער פּראָטעסטאַנטיזם ניט פיל ווייטער אוועק פון קאַטאָליציזם, און אפילו די הומאַניסטן האָבן אין דער אידן-פראַגע אַנגעהאַלטן דעם אַלגעמיינעם טאָן. ניט אומזיסט האָט דער באַרימטער עראַז-מוס פון ראָטערדאַם געזאָגט אַז: אויב די שנאה צו אידן איז דער צייכן פון קריסטנטום, זיינען מיר אַלע גוטע קריסטן״. אָבער נאָך דעם אַלעמען, איז דער פּראָטעס-טאַנטיזם דאָך געווען דער ערשטער גרעסערער פאַרזוך צו באַפרייען דעם מענטשלעכן געדאַנק פון טעאָלאָגישע דאָגמעס און צוזאַמען מיטן הומאַניזם און רענעסאַנס עפענען פאַרן מענטשלעכן געדאַנק און געפיל נייע ברייטע האָריזאָנטן וואָס האָבן דערפירט די מענטשהייט צו אַזאַ פּראָגרעס אין אַלע הינזיכטן, וועגן וועלכן מען האָט אין מיטלאַלטער אפילו ניט געוואַגט צו טרוימען. דער בייטראַג פון אור־אַלטן אידישן געדאַנק צו אָט דער גראַנדיע-זער עוואָלוציע פון מענטשלעכן זיין, איז אַ גאַנץ באַדייטנדער, און געקומען איז די אידישע השפעה דורכן צינור, דורך דער רעהר פון תנ״ך, צו וועלכן דער פירוש רש״י האָט געעפנט די ערשטע טירן פון שכל׳דיקער, פשט-אינ-טערפּרעטאַציע.

דער פירוש פון רש״י אויף תלמוד איז בעיקר וויכטיק פאַר אונדז אידן, אָבער אויך פאַר דער ניט-אידישער וועלט האָט ער זיין באַדייטונג. דער תלמוד איז פון אַלעמאָל געווען די סטראַשידלע פון דער קריסטלעכער קירך, מען האָט ווי מורא געהאַט פאַר אָט דעם מערקווירדיקן ווערק וואָס אפילו אידן זעלבסט האָבן ניט אַלע און ניט גענוי פאַרשטאַנען. אויפן תלמוד זיינען גע-וואָרפן געוואָרן די ווילדסטע בלבולים, די שווידערלעכסטע באַשולדיקונגען. און אויף צוגיין צו אָט דעם שרעקלעכן בוך האָט מען געמוזט אָנקומען צו ניט-פאַרטרוילעכע וועג־ווייזער, משומדים, מערסטנטייל, אין וועמענס אויפ-ריכטיקייט און וואַרהאַפטיקייט מען האָט געהאַט מער ווי איין מאָטיוו צו צווייפלען.

רש״ים פירוש עפנט ברייט פונאַנדער די טירן פון תלמוד פאַרן אידישן לערנער, און מיט דער צייט וועלן דורך זיי דורכגיין אויך קריסטלעכע יחידים וועלן אפילו געציילטע. אין זעכצנטן יאָרהונדערט דערקלערט רייכלין מיט עניוות אַז ער איז ניט בקי אין תלמוד, אָבער אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט

פיגורירט אַלס עקספּערט אין ביילים-פּראָצעס אַ רוס, קאָנסטאַנטין בן פּאַוועל קאַקאָווצעוו, וואָס איז מלא וגדוש, אַ בקי אין ש״ס און באַהאַוונט אין פּוסקים, און שאַרזש פּוט-מור, פּראָפעסאָר אין האַר-וואַרד־אוניווערזיטעט גיט אַרויס זיין בוך „דזשודאַיזם“, אַ מערקווירדיק ווערק איבער תלמודישער אידישקייט וואָס גלאַנצט מיט זעלטענער חריפות און בקיאות אין די אידישע מקורות.

דער תלמוד איז מער קיין סוד נישט פאַרבליבן פאַר דער ניט-אידישער וועלט; נאָר עמי-הארצים, אָדער פאַרקויפטע נשמות קאָנען איצט ווידערהאָלן די אַלטע אויסגעדראָשענע בלבולים, אין וועלכע קיין ערנסטער געלערנטער גלויבט מער ניט. אַ באַדייטנדיקער טייל פון אַט דער דערגרייכונג, וואָס איז אַזוי וויכטיק פאַר דער בעסערער קריסטלעכער וועלט ווי פאַר אונדז גופא, דאַרף פאַרצייכנט ווערן אויפן חשבון פון רש״ס פירוש אויף תלמוד.

אין צווייטן יאָרטויזנט פון דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג האָט דער מענטשלעכער געדאַנק אָנגעהויבן אַ פּראָגרעסיוון מאַרש פאָראויס. הומאַניזם, רענעסאַנס, רעפאָרם, פּאָזיטיווע וויסנשאַפטן — זיי זיינען עטאַפּן וואָס ווייזן אָן די ריכטונג פון שטענדיק שטייגנדיקן פּראָגרעס, וועלכער גייט פאָרווערטס, ניט קוקנדיק אויף אַלע שטערונגען, שטרויכלונגען און אָפּהאַלטן. אַלץ איז אַנדערש, אויך די קאַטוילישע קירכע איז נישט דאָס וואָס אַמאָל אין מיטל־אַלטער. דאָס אידישע פאָלק, לעבנדיק אין אומנאָרמאַלע גלות־באַדינגונגען איז דאָך ניט געבליבן פרעמד צו דעם אַלגעמיינעם מענטשלעכן פאָרשריט. מיר האָבן זיך אין אים באַטייליקט דורכן בייטראַג פון תנ״ך וואָס האָט פיל מיטגעהאָלפן אין די ערשטע שווערע שריט פון אָט דעם וואונדערבאַרן פּראָ-צעס, און וועמענס ווירקונג איז נאָך פון באַדייטונג ביים היינטיקן טאָג אפילו. מיט זיין פירוש אויף תנ״ך האָט זיך רש״י דערוואָרבן אַן אָנזיכטיקן אָרט צווישן די, וואָס האָבן דערמעגלעכט אָט דעם פּראָגרעסיוויסטישן אויפ־גאַנג פון מענטשלעכן געדאַנק. דאָס דאָזיקע פּלאַץ וועט פאַר אים פריער אָדער שפּעטער אָנערקענט ווערן אויך פון דער ניט-אידישער וועלט.

מרדכי ראָזאָווסקי

# רבי שלמה יצחקי, דער רבי ומורה דרך



רש"י איז געווען ניט סתם אַ גאון וואָס האָט געלעבט און געווירקט אין זיין צייט, נאָר אַזעלכער וואָס האָט געשאַפן גרויסע עפּאָכע-מאַכנדיקע קולטור-אוצרות, חוץ פאַר זיין דור אויך פאַר די שפּעטערדיקע דורות.

עס זיינען פיליכט געווען אין זיין צייט גרעסערע גאונים און דענקער. עס איז גענוג צו דערמאָנען די פּלעיאַדע גדולים און גאונים וואָס האָבן געשאַפן די ריזיקע תקופה, באַקאַנט מיטן נאָמען תור הזהב, די בליענדע עפּאָכע פון דער בשותפות-שאַפנדע אַראַביש-שפּאַנישער העברעאישער קולטור, מיט וועלכע אויך רש"י האָט געהאַט באַגעגעניש-פּונקטן, הגם זייער ווינציקע, ווי ער האָט דאָס געהאַט אין אַ נאָך גרעסערער מאָס מיט יענע חברים-גאונים פון זיין צייט, וואָס זיינען פאַרבליבן אַלס גרעניץ-באַצייכענונג לדורות: אשכנזים אָפּצוטיילן פון די ספרדים. אשכנזים און ספרדים — צוויי באַזונדערע לאַגערן, הגם זיי זיינען ביידע באַפרוכפּערט געוואָרן אויף דעם זעלביקן באָדן און האָבן געשטילט זייער דורשט אין די זעלביקע וואַסער-קוואַלן.

עס זיינען אפשר געווען פאַר אים גרעסערע גאונים, דאָך איז ער אַלס שעפער, אין זין פון געשיכטלעכן אמת, פון תכלית פון אייביקייט, אַלס גייסטיקער שפּייזער און דערנערער, געווען אין זיין השפּעה אומיטלבאַר פון אַנדערע גאונים, אין מערצאָל, פּונקט ווי אַן אָאַזיס אין דעם מדבר, ווי אַ קוואַל פון מים חיים ציט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מער ווי גרויסע שטחים פון וואונדערלעכע פּייסאַזשן פון גערטנער און געוויקסן...

רש"י איז געווען פיל מער ווי אַ יחיד אַ גאון. ער איז געווען אַ מענטש פול מיט וויסן ווי אַ מילגרוים, פול מיט ענציקלאָפּעדישע ידיעות, וואָס אָן זיי וואָלט אים ניט מעגלעך געווען צו שאַפן אַזאַ ריזיק ווערק ווי זיין פּירוש אויף תנ"ך און תלמוד, וואָס איז איבערגעפולט מיט דעם דאָזיקן מין און איז דירעקט פאַרבונדן און פאַרקניפּט מיט אַלע קלאַסיש-אוניווערסאַלע וויסנשאַפטן, ווי עס האָט עס שפּעטער פאָרמולירט דער הגר"א (הגאון ר' אליהו): „במדה שחסר לתלמיד חכם בחכמת העולם, חסר לו עשרת מונים בחכמת התורה",

(אויף יעדער מאָס, וואָס אַ תלמיד־חכם פעלט וועלטלעך וויסן, פעלט אים צען מאָס, דאָס וויסן פון דער תורה).

פאַר דער פאַרשיידנפאַרביקייט פון וויסנשאַפטלעכע צווייגן וואָס ווערן באַרירט אין תנ״ך און אין תלמוד און וועלכע ער האָט אויף אַזאַ מוסטערהאַפטן אופן פּאָפּולאַריזירט, געמאַכט צוגענגלעך פאַר דער אויפנאַמספּעאיקייט פון דורכשניטלעכן אידישן מענטשן וואָס לערנט תורה, האָט ער דאָך אליין גע־מוזט זיין אַ מומחה אין: זאָאָלאָגיע, אין דער לערע פון די בעלי־חיים און אין די נעמען פון די חיות און עופות, כדי אונטערשיידן די טהורים פון טמאים, כשר פון טריפה; אין קלימאַטאָלאָגיע — כדי זיך צו באַקענען מיט דער ווירקונג פון דער לופט און די ענדערונגען אין איר, אויף וויפל דאָס האָט אַ שייכות מיט טומאה און טהרה אין תורת כוהנים; אַנאַטאָמיע — וועגן דעם געבוי פון קערפּער, הויט־קראַנקייטן און ברוכן פון ביינער, אַלץ זאַכן וואָס האָבן אַ שייכות מיט שחיטה, בדיקה, איסור והיתר, און וואָס ער האָט זיי געדאַרפט באַהאַנדלען אין מסכתא חולין; גינעקאָלאָגיע — וועגן פרויען־קראַנקייטן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט מעדיצינישע אָפּהאַנדלונגען וועגן פעריאָ־דן ביי פרויען, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין מסיכתא „נידה“; וועגן יוריספּרודענץ — אין פאַרבינדונג מיט פאַרשיידענע ציווילע און קרימינעלע קאָדעקסן, כדי פו־נאַנדערצוקלייבן זיך אין די אַלע דינים וואָס ווערן באַהאַנדלט אין סדר נזיקין, וועגן רשויות, פקדונות, חזקה, עדות, שבועות, שטרות, חזקת הבתים און דיני נפשות, וועגן עדים זוממין, ראיות און וועגן אַ שלל געזעצן פון ציוויל־גע־ריכט און חומרות וואָס זיינען פון קאָלאָסאַלער מארך־טעכניק און וואָס געפינען זיך אין סדר נ ש י ם און אין די מסכתות סנהדרין, מכות און הוריות; וועגן אַגריקולטור — פאַר די צוועקן פון אַגראַר־געזעצן און נוצלעכקייט פון דער אַגריקולטור; און — מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע — פאַר די ענינים פון קידוש החודש, עיבור השנה, עירובין א. אַ. וו.

רש״י איז ניט קיין יחיד, ער איז אַן אינסטיטוציע, און פילייכט איז דער באַגריף אינסטיטוציע צו ענג צו קאָנען אריינעמען אין זיך אַלעס, וואָס רש״י באַטייט פאַר דער אידישער וועלט. ער איז אַ גאַנצע תקופה, איינע פון די באַ־רימטע תקופות אין וועלכע עס ווערט צעטיילט די לאַנגע אידישע געשיכטע־קייט זינט נאָך מתן תורה און וועמענס ערשטער המשך עס איז עזרא הסופר, — דער ערשטער וויכטיקער עטאַפּ, לויטן זינען פון תלמודישן קאָנצעפּט: „בתחילה, כשנשתכחה תורה מישראל עלה עזרא מבבל ויסדה“ (סוכה כ׳).

דער צווייטער המשך איז געווען די קאָנצענטרירונג פון תורה שבעל פה דורך רבי יהודה הנשיא מיט די שפּעטערדיקע עטאַפּן: חתימת התלמוד, אריינרע־כענענדיק די רבנן סבוראי. דערנאָך קומט די תקופת-הגאונים, אויך אַ גרויסע, בליענדיקע תקופה פון פאַרשונג און פאַרטיפונג אין די „ברונעמער, וואָס פאָרגייער האָבן געגראָבן און אויסגעהאַקט". די דאָזיקע תקופה איז געווען גרויס דורך שאַפונגען פון מעכטיקן פאַרנעם, וואָס האָבן געבראַכט צום פּירסום, אָבער, נאָר פון דער געניאַליטעט פון יחיד, און עס האָט געפעלט דער חותם פון קאָלעקטיוון שאַפן, דער חיבור, דער צוזאַמענבונד מיט דאָס גאַנצע.

עס האָט געפעלט דער באַזונדערער צוזאַמענבונד, וואָס מאַכט אַ גייסטיק ווערק אייביק און פאַרהיט אים פון פאַרגעסן ווערן, דער צוזאַמענבונד מיטן קאָלעקטיוון שאַפונגס-יש.

אויך די היסטאָרישע באַדינגונגען זיינען, טאַקע, געווען אַזעלכע אין די צייטן צווישן דער תקופת הגאונים מיט דער תקופת הרבנים, וואָס הויבט זיך אָן מיט ר' שמואל הנגיד, וועלכער האָט אַריבערגעפירט די איינגעוואָרצלטע אכסניא של תורה פון סוריה און פומבדיתא פון די מוסולמענישע לענדער אונ־טער דער הערשאַפט פון די קאַליפאַטן, אין די לענדער פון שפּאַניע און קאַס־טיליע. די אידישע געלערנטע האָט עס געצויגן צו דער רייכער אַראַבישער קולטור און זיי האָבן געגעבן דעם פאַרצוג דער פילאָזאָפישער וויסנשאַפט, שפּראַך־קענטעניש און פּאָעזיע איבער די ידיעות התורה; די פאַרשונג פון תלמוד האָט ביי זיי פאַרנומען דעם צווייטן פּלאַץ.

די בעסטע ווערק, די אָריגינעלסטע אידישע מחשבה איז דאַן אויסגעדריקט געוואָרן אין דעם גרעסטן טייל אין אַראַביש, ניט העברעאיש, די שפּראַך אין וועלכער עס איז געשאַפן געוואָרן אונדזער גייסטיקער אוצר.

די געפאַר, אַז די תורה זאָל ניט פאַרגעסן ווערן האָט זיך געלאָזט פילן און אין אָט יענעם בין השמשות „האָט אויפגעטראָטן אַ שטערן פון יעקב", ר' שלמה יצחקי, און ער האָט מיט זיין פּירוש באַלויכטן די תורה שבעל פה און די תורה שבכתב, און עס איז געוואָרן ליכטיק אין די געצעלטן פון יעקב. די צוויי תורות זיינען ביז אים געווען דער קנין און רכוש נאָר פון די תלמידי־חכמים און דאָס אויך אַ קנין ניט אָן איינהייטלעכער, ווייל יעדער האָט זיך גע־פונען אונטער דער השפעה פון זיין רבין. עס האָט געפעלט איינער און האַר־מאָניש-פעסטגעשטעלטער פּירוש, און די תורה איז אין גאַנצן ניט דערגאַנגען צום פּשוטן און איינפאַכן אידן, ווייל זי איז געווען פאַר אים ניט גענוג צו־

געגנגלעך. מיטן פירוש רש״י, אָבער, האָט זיך פאַר יעדן פּשוטן אידן, אַנט־פּלעקט אַ נייע וועלט פון קלאָרקייט און ליכטיקייט, מיט היימישער פּשטות, וואָס גלעט און צערטלט, דעם געהער, באַשיידט און דערקלערט; אַלץ מעלות און אַטריבוטן וואָס האָבן רש״ין געקרוינט מיטן תואר: פּרשנדתא — דער באַשיידער, דער אויסטייטשער פון אונדזער דת, פון אונדזערעביידע תורות וואָס זיינען דאָך איינע אין זינען און אין תכלית, ווייל די צווייטע איז נאָר אַ המשך, אַ פאָרזעצונג און אויסטייטשונג פון דער ערשטער, אַן אויסברייטונג און פאַרטיפונג, אַ ווייטערדיקער עוואָלוציוועזער עטאַפּ אינם פּראָצעס פון איר אַנטוויקלונג.

אַזעלכע זיינען די פונדאַמענטאַלע מעלות פון רש״י, דעם גאון, דעם פּיל־זייטיקן קענער און וועלט־מענטש, פון רש״ין דעם עסקן, עניו און פּשטן. דער טיטל מאור הגולה האָט צוגענומען פאַר אים, רבנו גרשם, וועלכער איז עס, בלי ספק, געווען. אויבנאויפיק זעט עס אויס, אַז אין זיין גרויסן אויפטו פאַר דורות איז רש״י געווען נאָר אַ באַשיידענער זאַמלער, אַ קאָמפּילאַטאָר. ער האָט גענומען מן המוכן פון די פּירושים אויף תלמוד, וואָס זיינען פאַר אים געווען פאַרשפּרייט און פון די תנאים, אמוראים, רבנן סבוראי, תוספתא און מכילתא און מדרשים און אויך פון דער תקופת הרבנים אין משך פון זיין לאַנגיאָריקן לערנען אין די ישיבות פון לאָטרינגען, אין אמתן אָבער האָט ער דעם מאַטעריאַל קאָנטראָלירט, געזיפּט, געפּיילט, געשליפן און פּאָלירט, צוגע־גלייכט און אַנאַליזירט ווי בעסער אים צופּאַסן צום אידישן גייסט. ער האָט אין פיל ערטער מוותר געווען אויף זיינע אייגענע פּירושים און חידושים און האָט זיך באַגנוגנט נאָר מיט צוזאַמענגיסן אין איין אָרגאַניש גאַנצעס די אומ־צייליקע צונויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן, שאַפנדיק אָט יענעם מאָנומענטאַל־אייביקן בנין, וואָס הייסט פּירוש רש״י.

ער האָט פאַרשטאַנען אַז פאַר דעם אויפבוי פון דעם אַלגעמיינעם בנין, פאַר דעם בית ישראל און צור ישראל, דאַרף מען זיך באַנוצן מיט דורכגע־זיפּטע, אָנגעזאַמלטע אוצרות און אין זיי אריינגיסן די אייגענע, אַז זיי זאָלן ווערן איין גרויסעס און גאַנצעס. רש״י האָט ניט געהאַט דעם טיטל „מאור הגולה״, ער איז אָבער פאַקטיש געווען דער מאור האומה בארץ ובגולה. ער איז געוואָרן דער רבי פון אַלעמען, אָנהויבנדיק פון די תינוקות של בית רבן — ווי מען פלעגט דאָס זאָגן מיט אַ ליבער איראָניע, געבנדיק אַ קניפּ אין באַק אַ געראָטענעם אינגל: „ער איז שוין ביי מיר אַ רש״י־בחור״, — ביז אַ רב,

א גאון — אלע זיינען געווען זיינע תלמידים. ער איז דעריבער פיל מער פון א מאור הגולה, ער פארדינט מיט רעכט די באצייכנונג: מאור היהדות.

זיין ענוות האט הארמאניזירט מיט זיין גרויסקייט און עס קאן וועגן אים געזאגט ווערן: במקום שאתה מוצא גדולתו שם אתה מוצא את ענותנותו. משה רבנו, דער מקבל התורה מפי הגבורה און איר נותן לעם ישראל, האט אויך ניט געוואוסט וועגן די שטראלן וואס האבן באלויכטן זיין פנים. די אמתע גאונים וואס זיינען די פארקערפערונג פון פאלקס-געניוס, וואס שאפן און לעבן פארן פאלק, פילן ניט וואס זיי טוען-אויף און שאפן פאר אים, ווייל דער דראנג צו שאפן און אויפטאן איז אין זיי ארגאניש און אין עצם פון דאס ניט פילן די אייגענע גרויסקייט און בארימטקייט, באשטייט די אמתע גרויסקייט.

רש"י איז געווען אומאיבערשטייגבאר אין דער הינזיכט פון פאפולאריזירן די צוויי תורות, דעם עסענץ פון יהדות, און אן זיין פירוש וואלטן זיי פארגעסן געווארן פארן ברייטן פאלק. דאס איז דער העכסטער פארדינסט און שענס-טער מאנומענט וואס ער האט זיך אליין אוועקגעשטעלט, ער קען פארגליכן ווערן מיט דער מדרגה פון עזרא'ס אויפטו פאר דער תורה און מען קען וועגן אים זאגן: „כשנשתכחה עלה ויסדה".

דער נשר הגדול וואס האט געלעבט מיט דריי צענדליק יאר נאך רש"ין, ר' משה בן מיימון (רמב"ם), דער וועלט-גאון, וואס האט פארמאגט אזוי פיל ידיעות אויף פארשיידענע געביטן פון וויסנשאפט, און זיינע פילע ווערק און שאפונגען זיינען פון אזא באדייטונג, אז עס וואלט זיך געפאדערט א גאנצע אקאדעמיע וואס זאל אויף זיי ארבעטן צענדליקער יארן — האט געקראגן די גרעסטע אויסצייכנונג פאר דער אייביקייט, דורך דער באצייכנונג: „ממשה עד משה לא קם כמשה", נאר פאר די עטלעכע בענדער פון זיין „יד חזקה", ווייל דורך דעם האט ער קאנאניזירט די יסודות פון אידישקייט, דעם גייסט פון תנ"ך און פון תלמוד אין איין ארגאניש גאנץ און פארטרעפלעך געארדנט ווערק, אין וועלכן עס איז קאנדענסירט אלץ וואס עס האבן געשאפן די ראשונים אין דורות ביז חתימת התלמוד מיט אלע זייערע שקלא וטריא'ס. דאס דערמאנטע ווערק פון רמב"ם איז אבער באשטימט נאר פאר דער מער אקאדעמישער רבנישער וועלט. רש"י, דאקעגן, איז מיט זיין פירוש אויסן גע-ווען צו באזארגן יעדן דורכשניטלעכן למדן און סתם יודע ספר און א דאנק אים איז אויסגעברייטערט געווארן דער תורה-רוים „כמים לים מכסים", דאן

ווען דער רמב"ם האָט מיט זיין „יד החזקה" באַרייכערט דעם האָריזאָנט נאָר פון דער למדנישער וועלט, פון דער רבנישער אַריסטאָקראַטיע, פון די מאן מלכי רבנן...

די שאַפונגען פון די צוויי אומשטערבלעכע גאוני ישראל, רש"י און רמב"ם, האָבן זיך באַגעגנט אין זייער צוועק און כוונות. טראָצדעם וואָס אויבנאויפיק, אין די תחומים פון זייערע אמונות ודעות זיינען זיי ווייט איינער פון אַנדערן, האָבן זיי זיך אָבער באַגעגנט אין זייער אויפפאַסונג איבער דעם אָרגאַנישן מעכאַניזם, איבער דער גייסטיקער קאָנסטרוקציע פון אונדזער פאָלק.

דער רמב"ם האָט זיך אויך דערנערט אויף די קעסט פון אַריסטאָס פילאָזאָפיע און ער האָט געוואָלט ווערן דער שדכן צו מזווג זיין די פילאָזאָפיע מיט דער רעליגיע, און ווי באַוואוסט איז פון שידוך גאָרנישט געוואָרן; דער זיווג האָט ניט עולה יפה געווען. אין באַצוג, אָבער, צו אונדזער אייגענער, גייסטיקער ווירטשאַפט, האָט ער געהאַט גאָר אַן אַנדער מיינונג, אַ טיף קאָנסערוואַטיווע און אויפגעהאַלטענע אין גייסט פון דער אידישער טראַדיציע, און ער האָט קאָדיפיצירט אין זיין „יד החזקה" אַלע הלכות, עקזאַקט אין תלמודישן גייסט, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די אידישע רעליגיע איז די העכסטע פאָלקס-אינסטיטוציע וואָס איז געוואַקסן און האָט זיך אַנטוויקלט צוזאַמען מיטן פאָלק, און פילאָזאָפיע איז נאָר אַ פּאַטראָנע פאַר יחידים, דאָס ברייטע פאָלק האָט זיך זיין אייגענעם געשמאַק און שאַפט זיך זיין אייגענעם גייסטיקן „מעניו".

די אידישע רעליגיע איז אַ דעמאָקראַטישע, אַ קינד פון קאָלעקטיוו און דער יחיד האָט דאָ ניט קיין דעה. די אמתע בעלי בתים זיינען די דורות. יעדע תקופה און דור האָבן צוגעשריבן און צוגעגעבן זייערע אייגענע אמונות ודעות און דעריבער, ווער עס וויל שאַפן פאַר דעם רבים און אים דינען, מוז נאָר אים, דעם רבים, אינטערפּרעטירן און אויסטייטשן און נאָר אין זיין גייסט. אַנדערש איז ער אַ מועל בשליחות, ער פעלשט דעם מאַנדאַט. און וואָס אַנבאַלאַנגט דאָס פילאָזאָפירן איז אויף אייגענעם חשבון, און עס גייט אונטער נאָמען פון תורת היחיד, וואָס שטייט אויסער דעם קאָנטראָל פון דער קאָלעקטיווער שאַפונג.

און פיליייכט איז דאָס דאַזיקע טאַקע די סיבה, וואָס איר האָבן מיר צו פאַרדאַנקען, אין אַ געוויסער מאָס, רש"ים אומקאָנדיציאָנעלע אונטערטעני-

קייט צו דער מסורה, טראָץ דעם וואָס דאָס איז אויסער די פּסיכאָלאָגיע-געזעצן פון גדולים, וואָס באַזיצן די איינגעבוירענע געוואַגטקייט אין זינען פון רב תנא ופליג.

רש״י פאַרטייטשט די תורה שבכתב ושבעל פּה, לויט דער באַלויכטונג פון די בעלי-מדרש און אגדות-התלמוד און לויט אַנדערע קוועלן, ער גיט צו גאַנץ אָפט אויך זיינע אייגענע הוספות, ער ברייננגט אריין קלאָרקייט און געפינט דעם פּאַסיקן, פּאָלירטן און געשליפענעם וואָרט און נאָר דאָס וואָס ער געפינט אויס פאַר צוגעפּאַסט, דאָס וואָס איז פּשוטער. ער וויל בלייבן פאַרפליכטעט און טריי צו זיין שליחות אַלס פרשנדתא, אַלס אויסטייטשער פון די צוויי תורה׳ס, וואָס זיינען ווי צווילינג־קינדער, אויסגעטראָגן געוואָרן דורך דער מסורה.

אַזוי איז געווען דער געבאָט פון שר האומה און אַזוי — דער זין פון דער געשיכטע: „לא ניתנה התורה למלאכי השרת״ — די תורה איז ניט געגעבן געוואָרן פאַר מלאכים, ניט פאַר אויבער-מענטשן, נאָר פאַר פּשוטע מענטשן, לויט זייערע פּשוטע אויפנאַמס-פעאיקייטן, חוש און פאַרשטענדעניש און נאַטירלעך, איז זי תמימותדיק געוואַקסן און האָט זיך אַנטוויקלט אויף דער פרייער לופט פון פרד״ס (פשט, רמז, דרש און סוד). און רש״י האָט זיך באַמיט מיט זיין טיפן שכל און שאַרפער הבנה צו אויסקלייבן פון דעם מאַטעריאַל וואָס ער האָט געפונען מן המוכן, זייט די תקופת התלמוד ביז חתימת הגאונים, די בעסטע פירושים, צו וועלכע ער האָט גאָר ווייניק צוגעגעבן אייגנס. ער איז אָבער אין געוויסע פּרטים געווען אויך ווי אַ פאַרמיטלער צווישן דער מסורה און די מער קריטישע אויסטייטשונגען, וואָס קענען שוין באַטראַכט ווערן, ווי אַזעלכע, וואָס האָבן אַ געוויסן וויסנשאַפטלעכן געשטאַלט.

פילאָן איז געווען אַ גרויסער פילאָזאָף אין זיין צייט און אַ גוטער איד און ער האָט געוואָלט זיין דער קאָמענטאַטאָר פון תורת משה אויף זיין אייגענעם שטייגער און איז געקומען צום שלוס, אַז די חמשה חומשי תורה זיינען אַן אייגנאַרטיקע, פילאָזאָפיש-סימבאָלישע קאָנצעפּציע: דער סוף איז געווען אַז ער איז דורכגעפאַלן. אפילו אין זיין צייט האָבן נאָר די מתיונים, די העלעניסטיש-געשטימטע אידן אַנערקענט זיינע אויסטייטשונגען, אָבער ניט די חכמי ישראל, ווייל כאָטש ער, פילאָן, איז געווען אַ גוטער און פליכטבאַוואוסטער איד, איז ער אָבער געווען אַ פרעמדער איד, מיט אַ מענטאַליטעט פון אַ גריך און האָט דעריבער ניט פאַרשטאַנען די אייגנאַרטיקייט פון דער אי-

דישקייט און איר גייסט, אַז עס איז זייער פילאָזאָפיש נישט קלוג צו ווע‍לן צופאַסן צו אונדזער תורה די פילאָזאָפיע פון אַ פרעמדן אָרגאַניזם, וואָס פאַר-וואַנדלט זיך אין ווילד-פלייש.

תורת משה איז אַ תורת חיים און האָט זיך איר אייגענע פילאָזאָפיע — דאָס האָט רש"י געפילט מיט אַלע זיינע חושים און, אויב מען וויל קען מען אויך זאָגן, אַז צו אַלע זיינע גרויסע מעלות פון אַ גדול בתורה, חכמה און וועלטלעכע ידיעות איז ער אויך געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ פילאָזאָף, ניט פון אַבסטראַקטע אידעען, נאָר פון דער לעבנס-חכמה פון אַ פאָלק, פון דער חכמה פון זיין עקזיסטענץ און אויפהאַלטונג און פון דער פאַרפעסטיקונג פון זיינע גייסטיקע קנינים און אין זיין אויסגעהאַלטענער שיטה.

---

רש"י איז געווען אַ פרנס אַ מנהיג, אַ רבי און ראש ישיבה און אַלץ „שלא על מנת לקבל פרס". פאַר תורה טאָר מען דאָך ניט באַקומען קיין געצאָלט. „מה אני בחינם, אף אתה בחינם".

רש"י האָט אין פולסטן זין פון וואָרט געקאָנט אָנווענדן אויף זיך די ווערטער פון ירמיה: „לא נשיתי ולא נשו בי", אַזעלכע איז שוין די תכונה פון גרויסע שעפער: זיי גיבן אַוועק דאָס בעסטע וואָס זיי פאַרמאָגן צום פאָלק: גוטסקייט, פריינטשאַפט, איבערגעגעבנקייט און אַנדערע מדות טובות און הויכע נשמה-פאָסטולאַטן ווי ענוות, פשטות און ליבע צו מענטשן בכלל; דאָס זיינען אַלץ קנינים אַזעלכע, וואָס עס פאַרמאָגן אין זייער באַזיץ פער-זענלעכקייטן, וועלכע טראָגן אין זיך אַזעלכע הויכע מיסיעס ווי רש"י ז"ל.



שוין פון אונדזער פריסטער יוגנט אָלס פאָלק האָט די שפּראַך־פראַגע פון צייט צו צייט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אונדז באַאומרואיקט. נאָך אין יענע צייטן ווען מיר האָבן געפירט אַ פּאָליטיש - זעלבסטשטענדיקן לעבן מיט אַן אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן לעבנס־שטייגער — נאָך דאַן האָבן פרעמדע שפּראַכן פון דער אָדער יענער מעכטיקער מלוכה צייטנווייז פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ ביי אונדז.

קודם-כל איז עס געווען די אַזוי צו זאָגן צווישן-פעלקערלעכע פּאָליטיק־שפּראַך, אויף וועלכער עס האָט זיך דאַן געפירט די דאַמאָלסדיקע וועלט־דיפּלאָמאַטיע. מען קען זיך אַלזאָ משער זיין אַז צו דער דאָזיקער „נאָבעלער״ שפּראַך האָבן נוטה געווען די אַריסטאָקראַטיע ווי בכלל די מער פאַרמעגלעכע שיכטן פון פאָלק ובפרט די הערשנדיקע עלעמענטן ביי אונדז.

די דאָזיקע פרעמדע שפּראַך איז שוין דאַן געווען אַ מעכטיקער אַסימילאַ־ציע־פאַקטאָר — אַן אויסגעפּרואווט מיטל פון איין זייט זיך צו אַסימילירן מיט די שטאַרקערע און מער געזיכערטע נאַציעס און פון דער צווייטער — ווי פעסטער צו באַהערשן און אונטערדריקן די שוואַכערע שיכטן פון אייגענעם פאָלק.

איינע פון די דאָזיקע שפּראַך־פּריווילעגיעס האָט אַזוי אַרום באַצוועקט צו האַלטן דאָס פאָלק פון דערווייטנס פון דער פּאָליטיק: אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק פון לאַנד האָט באַדאַרפט בלייבן אַ סוד פאַר די פאָלקס-מאַסן...

אַזאַ עפּיזאָד דערציילט אונדז די ביבל. דאָס איז געווען אין דער תקופה פון מלכות אשור. אידישע מלחמה-פירער אויף יענעם פראָנט, בעת אַ שלאַכט מיט דעם אשור׳ישן פעלדמאַרשאַל ר ב ש ק ה, בעטן זיך ביי דעם לעצטן, בשעת זיינער אַ וועגדונג צו די אידן ער זאָל ריידן צו זיי אַראַמיש און ניט אין דער שפּראַך פון די אידן... דער לעצטער, אָבער ענטפערט זיי, אַז ער איז דווקא אויסן אַז די פאָלקס-מאַסן זאָלן אים פאַרשטיין און דערפאַר וויל ער דורכאויס ריידן אין אידיש, ד. ה. אין דער פאָלקס-שפּראַך...

אַנדערע פּרעמדע שפּראַכן אין די שפּעטערדיקע צייטן האָבן שוין פּרע־טענדירט ניט בלויז אויף דער פּאָליטיק, נאָר זאָגאַר זיך פּאַרמאָסטן צו פאַר־כאַפּן דאָס פּלאַץ פון העברעאיש אויך אויף אַנדערע געביטן, ווי פון ד ב ר י ח ו ל אַזוי אויך פון גייסטיקן קולטור־רעליגיעזן לעבן. דאָס זיינען געווען די גריכישע און אַראַמישע איבערזעצונגען פון דער תורה, און הגם די כוונה פון די תרגומים איז אָפּטמאָל געווען אַ כשרע: די תורה זאָל חלילה ניט פאַרגעסן ווערן פון אידן, דאָך האָבן זיי ווי באַוואוסט אַזוי וויניק געטובה׳ט ניט בלויז דעם לשון־הקודש, דעם ל ש ו ן פון דער תורה, נאָר זאָגאַר אויך דער ת ו ר ה גופא...

נאָך שפּעטער נעמט איבער אָט די פרעמדע שפּראַך די העגעמאָניע אויך איבער די נ יי ע, אָריגינעלע שאַפונגען פון אידישן גייסט: אין אַל־טערטום די גריכישע און אַראַמישע שפּראַכן און אין מיטלאַלטער — די אַראַ־בישע און אַנדערע, אויף וועלכע עס האָבן געשאַפן זייערע געניאַלע ווערק די אידישע געלערנטע און דענקער.

אויך דאָ האָט אפשר דאָמינירט די גוטע און זויבערע כוונה צו ברייננגען נוצן דעם פ אָ ל ק, דעם המון — און רעדן אין דער אומגאַנגס־שפּראַך, וואָס דאָס פאָלק האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען, ווייל עס איז תמיד געווען אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער, ניט אידישער באַפעלקערונג.

אַזאַ קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער ניט אידישער באַפעלקערונג האָבן אידן אָנגעהאַלטן אויך אין די צייטן פון רש״י. אידן האָבן אין יענע לענדער דאַן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער דאַמאָלסדיקער־ווירטשאַפט. די עקאָ־נאָמישע באַזע פון די אידן איז געווען דער האַנדל, אָפּטמאָל אין וועלט־מאַסשטאַב פון יענער צייט. אידן האָבן אַלזאָ אָנגעקניפּט און אָנגעהאַלטן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער וועלט בכלל און מיט דער אַלגע־מיינער באַפעלקערונג פון זייער וואוינאָרט בפרט; זיי האָבן אַזוי אַרום אין אַ געוויגנדער מאָס געווים באַהערשט די אומגאַנגס־שפּראַך פון זייער לאַנד.

עס לייגט זיך אַלזאָ אויפן געדאַנק, אַז ווען רש״י האָט פאַרטראַכט זיין פּירוש אויף תנ״ך און תלמוד, האָט ביי אים געמוזט אַרויפשווימען די פראַגע פון דער אַזוי צו זאָגן אונטערריכטס־שפּראַך, דאָס הייסט — אין וועלכער שפּראַך זאָל ער דעם דאָזיקן פּירוש פאַרפאַסן, און עס איז גאַנץ דערלאָזבאַר אַז פריער פון אַלץ האָט באַדאַרפט קומען אין באַטראַכט די לאַנדעס־שפּראַך.

אייניקע ווילן דרינגען אַז רש״י איז בכלל געווען אַ שפּראַכן־קענער און שרייבן אים צו דאָס קענען פון אַ גאַנצער רייע פרעמדע שפּראַכן. פאַר אַזאַ גאון ווי רש״י איז עס אפשר ווייט קיין גוזמא ניט, אָבער איבער יעדן צווייפל איז די הנחה, אַז ז יי ן לאַנדעס שפּראַך האָט ער געווים גוט געקענט.

דערצו דאַרף מען ניט פאַרגעסן אַז דער דאַמאָלדיקער אידישער לימוד אין די חדרים און אין דער פאַמיליע האָט זיך געפירט לויט אַ תרגום־סיסטעם, און אויך די הגדה של פסח, למשל, פלעגט דער פאָטער זיך נוהג זיין איבער־דערציילן דעם הויזגעזונט אין פראַנצויזיש.

און ווירקלעך: ווייל רש״י אין זיין קאָמענטאַר ריכטיק פעסטשטעלן אַ מסופקדיקן באַגריף, אָדער אַ שווערן טייטש־וואָרט, דאַן זעצט ער עס איבער „ליתר ביטחון״ אין פראַנצויזיש.

נעמען מיר נאָך אין אכט רש״ים עכטקייט און דער עיקר די גראַנדיעזע פ אָ ל ק ס ט י מ ל ע כ ק יי ט וואָס ער פאַרמאָגט — דאַן לייגט זיך עס נאָך מער אויפן שכל, אַז רש״י זאָל לייזן די דאָזיקע פראַגע לטובת דער אום־גאַנגס־שפּראַך, וואָס דאָס קען פיליכט באַדייטן פאַר פיל פון אונדז: לטובת די פאָלקס־מאַסן ולטובת דער קולטור בכלל.

באמת טאַקע אין אָט דעם גייסט, און מסתמא אויך צוליב די דערמאָנטע מאָטיוון, האָבן געווים אָנגענומען אין זיין צייט זייער באַשלוס די גאונים און די חכמי ספרד, ווען זיי האָבן זיך א פ ש ר אויך געשטעלט די זעלבע פראַגע.

רש״י, אָבער, האָט אַנדערש פאַרשטאַנען.

קודם־כל איז לשון קודש ביי רש״ין ניט בלויז אַ ל ב ו ש, ניט בלויז אַ כ ל י פאַר דעם הייליקן תוכן, נייערט דער לשון־קודש איז אַזוי צונויפ־געוואַקסן מיט די הייליקע שריפטן, אַז ס׳איז אומעגלעך זיי פאַנאַנדערצוטיילן — די שפּראַך גופא איז אין אַ באַדייטנדיקער מאָס תורה.

דערפאַר מיינט רש״י אַז די איבערזעצונג פון דער תורה אין אַן אַנדער שפּראַך, מעג זיך די כוונה זיין די בעסטע, ברייגנט זי שאָדן ביידן: דעם ל ש ו ן פון דער תורה ווי דעם ת ו כ ן, דער תורה גופא. און רש״י באַשליסט דעריבער אַז די סאַמע צוגעפּאַסטע שפּראַך פאַר אַ פירוש צו די ס פ ר י ה ק ו ד ש מוז זיין דער ל ש ו ן ־ ה ק ו ד ש .

דערביי איז דער צוגאַנג פון רש״י צו דעם דאָזיקן פּראָבלעם אין גרונט גענומען גאָר אַן אַנדערער; עס איז ווייט ניט דער שטאַנדפּונקט פון בלויז

געוויינלעכער לוינבארקייט אָדער באַקוועמלעכקייט, צוליב וואָס אויך אַנדערע זיינען צומאָל געווען נוטה צו העברעאיש, אפילו אַלס גערעדטע שפּראַך, צוליב געוויסע באַקוועמלעכקייטן.

אַזוי שרייבט אַ מחבר פון 12־טן יאָרהונדערט*): „די ערטער פון ישמעאל האָבן איין שפּראַך און אַלע געסט-טוריסטן וואָס קומען צו זיי, קענען זייער שפּראַך; דעריבער האָבן זיי זיך ניט באַדאַרפט באַנוצן מיט לשון קודש אום צו זיין רגיל אין דעם, אָבער דאָס לאַנד אדום — זיינען זייערע לשונות פאַרשידן, און ווען עס קומען צו זיי טוריסטן פאַרשטייען זיי ניט וואָס זיי ריידן, דעריבער האָבן זיי געמוזט אָנקומען צו לשון קודש און זיך מער אין דעם אויסגעאיבט".

אַלזאָ, העברעאיש אַלס גערעדטע שפּראַך און ריין טעכנישער מיטל פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון די גלות-קיבוצים אין זייער חולין-דיקן פאַרקער; העברעאיש אַלס די אידישע וועלט-שפּראַך פאַרן געוויינטלעכן געברויך פון די אידישע מאַסן פון פאַרשידענע לענדער.

רש"יס קוק אָבער אויף דער שפּראַך ובפרט אויף לשון קודש איז ניט בלויז ווי אויף אַ מיטל, ניט בלויז ווי אויף אַן אינסטרומענט — ניין, דער לשון קודש דאָס איז די תורה גופא, אויף אָט דער שפּראַך איז געגעבן געוואָרן די תורה און באַשאַפן געוואָרן די וועלט, איז ניט בלויז די שפּראַך פון גלות-קיבוצים נאָר טאַקע פון קיבוץ־גלויות און אַנטפּלעקער גאולה...

לויט רש"י איז די איינציקייט צווישן דער תורה און דעם לשון הקודש אַן אייביקע, פּונקט ווי די תורה האָט שוין פון סאַמע באַרג סיני כולל געווען יעדער חידוש וואָס אַ „תלמיד ותיק" וועט ווען עס איז מחדש זיין, פּונקט ווי די תורה געפינט זיך אין אייביקן אומאויפהערלעכן אַנטוויקלונגס-פּראָצעס, אַזוי אויך נעמט אַרום דער לשון-קודש די אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך עד סוף כל הדורות...

---

*) „להמקומות של ארץ ישמעאל לשון אחת יש להן, וכל האכסנאין הבאין אליהן יכירו את לשונן; לפיכך לא הוצרכו להשתמש בלשון הקודש להיות רגילין בו. אבל של ארץ אדום משונים לשונותיהם זו מזו וכשיבואו אכסנאין אליהם לא יכירו דבריהם, הוצרכו לדבר אליהם בלשון הקודש, לפיכך רגילין בו יותר".
ר' שלמה בר' אברהם בן פרחון בסוף מחברתו — הערוך.

רש״י איז אַזוי אַרום שוין מיט אַכט הונדערט יאָר צוריק געווען דער אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון דער אַלט-משכּילישער „מליצה״ און פ ס ו ק י ם - שפּראַך, פון דעם אַזוי גערופענעם „ביבלישן טהרת־הלשון״. רש״י איז אויף אַזאַ אופן געווען דער פּאַרצייטיקער רבי, וואָס האָט דורך דורות און דורות אויפגעכאָוועט אויף זיין שוים מ ע נ ד ע ל ע ן און ב י אַ ל י ק ן אַלס די שעפער פון דער געשליפענער, עקזאַקטער און ראַפי־נירטער העברעאישער מאָדערנער פּראָזע, — אַלזאָ דער גאונישער פאָרגייער פון דעם רייכן און זאַפטיקן העברעאישן סגנון אין אונדזער צייט.

מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט רש״יס קעגנערשאַפט צו דער איבער־זעצונגס-שיטה, און ניט בלויז האַלט ניט רש״י פון אַ פ ו ל ק אָ מ ע ר איבערזעצונג פון תורה, ווייל דאָס איז עלול צו ברייגנען שאָדן, ווי די גע־שיכטע האָט דאָס שוין ניט איינמאָל באַוויזן, נאָר אפילו אַ ק אָ מ ע נ ט אַ ר, אַ טיילווייזער פּ י ר ו ש אויף חומש מוז זיין אין העברעאיש גופא — אַן עכטע עברית-בעברית-שטה, דער נאַטירלעכער מעטאָד פון לערנען אַ שפּראַך בכלל...

געגנוג קעגנער פאַרמאָגט נאָך עד היום אָט די דאָזיקע שיטה פון עברית־בעברית ביי אונדז, און עס איז לייכט זיך צו משער זיין אַז ניט ווייניק מתנגדים האָט זי אויך געהאַט מסתמא אין די צייטן פון רש״י..., אָבער דער געניאַלער און גוטמוטיקער רש״י האָט אָן פּאָלעמיקעס, דורך פּראַקטישע מעשים געלייזט פאַר זיך און פאַר די דורות, די דאָזיקע ערנסטע שפּראַכן־פּראַגע וואָס האָט אַזוי פיל בייז בלוט ביי אונדז געשאַפן און שאַפט נאָך אין אַ געוויסער מאָס עד היום.

און דוקא אָט די שטה פון עברית בעברית, וואָס איז לויט אירע קעגנער די סאַמע שווערסטע און ניט צוועקמעסיקע, האָט געפירט דערצו אַז הן די תורה שבכתב והן די תורה שבעל פה, זאָל פון אַ פאַרחתמ׳טן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָפענעם און פאַרשטענדלעכן בוך, פאַר יעדן וואָס ו י ל דאָס, און פאַרקערט, דוקא יענע פּאָלשטענדיקע און שטרענגע שיטת התרגום, די סאַ־מע לייכטסטע לויט אירע חסידים, האָט גראָד געפירט צום טרויעריקן שכחת התורה.

אָבער ניט בלויז די עצם-שיטה, נאָר אויך דער אופן דורכצופירן זי אין לעבן איז ביי רש״ין דער פּראַקטישסטער און דער נאַטירלעכסטער.

ווענן אַט דעם פּראַקטישן דורכפירן פון דער „נאַטירלעכער שיטה" האָבן לערער און ספּעציאַליסטן פיל צו זאָגן, מיר ווילן אָבער דאָ אויפמערקזאַם מאַכן בלויז אויף איין פּרט אין דער הינזיכט, און דאָס איז דער זעלטענער מאָקט און ברייטהאַרציקייט פון רש"ין לגבי אַנדערע שיטות און מיינונגען, ווען אפילו ער איז מיט זיי ניט מסכים. אויך אין באַצוג צו דער א. ג. עברית־בעברית־שיטה איז רש"י ווייט ניט דער שטרענגער קפדן, פון יענעם מין באַגרענעצטע און ענגהאַרציקע עברית־בעברית־לערער וואָס שרעקן זיך צו באַנוצן אַ פרעמדן וואָרט, גלייך ווי דאָס וואָלט מחלל זיין דעם הונדערט פּראָצענטיקן עברית־בעברית. אדרבא, רש"י נוצט אַזוי אָפט אויס די אומגאַנגס־שפּראַך יעדעס מאָל ווען ער זעט אין דעם אַ מיטל צו פאַרלייכטערן און אַריינברייננגען קלאָרקייט און עקזאַקטקייט אין די העברעאישע באַגריפן, און דאָס באַווייזן די טויזנטער ווערטער און באַגריפן וואָס רש"י האָט צוליב דעם אַריינגעבראַכט אין זיין פירוש.

אָבער ניט בלויז האָט רש"י אַ דאַנק זיין השקפה אויף דעם שפּראַכן־פּראָבלעם ביי אונז אָפּגעראַטעוועט דעם תנ"ך און דעם תלמוד פון פאַרגעסנקייט, נייערט די זעלבע השקפה האָט פאַרהיט פון פאַרלוירן גיין אויך די שפּעטערדיקע געזאַמלטע שאַפונגען, טיילווייז אויך פון די קעגנער צו זיין שיטה...

אַזעלכע גראַנדיעזע שאַפונגען פון אידישן גייסט ווי „האמונות והדעות", „מורה נבוכים" און פיל אַנדערע, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער אומגאַנגס־שפּראַך פון זייערע לענדער, וואָלטן זיכער פאַרלוירן געגאַנגען פאַרן פאָלק ווען זיי זאָלן באַצייטנס ניט איבערגעפלאַנצט ווערן אין דער אויטענטישער שפּראַך פון דער תורה, ווען זיי זאָלן נישט געווען באַצייטנס איבערזעצט ווערן אין העברעאיש. עס איז פּילייכט געווען אַלזאָ די אומדירעקטע אָבער די פעסטע השפעה, פון רש"ים שיטה אויף די אבן־תיבון'ס און די קמחי'ס זיי זאָלן עס אויפזאַמלען אונדזערע פאַרפרעמדטע און געפאַנגענע רייכטימער אין אונדזער אייגענעם שפּייז־שפּייכלער פאַר די פילע שפּעטערדיקע דורות...



צבי שוואַרץ

# פון רש״ים אוצר

אַפּאָריזמען, געדאַנקען און מדרשים געזאַמלטע
פון רש״ים פּירוש אויף תורה



# אַ נויטיקע פאַרבאַמערקונג

די געבראַכטע אַפאָריזמען מימרות און מדרשי-אגדה, זיינען געציילטע פערל פונם אומדערשעפּלעכן אוצר, וואָס הייסט רש״יס פּירוש אויף תורה.

ווי באַקאַנט איז רש״יס פּירוש אַ וואונדערבאַרער מאָזאַאיק פון פּשט און דרש, איינגעשטעלט אַזוי, אַז זיי בילדן כמעט אומעטום איין אומצעשיידבאַרע, אומצעטיילבאַרע גאַנצע קונסט-ווערק: פּשט, וואָס איז דרש און דרש, וואָס איז פּשט.

רש״יס פּירוש אויף תורה, מאַכט דעם איינדרוק אין פיל ערטער, אַז די פּסוקים האָבן געדינט פאַר אים, פאַר אונדזער אומשטערבלעכן פרשנדתא, ווי אַ פּלאַטפאָרמע, אַזוי צו זאָגן, צו אויסדריקן די הויכע געדאַנקן פון לע-בנס-חכמה, פון מידות טובות, פון ליבע צום פאָלק ישראל און צו מענטשן בכלל, ווי עס איז פאָרמולירט געוואָרן דורך אונדזערע חכמים אין יענעם אומ-געהויערן ים, וואָס הייסט תורה שבעל פּה.

דער אומפאַרגלייכלעכער בקי אין דער גאַנצער תלמודישער און מדרש-ליטעראַטור, רש״י, האָט צונויפגענומען אַלץ וואָס האָט זיך געפּאַסט פאַר יעדן פּסוק און עס איינגעפּאַסט, ווי מען פאַסט איין דימענטן אין גאָלד-צירונגען, דבר דבור על אופניו, יעדער זאַך אויף זיין אָרט, אין דעם געהעריקן פּסוק.

אַזוי אַרום האָט זיך באַקומען אַז זיין פּירוש אויף תנ״ך, איז חוץ אַ פּירוש, אויך אַן ענציקלאָפּעדיע פון מאָראַל, עטיק, לעבנס-חכמה, סאָציאַלן יושר און פון וואונדערשיינע דרשות און מאמרי-חז״ל; און לערנענדיק חומש מיט רש״י, האָט אַ קינד איינגעזאַפּט אין זיך די דאָזיקע וואונדערלעכע קולטור-מאָזאַאיק, צוזאַמען מיט די פּסוקים פון חומש.

צום פאָלק זיינען די אַלע מאמרים, אַפאָריזמען, דרשות און אגדות דער-גאַנגען ניט דירעקט דורך דער תלמודישער ליטעראַטור — וואָרום ווינציק איז די צאָל פון די, וואָס האָבן דערוויזן צו קענען שווימען אַליין אין דעם מורא׳דיקן

ים-התלמוד און אין דעם מעכטיקן ים פון מדרשים — גייערט דורך רש״ים פירוש אויף תורה, וואָס דער אידישער מענטש, ביז אונדזער דור, אָנהויבנ-דיק פון מיטלאַלטער, פלעגט אין זיך איינזאַפּן פון זיין פריסטער יוגנט כמעט.

די פאָלקסמאַסן האָבן געקענט די אַלע מאמרים פונם פירוש רש״י, ניט וויסנדיק דעם אור־קוואַל פון וואַנען רש״י אליין האָט זיי, אין דער גרויסער מערהייט געשעפּט. אפילו לומדים און גאונים האָבן געדענקט די מאמרי חז״ל גיכער פון רש״ים ציטאַטן איידער פון דעם אָריגינעלן מקור; חומש עם פירש״י איז געוואָרן דאָס פאָלקס-בוך און פארבליבן דאָס פאָלקס־בוך אין לויף פון דורות; און אין לויף פון דורות האָבן זיך „רשי״ס אַפּאָריזמען און מדרשים" איינגעוואָרצלט אין געדאנק, אין הארצן און אין מויל פונם פאָלק, אַזוי, אַז ס׳איז געוואָרן אמתער פאָלקלאָר; פאָלקס-ווערטלעך, מימרות, סענטענצן פון עמיק און פון לעבנס־שטייגער, גאַנץ אָפּט אין זייער העברעאישן טעקסט, ווי רש״י האָט זיי געבראַכט (און צומאָלס, ניט ווי אין תלמוד), ווערן געזאָגט אין איבערחזרט פון די פאָלקס-מאַסן און פיל ווייסן שוין ניט אפילו, און געדענ-קען ניט, אַז דאָס שטאַמט פון רש״ים פירוש.

דערפאַר, ברייננגענדיק דאָ אַ קליין הייפעלע, אַלס מוסטער נאָר, פון די דאָזיקע פּערל, איבערזעצט, ווי ווייט דאָס האָט זיך געלאָזט, אין אידיש, באַ-צייכענען מיר זיי אַלס „פּערל פון רש״ים אוצר" און מיר ווייזן ניט אָן די אור־קוועלן פון וואַנען רש״י האָט זיי גענומען.

דאָס בוך איז באַשטימט פארן פאָלק, פאַר די ברייטע לייענער־מאַסן; און צום פאָלק זיינען די דאָזיקע ווערטלעך און אַפּאָריזמען געקומען פון ר ש ״ י און נאָר דורך זיין פירוש אויף תורה.

# אַפּאָריזמען

## בראשית

1. — ליכט און פינסטערניש ווערן ניט באַנוצט אין געמיש — (א. ד).
2. — ווען די ליכטער ווערן געשלאָגן איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר דער דער וועלט (א, יד).
3. — אַז איר טוט דעם רצון פון דעם רבונו של עולם, זאָלט איר ניט פאַרכטן פאַר פורעניות — (א, יד).
4. — עס איז ניט מעגלעך פאַר צוויי מלכים אַז זיי זאָלן נוצן איין קרוין. (א, טז).
5. — „עזר כנגדו" — אַז דער מענטש איז זוכה איז די פרוי אַ הילף זיינער; האָט ער ניט זוכה געווען — ווערט זי אַ כנגד זיינער (ב, יח).
6. — מיטן אָנקום פון שבת, קומט אָן רו (ב, ב).
7. — דאָס וואָס איז איבעריק, פאַרמינדערט נאָר (ג, ג).
8. — יעדער מייסטער האָט פיינט זיינע פאַכלייט (ג, ה).
9. — דעם לערערס אַ געבאָט, אָדער דעם תלמידם אַ וואָרט — וועמען דאַרף מען האָרכן? (ג, יד).
10. — בשעת חדוה — חדותא. (1) (ו, ו).
11. — אין די אויגן זאָל דיין לויב-וואָרט געמעסיקט זיין; אונטער די אויגן, לויב וויפל דו ווילסט (ז, א).
12. — גאָט שטראָפט מידה כנגד מידה (ז, ט).
13. — וועדליק ז יי ן דור, איז ער געווען אַ צדיק (ז, ט).
14. — זאָלן מיינע שפּייז זיין ביטער ווי גאַל, אָבער פונם אויבערשטנס האַנט, איידער זיי זאָלן זיין זיס ווי צוקער, אָבער פון האַנט פון אַ בשר ודם (ח, יא).
15. — דער סוף זומער איז שווערער ווי דער זומער (ח, כב).
16. — דורכן געבעט פון צדיקים ווערט מידת־הדין פאַרוואַנדלט אין מידת־הרחמים. דורך דער שלעכטסקייט פון רשעים, געשעט דאָס אומגעקער־טע. (ח, טו).

---

(1) — אַ ווערטל, וואָס איז דורך רש״י אַריין אין אידיש און געוואָרן אַ פאָלקס־וואָרט, וואָס באַדייטעט: אַז מען פרייט זיך שוין יאָ, טאָ זאָל זיין אויפנמאָל געהוליעט.

17. — ער קען זיין האר, נאָר ער ווידערשפעניקט אין אים (י,ט).
18. — לעבט א וועזן, מעג עס זיין אפילו אן איינטאָגיק קינד, פארשפאַרסטו עס אויסהיטן פאר מייז. איז עס געשטאָרבן, מעג עס זיין גרויס, ווי עוג מלך הבשן אליין, גיב אכטונג קעגן מייז. (ט, ב).
19. — רשעים, אויך פארן לעבן, זיינען פארעכנט ווי טויט; צדיקים, ווען געשטאָרבן אפילו, ווערן באטראכט ווי לעבעדיקע (נא, לב).
20. — ווער ס'איז שלעכט צו גאָט איז שלעכט צו לייט (יד, א).
21. — דער רבונו של עולם באשטראָפט אן אומה, ערשט ווען עס שטייגט שוין אריבער איר מאָס פון שלעכטס (טו, טז).
22. — זאָגט די וועלט: „דעם קעניגס קנעכט, איז אויך קעניג; באהעפט דיך צום האר און מען וועט זיך אויך פאר דיר בוקן (טו, יח).
23. — גאָטס וואָרט — איז טאַט (טו, יח).
24. — איין מלאך טוט ניט קיין צוויי שליחותן (יח, ב).
25. — צדיקים זאָגן צו ווינציק, זיי טוען, אָבער, פיל (יח, ה).
26. — א מענטש זאָל ניט משנה זיין פון זיין שטייגער (יח, יה).
27. — דערמאָנסט א צדיק — איז צו בענטשונג (יח, יח).
28. — פון א קלענערן פון זיך מעגסטו זיך לאָזן בעטן; פון א גרעסערן פון זיך לאָז זיך ניט בעטן (כא, א).
29. — ווער עס בעט פאר א צווייטן און נויטיקט זיך אליין אין דעם, ווערט פריער א ל יי ן געהאָלפן (כא, א).
30. — וואַרפט אין דער לופטן א שטעקן, פאלט ער אראָפ צוריק צו זיין שורש (2).
31. — ליבע איז בלינד (כא, כא).
32. — אין דער עלטער פון הונדערט — זינדלאָזיק ווי א צוואנציק-יאָריקע; אין דער עלטער פון צוואנציק — שיין ווי א זיבניאָריקע (כג, א).
33. — איז א צדיק אוועק לאָזט עס שטאָט פון איבער א רושם: דען, כל־זמן דער צדיק איז אין שטאָט, איז ער — איר גלאַנץ, איר לויטערקייט, איר פארנעם. גייט ער אָפּ פון דאָרטן, פארשווינדט מיט אים איר גלאַנץ, איר לויטערקייט, איר פאַרנעם (כח, י).
34. — אייניקלעך זיינען גלייך ווי קינדער (כ, יב).

(2) — זרוק חוטרא לאוירא — א עיקריה קאי — ארוין אין אידיש.

35. — אין נביאות, איז אברהם הינטערשטעליק לגבי שרה׳ן (כא, יב)
36. — מען אורטיילט לויט די מעשים פון איצט, און לויט די, וואָס מען וועט ערשט טון... (כג, יד).
37. — צדיקים, אָנפאַנגס האָבן זיי יסורים, צום שלום קומט הייטערקייט; רשעים הויבן אָן פון רו, זייער סוף איז, אָבער — יסורים (כז, יט).
38. — פון עשו׳ס מויל הערט מען ניט אַזוי אָפט גאָטס נאָמען (כז, כא).
39. — יעדער טובה פון אַ רשע, איז אַ רעה פאַרן צדיק (לא, כד).
40. — אַז דער צדיק איז געקומען אין מיין איינפאַר־הויז, זאָל ער אַוועק אומ־געגעבטשיקט? (כח, יז).
41. — יעדער שטיין וויל, אַז דער צדיק זאָל ליגן אויף אים זיין קאָפּ (כח, יא).
42. — דער בית-המקדש של מעלה איז פונקט קעגנאיבער דעם בית-המקדש של מטה (כח, יז).
43. — אַז מען דערהערט אַ גוטע בשורה, גייט זיך לייכטער, די פיס טראָגן זיך אליין (כט, א).
44. — ראובן, לייענט ראו-בן, זעט דעם אונטערשיד צווישן מיין זון און מיין שווערס זון (3), (כט, לב).
45. — געוואוינט האָב איך טאַקע ביי לבנען, אָבער תרי״ג מצוות האָב איך דאָך אָפּגעהיט (לב, ה).
46. — דאָס ליבסטע — צום שלום (4), (לג, ג).
47. — ווי קומט דבורה אין הויז פון יעקב? (לה, ח).
48. — אין תורה, איז נישט שייך פריער צי שפּעטער (5), (לז, כט).
49. — אַז יעקב האָט שוין יאָ געהאַפּט צו קענען אַמאָל רואיק לעבן, האָט מען אָנגעשיקט אויף אים יוסף׳ס אומגליק (לז, א).
50. — מיטן מויל: „קוצעניו-מוצעניו“, אין האַרצן — פעך און שוועבל (לז,ד).
51. — דורך זייער שאַנדע, זעט מען אַרויס זייערע מעלות (לז, ד).
52. — ניטאָ קיין חלום אָן נאַרישקייטן (לז, ו).

---

(3) — עשו׳ן; פיגוראַטיוו: צווישן אַ איד און אַ גוי.
(4) — אחרון, אחרון חביב — עס איז געוואָרן אַ פאָלקס-וואָרט.
(5) — אין מוקדם ומאוחר בתורה — געוואָרן אַ פאָלקס-וואָרט.

53. — פאַראַן אַן אָרט, וואָס איז פאַרוים באַשטימט פאַר צרות (6), (לז, יז).

54. — די גרוב אַליין איז טאַקע אַ טרוקענע, אָבער אין איר טוען זיך ווידמען שלאַנגען און עקדישן (לז, כד).

55. — לויטער, אָפּגעזעצט איז געוועזן די ווייַן אין פּאַס, זענט איר געקומען און עם מוטנע געמאַכט (לה, ל).

56. — ער פּראָוועט אינגלשע שטיק: ער פּוצט זיך, מאַכט זיך פּריאַר, ער ער וויל אויסזען שיין (לז, ז).

57. — אַ נאַטור־געזעץ: אַ טויטן מוז מען פאַרגעסן (לז, לה).

58. — איידער עמעצן מבייש זיין עפנטלעך, וואַרף זיך, ליבערשט, אין אַ קאַלך-אויוון (לח, כה).

59. — אַ רשע, אַז ער טוט שוין אַמאָל אַ טובה, איז עס אויך ניט אינגאַנצן (מא, מג).

60. — דעם מלאך המות איז גאַנץ־עגאַל: דאָ צי דאָרטן (מב, א).

61. — אין סכנה-צייט, איז דער שטן מקטרג (7), (מב, יד).

62. — טאַקע אַ בכור, אָבער, פאָרט, אַ שוטה (מב, לח).

63. — גלייכער צו אָפּלאָזן זיך פון דאָס צווייפלהאַפטיקע און נעמען זיך פאַר דאָס זיכערע (מג, יח).

64. — ביסט ווי פּ ר ע ה: זאָגסט צו און דערפילסט ניט (מד, יח).

65. — ער זאָגט פאָרויס — און ווייסט אַליין ניט וואָס (מט, א).

66. — אַז יעקב האָט געוואָלט מגלה זיין דעם קץ, האָט די שכינה זיך אָפּגעטון פון אים (8), (מט, א).

## ש מ ו ת

67. — דער זעלביקער, וואָס ער איז געווען, ווען ער האָט געפּיטערט דעם פאָטערס שאָף, איז ער, יוסף, פאַרבליבן, ווען ער איז געוואָרן מלך אין מצרים; דער זעלביקער, אומגעענדערט (א, ה).

---

(6) — מקום מוכן לפורעניות — געוואָרן אַ פאָלקס-וואָרט.

(7) — השטן מקטרג בשעת הסכנה — פון רש"יס פירוש אריין אין מויל פון פאָלק, וואָס זאָגט געוויינלעך: „אַ שטן מקטרג".

(8) — מען טאָר ניט מגלה זיין, וואָס דאַרף בלייבן פאַרהוילן.

68. — הגם ער האָט אים ניט געשלאָגן, איז ער אָלץ איינס א רשע; ער האָט די האַנט געהויבן אויף אַ צווייטן — איז גענוג (ב, יג).

69. — ער האָט זיך מצער געווען, זעענדיק, אז ס'זיינען פאראַן מוסרים ביי אידן (ב, יד).

70. — מיט וואָס האָבן אידן זיך פאַרזינדיקט מער ווי אַלע אומות, אז מען זאָל זיי צווינגען צו אַרבעטן עבודת פרך (ב, יד).

71. — אַן אָרעמאַן איז געגליכן צו אַ מת (9), (ד, יט).

72. — עס טוט לייד: זיי זיינען פאַרשוואונדן, און אַזעלכע ווי זיי איז ניט צו געפינען (10), (ו, א).

73. — אין אַ שטאָט פון גאָלע שטרוי, פירסטו נאָך שטרוי אריין! (11), (ז, כב).

74. — ווען דער אויבערשטער באַשטראָפט אַ פאָלק, — באַשטראָפט ער זיינע געטער (יא, ה).

75. — אַ מלך — האָט ער אים צוגעטיילט כבוד (יא, ח).

76. — אַ פסוק ווערט ניט אַרויסגענומען פון זיין פשט (יב, ב).

77. — אַ מענטשנס שליח איז, ווי ער אַליין (יב, ו).

78. — גיט מען אַ מחבל רשות צו שעדיקן, קלייבט ער שוין ניט איבער צי צדיק, צי רשע (יב, כב).

79. — האָסטו גענומען אויף זיך אַ פליכט, איז עס אָלץ איינס, ווי די וואָלסט עס שוין געטון (12), (יב, כה).

80. — ע ר האָט אָנגעהויבן די עבירה, האָט זיך פון אים אָנגעהויבן די פורענות (יד, ד).

81. — נעם עס אָן, ווי דו זעסט עס (13).

---

(9) — עני חשוב כמת — געוואָרן אַ פאָלקס-וואָרט, אָבער אויך אין אַ צווייטן זינען: אַן אָרימאַן איז אַ ח ש ו ב ווי אַ מת.

(10) — חבל על דאבדין ולא משתכחין — געוואָרן אַ פאָלקס-וואָרט.

(11) — תבן אתה מכנים לעפרים? — אַ לומדיש ווערטל, וואָס באַדייטעט: וואָס גיסטו נאָך צו דאָס זעלביקע, ווען און וואו ס'איז דאָ גענוג פון דער זעלביקער סחורה?...

(12) — אינם זינען פון אַ חוב צו מקיים זיין, אַ צוזאָג, אָדער אַ פאַרפליכטונג.

(13) — כזה ראה וקדש — אַ לומדיש ווערטל געוואָרן.

82. — מיט דער מאָס, וואָס ז יי האָבן געמאָסטן, האָט ער זיי געמאָסטן (יד, כה).

83. — בעת קריעת ים־סוף, האָט אַ ליאַדע דינסט געזען, וואָס שפּעטער האָבן נביאים ניט געזען (14), (ט, ב).

84. — בעת מען פּאָלעט די שלעכטע גראָזן, רייסט מען אויס אויך די קרויט... (15), — (טז, כח).

85. — דיין תלמידס כבוד, זאָל דיר זיין אַזוי ליב, ווי דיינער (יז, ט).

86. — ישראל איז איז צער געזונקען, וועל איך זיין מיט אים צוזאַמען אין צער (יז, יב).

87. — מיר האָבן גענוג קאַפּוויטיק איבער די פריערדיקע, ברייינגסטו נאָך צו נייע (16) — (יח, ה).

88. — עס האָט אים געפרייט און געשטאָכן (17), (יח, ט).

89. — אַ גר, ביזן צענטן דור, פאַרשעם ניט אין זיין אַנוועזנהייט קיין גוי (18), (יח, ט).

90. — אינם טאָפּ, וואָס ז יי האָבן י ע נ ע ם געקאָכט האָט מ ע ן זיי געקאָכט (יח, יא).

91. — דברי תורה זאָלן פאַר דיר אויסזען ניי, גלייך ווי זיי וואָלטן ערשט היינט געגעבן געוואָרן פון באַרג סיני (יט, א).

92. — זאָל, ליבערשט, מיך טרעפן די פייל, איידער מיינע קינדער (יט, ד).

93. — יעדער אָנהויב, איז שווער (יט, ה).

---

(14) — „ראתה שפחה על הים" — אַ לומדיש ווערטל, מיט אַ הומאָריסטישן ביי־טאָן.

(15) — בהדי הוצא לקי כרבא — עס איז אויך געוואָרן אַ פאָלקס־וואָרט. דאָס איז איינער פון די תלמודישע שפּריכווערטער, וואָס הויבן זיך אָן מיט דעם פאַר־וואָרט: „היינו דאמרי אינשי". דער זין איז: איבער די שלעכטע ליידן די גוטע.

(16) — על הראשונים אנו מצטערים", אין אַזאַ נוסח איז עס געוואָרן אַ פאָלקס־וואָרט.

(17) — „ויחד יתרו" — איינער פון די פּאָפּולערסטע פאָלקס־ווערטלעך וואָס שטאַמען פון פירוש רש"י: „עס איז געווען אַ „ויחד"... „עס טוט אים הנאה, און עס טוט אים באַנג".

(18) — גיורא עד עשרה דרי לא תבזי ארמאה קמיה — געוואָרן אַ לומדיש ווערטל. פון די תלמודישע ווערטלעך „היינו דאמרי אינשי".

94. — מען דאַרף אַ מענטשן דערמוטיקן אַ יי ד ע ר ער טוט; מען דאַרף, אָבער, ווידער אים דערמוטיקן ב ע ת ער טוט. (יט, כד).

95. — אַז ס׳איז געקומען שבת, זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז דו האָסט פאַרענדיקט די גאַנצע אַרבעט, און טראַכט ניט וועגן אַרבעט (כ, ט).

96. — אין דברי תורה דרינגט מען פון „יאָ״ דעם „ניין״, און פון דעם „ניין״ דעם „יאָ״ (כב, יב).

97. — עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד פון דעם וואָס אַ מענטש זעט, ביז דעם, וואָס מען דערציילט אים (כ, יט).

98. — ד יי ן פעלער, וואַרף ניט פאַר אַ צווייטן (כב, כ).

99. — אָרעמע לאַנדסלייט זיינען ביליקער פאַר אַנדערע אָרעמעלייט (19).

100. — דער אויבערשטער באַ׳עולה׳ט ניט קיין ווערן (כב, ל).

101. — זאַכן דאַרפן פאַרשטאַנען ווערן, ווי זיי זיינען געשריבן (20), (כז, א).

102. — צינד אָן די מנורה אַזוי לאַנג, ביז דער פלאַם וועט אַליין אָנהויבן שטייגן (כז, ב).

103. — קטורת אָן ח ל ב נ ה קען ניט געמאַלט זיין (21), (ל, לד).

104. — דאָס קינד באָדט זיך אין אַלדאָס גוטס, ווילסטו אַז ס׳זאָל ניט זינדיקן? (לב, לא).

105. — ניטאָ קיין שענערס פון צניעות (לד, ג).

106. — גרויס איז דער כח פון זינד (לד, ל).

107. — הלואי זאָל די שכינה רוען, אויף אַלץ וואָס איר טוט (לג, כא).

108. — פון די אָפּשניצלעך פון די לוחות, איז משה נתעשר געוואָרן (לד, א).

109. — מיינע באַשעפעניש טרינקען זיך אין ים, און איר זאָגט שירה? (22).

---

(19) — „עניי עירך קודמים״ — געוואָרן אַ פאָלקס-ווערטל. „דאָס אייגענע העמד איז נענטער צום לייב״.

(20) — דברים ככתבן.

(21) — צווישן טייערע בשמים מעג אַריינקומען אויך אַ ביליקע פון שלעכטן דופט. צווישן אַ סך גוטע, מעג זיך דורכוואַרפן אויך אַ שלעכטע.

(22) — „מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה״? — אַ לומדישער ווערטל, וואָס ווערט באַנוצט אין זינען, אַז מען פרייט זיך ניט בעת אַ צווייטער געפינט זיך אין אַן אומגליק.

# ו י ק ר א

110. — מען צווינגט אים אזוי לאַנג ביז ער איז מסכים (א, ג).
111. — אין די קליידער, אין וועלכע מען פאַרעט זיך אין קיך, באַדינט מען
ניט דעם האר (ו, ד).
112. — צוליב דער כלה באַזייטיק דעם מת, נאָר שטער ניט די שמחה (י, ד).
113. — ער האָט מודה געווען און זיך ניט געשעמט (י, כ).
114. — אַז ער האָט דערזען דעם פאַקט, האָט ער זיך דערמאָנט דעם דין (23).
115. — דאָס אָרט — איז גורם (יד, כה).
116. — אַ קטיגור, קען ניט ווערן קיין פאַרטיידיקער (טז, ג).
117. — זאָלסט דן זיין דיין פריינט לכף זכות (יט, טו).
118. — זאָלסט ניט פאַרשעמען דיין חבר אין דער עפנטלעכקייט (יט, יז).
119. — „און זאָלסט טון ליבן דיין פריינט ווי זיך" — דאָס איז אַ הויפּט-
פּרינציפּ אין דער תורה (יט, יח).
120. — דאָס בויען דעם בית-המקדש איז ניט דוחה שבת (24), (יט, ל).
121. — אַז אין אַ משפחה איז פאַראַן א יי ן אַקציזניק, זיינען אַלע דאָרטן
אַקציזניקעס און פאַרדעקן אים (כ, ה).
122. — פאַריבער די צייט, איז בטל דער קרבן (25), (כג, לז).
123. — וואָס געהער זיך אָן שבת צו יום-טוב? (כג, ג).
124. — „מה ענין שמיטה אצל הר סיני"? (26), (כה, א).
125. — פאַר ד ע ם וואָס וואוינט אין ארץ-ישראל בין איך ג אָ ט; און
ווער עס עס פאָרט אַרוים פון דאָרט, איז גלייך ווי ער וואָלט געדינט
עבודה זרה (כה, לח).
126. — כל ישראל טראָגן אחריות איינער פאַרן צווייטן (כו, יד).

---

(23) — ראה מעשה ונזכר הלכה — אַ לומדיש גלייכווערטל ,וואָס ווערט, אַמאָל, געזאָגט אויך אין אַן איראָנישן טאָן.

(24) — די הייליקסטע אַרבעט אפילו טאָר ניט דינען אַלס מאָטיוו צו שטערן שבת-רו.

(25) — עבר זמנו בטל קרבנו -- ארויין אין אידיש אין אַן עטוואָס געענדער־טער פאָרמע: „עבר זמן" אָדער „עבר זמן, איז בטל קרבן".

(26) — איינער פון די פּאָפּולערסטע אידישע ווערטלעך, וואָס זיינען דורך רש"ים פירוש ארויין אין אונדזער פאָלקלאָר. דער זינען איז: וואָס האָט עס צו טון איינס מיט דאָס אַנדערע.

# במדבר

127. — אז מען לערנט דעם פריינטס זון תורה, איז גלייך, ווי מען וואלט אים פון ס'ניי געטון געבארן (ג, א).

128. — וויי דעם רשע און וויי צו זיין שכן (27). (ג, כט).

129. — ווען צוויי פסוקים זיינען זיך סותר, קומט א דריטער און איז צווישן זיי מכריע (ז, כט).

130. — זכות ווערט פארשאפן, דורך אזעלכן, וואס איז אליין א זכאי (28). (ט, ח).

131. — ער איז געגליכן צו א ליכט, וואס ברענט אין לייכטער. פון איר פלאם צינדט מען אן פיל ליכט; איר פייער ווערט, אבער, ניט פארמינדערט דורך דעם (יא, יז).

132. — א פלינקער סוחר איז זיך נוהג צו ווייזן דעם קונד צו־ערשט די שלעכטע סחורה און דערנאך די גוטע (יג, יז).

133. — א ליגן, אויב מען הויבט אים ניט אן, כאטש מיט אביסל אמת, קען קיין קיום ניט האבן (יג, כז).

134. — דאס הארץ און דאס אויג זיינען די אויסקוקער פארן גוף און זיי מעקלערן אים אויס די עבירות. דאס אויג זעט, דאס הארץ גלוסט און דער גוף טוט דערנאך די עבירה (טו, לט).

135. — קורח שפקח היה, מה ראה לשטות זו? (29) (טז, כז).

136. — מעג ער האבן מיט זיך אייגענע זאפאסן, דארף א טוריסט, פון דעסטוועגן קויפן ביי ארטיקע קרעמער, כדי דאס לאנד זאל געניסן (כ, ז).

137. — אז מען בעט דיך פארצייען, זיי ניט שלעכט און זיי מוחל (כא, ז).

---

(27) — אריין אין פאלקלאר מיטן העברעאישן נוסח: „אוי לרשע ואוי לשכנו".

(28) — „מגלגלין זכות על ידי זכאי" — אריין אין פאלקלאר מיטן העברעאישן נוסח.

(29) — דאס ווערטל איז אריין אין פאלקלאר מיטן העברעאישן נוסח: „קורח איז דאך געווען א פיקח, טא ווי קומט ער צו באגיין אזא נארישקייט"? עס ווערט אנגעווענדעט, ווען מען חידושט זיך איבער א קלוגן מענטשן, וואס איז באגאנגען א נארישקייט.

138. — „לא מעוקצך ולא מדובשך" (30), (כב, יב).

139. — אין דעם וועג וואָס אַ מענטש נעמט זיך פאָר, אהין פירט מען אים (31) (כב, לה).

140. — פיינטשאַפט מאַכט קאַליע די ריכטליניע (כב, כא).

141. — אַ בכיה לדורות (32).

142. — אַז וואויל איז צו דעם, וואָס האָט זוכה געווען צו זיין דער פירער פון גאַנצס קינדער (33).

143. — משה'ס געזיכט איז ווי די זון, יהושע'ס ווי די לבנה (כז, ז).

144. — דער שכר פון אַ אידישן פרנס איז: לעולם הבא (כז, כב).

145. — ווער עס הויבט אָן די מצוה, דער זאָל זי ענדיקן.

146. — כעס ברענגט צו טעות (34).

## דברים

147. — דעם קיסרס משרת איז אויך אַ תקיף; געגנען צו אַ פעט באַבוימלטן און דו ווערסט גלאַנצן (א, ז).

148. — זייט געדולדיק, באַזאַכט און מעסיק, אינם ריכטן.

149. — אַ משפט וועגן אַ פרוטה זאָל פאַר דיר זיין אַזוי וויכטיק ווי דער משפט וועגן אַ הונדערטער (א, יז).

150. — עס איז ניט קיין פאַרגלייך: טון אויס ליבע, צו טון מחמת מורא (ו, ה).

151. — „יפתח בדורו, כשמואל בדורו" — יפתח אין זיין דור איז גלייך ווי שמואל אין זיין דור — (35), (יט, יז).

---

(30) — אריין אין אידיש אַלס פאָלקס־וואָרט אָבער אומגעקערט: „לא מעוקצך ולא מדובשך", איך וויל ניט דיין בים און איך בין דיר מוחל דעם האָניק".

(31) — „ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען"; „וואָס מען נעמט זיך פאָר, דאָס האָט מען".

(32) — בכיה לדורות — אַריין אין אידיש, אין דעם זין פון אַ זאַך, וואָס וועט פאַרשאַפן אַ צרה אָדער שטערונג אויף אַ לאַנגע צייט.

(33) — ישראל, נקראים בניו של מקום.

(34) — אַ צווייטע ווערסיע: כעס איז עבודה־זרה.

(35) — אריין אין אידיש מיטן העברעאישן נוסח. דער זין: יעדער דאַרף געשאַצט ווערן לויט זיין צייט און סביבה.

152. — א באַליידיקונג שאַצט מען לויט: ווער דער באַליידיקער איז, און ווער דער באַליידיקטער (כה, יב).

153. — אז דו האָסט נאָר אַנגעהויבן פאַרגעסן, וועסטו סוף-כל-סוף אינגאַנצן פאַרגעסן (יא, יב).

154. — זאָלסט ניט לערנען תורה, כדי רייך צו ווערן, כדי מען זאָל דיך רופן „רב", כדי צו באַקומען לוין; נייערט אַלץ וואָס דו טוסט, טו אויס ליבע און דער כבוד וועט, שפּעטער, במילא קומען (יא, יג).

155. — ווען איר זענט איבערזעטיקט, גיט אַכטונג: בריקעוועט ניט„ — נאָר פון איבערזעטיקטקייט ווידערשפּעניקט דער מענטש קעגן גאָט (יא,טז)

156. — „איר זאָלט גיין אין אַלע זיינע וועגן — האָט די תורה געזאָגט — ער איז באַרמהאַרציק, זאָלסטו אויך זיין באַרמהאַרציק; ער טוט גנאָד, זאָלסטו אויך טון גנאָד.

157. — ליב זאָל דיר זיין אַן אומוויכטיקער געבאָט, ווי א וויכטיקער (יב, כג).

158. — פון דעם ווי די נאָענטע זיינען, קענסטו דרינגען וועגן דעם מהות פון די ווייטע (יג, מח).

159. — נתן-תתן — אפילו הונדערט מאָל, גיב. זאָלסט ניט מיד ווערן צו געבן צדקה (טו, ו).

160. — „לא תכיר פנים" — א וואָרנונג צו א ריכטער, אַז ער זאָל זיך ניט באַציען מילד צו איינעם און האַרט צו א צווייטן: איינעם פון די צדדים פאַרבעטן זיצן און א צווייטן לאָזן שטיין. דען: ווען דער ריכטער באַציט זיך מיט איינזעאונג צו איין צד, ווערט דער צווייטער צד אָפּ-העמטיק און פאַרלירט זיך (טז, יח).

161. — שמע ישראל — אויב איר באַזיצט אפילו ניט קיין אַנדער זכות ווי נאָר דאָס זאָגן: „שמע ישראל", זענט איר אויך ווערט גע-האָלפן צו ווערן (כ, ב).

162. — ווען איינער באַוועגט א צווייטן צו זינד, איז ערגער ווי ער וואָלט אים געהרגעט (כב, ט).

163. — רעד ניט קיין לשון הרע, וועסטו ניט געשלאָגן ווערן מיט צרעת (כד, ט).

164. — א דור האָט נאָר איין פירער, ניט קיין צוויי (לא, ז).

# מדרשים און אגדות

## בראשית

1. — אין אָנפאַנג האָט דער אויבערשטער געטראַכט צו באַשאַפן די וועלט מיטן מידת-הדין; ער האָט אָבער, געזען, אַז די וועלט וועט קיין קיום ניט האָבן, האָט ער מקדים געווען דעם מ י ד ת - ה ר ח מ י ם און זי פאַרבונדן מיטן מידת-הדין אין דעם וועלט־באַשאַף.

2. — בראשית — האָט געזאָגט רבי יצחק:

— געדאַרפט האָט מען אָנצוהויבן די תורה ניט פון „בראשית”, נאָר פון „החודש הזה לכם”, ווייל דאָס איז די ערשטע מצווה, וואָס איז געזאָגט געוואָרן צו ישראל.

— נאָר איבער וועלכן מאָטיוו, פאַרט, האָט מען אָנגעהויבן די תורה פון בראשית?

— איבער דעם וואָס, טאָמער וועלן די אומות העולם זאָגן צו ישראל: „איר זענט רויבער, גזלנים, איר האָט מיט גוואַלט דעראָבערט דאָס לאַנד, וואָס האָט געהערט צו די זיבן אומות (36), וועלן די אידן זיי קענען ענטפערן: „די גאַנצע ערד איז דעם אויבערשטנס, ווארום ער האָט זי באַשאַפן, און האָט זי אָוועקגעגעבן דעם, וועמען אים איז געפעלן; אַז ער האָט געוואָלט, האָט ער דאָס דאָזיקע לאַנד געגעבן זיי, און, נאָכדעם, איז עס זיין רצון געווען צו אָוועקנעמען און אונדז געבן דאָס לאַנד (א, א).

3. — ש נ י ה מ א ו ר ו ת ה ג ד ו ל י ם... ו א ת ה מ א ו ר ה ק ט ן — און גאָט האָט געמאַכט די צוויי גרויסע ליכטער: דאָס גרעסערע ליכט פאַר דער געוועלטיקונג פון טאָג און דאָס קלענערע ליכט פאַר דער געוועלטיקונג פון דער נאַכט; און די שטערן.

ביידע ליכטער זיינען, אָנפאַנגס, באַשאַפן געוואָרן גלייכע; און דערנאָך איז פאַרמינדערט געוואָרן די לבנה; דערפאַר וואָס זי האָט מקטרג געווען און האָט געזאָגט: „עס איז ניט מעגלעך פאַר צוויי מלכים צו באַנוצן זיך

(36) — ארץ-ישראל ווערט גערופן אויך דאָס לאַנד פון „שבע אומות”, ווייל זיבן פעלקער האָבן דאָרטן געוואוינט פריער.

מיט איינער און דער זעלביקער קרוין" האָט איר דער אויבערשטער געזאָגט: „טאָ פאַרקלענער דו דיין ליכט".

דערנאָך האָט מען איר צוגעגעבן די שטערן, כדי צו מפייס זיין איר (א. טז)

---

4. — נ ע ש ה   א ד ם — „האָט גאָט געזאָגט: לאָמיר מאַכן מענטשן אין אונדזער געשטאַלט, לויט אונדזער גלייכעניש", ווייל דער מענטש איז באַשאַפן אין דער גלייכעניש פון מלאכים, און זיי וועלן אים אייפערן, דערום האָט גאָט ברוך הוא פריער זיך בעראַטן וועגן דעם מיט די מלאכים; און הגם זיי האָבן אים ניט געהאָלפן אין דער אַרבעט פון באַשאַפן דעם מענטשן, האָט ער פונדעסטוועגן זיך יאָ בעראַטן מיט זיי און גענומען ביי זיי דער־לויבעניש. דערמיט האָט ער געוויזן פאַר מענטשן אַ ביישפיל פון דרך־ארץ און עניוות, אַז דער גרעסערער זאָל זיך בעראַטן און בעטן דערלויבעניש ביים קלענערן (א, כו).

---

5. — ו א ל י ך   ת ש ו ק ת ו . . . און צו דיר איז זיין גלוסטונג, דער יצר הרע גלוסט שטענדיק און גאַרט דיך צו טון שטרויכלען; און דו אָבער קענסט געוועלטיקן איבער אים — אויב דו ווילסט וועסטו זיך שטאַרקן איבער אים (ד, ז).

---

6. — מ א ד ם   ו ע ד   ב ה מ ה — פון אַ מענטשן ביז אַ בהמה — אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן פאַרן מענטשנס וועגן; און ווי באַלד ער גייט אונ־טער, צי וואָס דאַרף ער דאָס אַלעס, דעם גאַנצן באַשאַף? (ו, ז).

---

7. — ע ש ה   ל ך   ת ב ת   ע צ י   ג ו פ ר — מאַך דיר אַ תיבה פון פּימסנהאָלץ — גאָט האָט געגנוג מיטלען אַנדערע ווי צו ראַטעווען, טאָ צי וואָס האָט ער אים געדאַרפט באַלעסטיקן מיט דעם דאָזיקן בנין?

— כדי די מענטשן פון דעם דור המבול וועלן אים זען פאָרען זיך, באַ־שעפטיקט אין דעם בנין, הונדערט צוואַנציק יאָר, וועלן זיי אים פרעגן: „צו־וואָס טוסטו עס"? וועט ער זיי ענטפערן: גאָט ברוך הוא וועט ברייננגען אַ מבול אויף דער וועלט"... וועלן זיי אפשר תשובה טון, הערנדיק (ו, יד).

---

8. — אלראי — דער גאָט וואָס זעט מיך — דער גאָט וואָס זעט דאָס לײדן פון די דערנידעריקטע און באַלײדיקט-װערנדיקע (טז, יג).

---

9. — הארץ אשר אתה שוכב עליה — דאָס לאַנד, וואָס דו ליגסט דערױף, צו דיר װעל איך עס געבן און צו דײנע זאָמען. — גאָט האָט צונױפגעװיקלט גאַנץ ארץ-ישראל אונטער אים; דערמיט האָט ער אים אָנגעדײטעט, אַז פאַר זײנע קינדער װעט זײן גרינג צו אײננעמען דאָס גאַנצע לאַנד, װי ד׳ אמות, דאָס פּלאַץ, װאָס אַ מענטשנס גוף פאַרנעמט (כח, יג).

---

10. — ברחל בתך הקטנה — פאַר דײן אינגערער טאָכטער רחלען —

— צו װאָס אַזױ פיל סימנים?

— װײל ער האָט אים געקענט פאַר אַ שװינדלער, האָט ער אים געזאָגט: „איך װעל דיר דינען פאַר רחלען", און זאָלסט ניט קאָנען זאָגן, אַז דו האָסט געמײנט אַ צװײטע, אַן אַנדער רחל, אַ פרעמדע, זאָג איך דיר: „דײן טאָכטער רחל". און טאָמער װעסטו שפּעטער זאָגן: „װעל איך בײטן לאה׳ן דעם נאָמען אויף רחל", זאָג איך דיר: „די קלענערע"!

און ניט געקוקט אויף אַזױפיל באַװאָרענישן און פאָרזיכטיקײט, האָט ער אים דאָך אָפּגענאַרט... (כט, יח).

## שמות

11. — מתוך הסנה — פון מיט פון אַ דאָרן — און פאַרװאָס דוקא פון אַ דאָרן און ניט פון אַן אַנדער געװיקס?

גאָט האָט דורך דעם געװאָלט װײזן משה׳ן, אַז ער איז מיט אידן צוזאַ-מען אין זײערע צרות (ג, ב).

---

12. — אהיה אשר אהיה — „איך בין װער איך בין" — „איך בין דער װאָס איך בין מיט אײך אין דער צרה, אין דעם גלות און איך בין אויך דער, װאָס איך װעל צוזאַמען מיט אײך זײן אין אַנדער גלות און שעבוד מלכויות".

האָט משה געזאָגט פאַר אים:

— רבונו של עולם! צו וואָס זאָל איך זיי דערמאָנען אַנדערע צרות, איידער זיי זיינען נאָך פון דער אויסגעלייזט? האָבן זיי דען ווייניק מיט דער צרה?

האָט אים גאָט געזאָגט:

— ביסט געדערבעט. זאָג־זשע זיי אַזוי: א ה י ה ש ל ח נ י „איך בין" האָט מיך געשיקט צו אייך (ג, יד).

13. — ד' ש מ ו — ד' איז זיין נאָמען — זיינע מלחמות זיינען ניט מיט קיין כלי־זין, נייערט מיט זיין נאָמען נאָר האַלט ער מלחמה (טו, ג).

---

14. — ו י ק ח ו א ב ן ו י ש י מ ו ת ח ת י ו — האָבן זיי גע־נומען אַ שטיין און אוועקגעלייגט אונטער אים.

און ער האָט זיך ניט געזעצט ניט אויף אַ קישן, ניט אויף אַן איבער־בעט — פאַרוואָס?

משה האָט געזאָגט:

— ישראל איז אין צער פאַרזונקן, לאָמיך צוזאַמען מיט זיי זיין אין צער.

---

15. — ז כ ו ר א ת י ו ם ה ש ב ת — געדענק דעם טאָג פון שבת — איר זאָלט אינזינען האָבן און געדענקען און טראַכטן תמיד וועגן דעם טאָג פון שבת; דען אַז דיר וועט קומען צו דער האַנט אַ שיינע זאַך, זאָלסטו עס אָנגרייטן אויף שבת (כ, ח).

---

16. — ו ר צ ע א ד ו נ י ו א ת א ז נ י ו — און זיין האַר זאָל דורכאָלן זיין אויער מיט אַן אָל —

פאַרוואָס קומט דעם אויער מער ווי וועלכן ניט איז פון די אַנדערע אברים פון גוף דורכגעאָלט צו ווערן?

— אַט דער אויער, וואָס האָט געהערט אויפן באַרג סיני: „כי לי בני ישראל עבדים" („אַז צו מיר זיינען בני ישראל קנעכט"), און ער איז גע־גאַנגען און האָט פאַרשאַפן זיך אַליין אַ האַר — זאָל ער דורכגעאָלט ווערן דערפאַר... (כא, ו).

---

17. — ו ג ר ל א ת ו נ ה — און אַ פרעמדן זאָלסטו ניט קריוודען —מען מיינט קריוודען, דערצערנען מיט ווערטער, מיט רייד; כ י ג ר י ם

היית ם — וואָרום פרעמדע זענט איר געווען. אויב דו וועסט אים קריוו־
דען מיט רייד, קען ער אויך דיר טון קריוודען און זאָגן צו דיר: „דו שטאַמסט
דאָך אויך אָפּ פון גרים״. דעם פעלער וואָס אין דיר, זאָלסטו ניט אויסוואַרפן
אַ צווייטן.

---

18. — נשך־רבית — פאַרוואָס הייסט עס „נשך״? ווייל דאָס
איז געגליכן צו אַ ביס פון אַ שלאַנג. אַ שלאַנג טוט אַ קליינעם ביס אין פוס;
מען פילט אַפילו ניט, און מיט אַמאָל ווערט עס אויפגעבלאָזן, געשוואָלן און
די געשווילעכץ שטייגט ביזן קאָפּ. אַזוי געשעט עס אויך מיט נשך־
רבית, מיט עסקא; לכתחילה פילט מען עס ניט, עס איז ניט קענטיק,
אָבער די עסקא וואַקסט, שטייגט און פאַרשלונגט ביים בעל־חוב אַ
גוואַלט מיט געלט. (כב, כד).

---

19. — לא תהיה אחרי רבים לרעות — זאָלסט ניט
נאָכגיין נאָך אַ רבים צום בייזן: אַז דו זעסט ווי אַ רבים נייגן אָפּ פון משפט,
זאָלסטו ניט דיינקען און זאָגן: ווי באַלד זיי זיינען אַ רבים, וועל איך נוטה
זיין נאָך זיי. נייערט דו זאָלסט אין משפט האַנדלען, ווי עס איז די גערעכ־
טיקייט און זאָל די לאַסט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט דריקן דעם רבים, ניט
דיך (כג, ב).

---

20. — ודל לא תהדר — אַן אָרימאַן זאָלסטו ניט שאַנעווען.
— זאָלסט אים ניט אָנטון כבוד, צו ריין מאַכן אים אין דין (אויב ער איז ניט
ריין), זאָגנדיק: „עס איז אַ רחמנות אויף אים, ער איז אַן אָרימאַן, וועל איך
אורטיילן פאַר אים... (כג, ג).

---

21. — ושוחד לא תקח — און דו זאָלסט ניט נעמען קיין
שוחד — ווען אַפילו כדי צו אורטיילן גערעכטיק, זאָלסטו קיין שוחד ניט
נעמען; און אַ פּשיטא שוין, אַז זאָלסט עס ניט נעמען כדי צו קריוודען דעם
גערעכטן... (כג, ח).

---

22. — ל א ת ג נ ב ו, ו ל א ת כ ח ש ו, ו ל א ת ש ק ר ו, ו ל א ת ש ב ע ו — איר זאָלט ניט גנבנען, איר זאָלט ניט לייקענען, איר זאָלט ניט ליגנערן און איר זאָלט ניט שווערן —

אויב דו האָסט געגנבעט, וועסטו שפּעטער דאַרפן לייקענען, דערנאָך וועסטו אָנקומען צו זאָגן ליגן; און דער סוף וועט זיין, אַז דו וועסט אויך שווערן פאַלש.

---

23. — ו ל א ת ש א פ נ י ד ל — זאָלסט ניט האָבן אייגזעעניש מיט אַן אָרימאַן — זאָלסט ניט וועלן טראַכטן: ער איז דאָך אַן אָרימאַן און דער רייכער מאַן איז דאָך סיי־ווי־סיי מחויב, דורך צדקה צו מפרנס זיין אים, וועל איך אים מזכה זיין אין זיין דין מיטן רייכן, ווען אפילו ער איז ניט דער גערעכטער, — וועט ער אַזוי אַרום באַקומען זיין פּרנסה אויף אַ בכבוד׳ן אופן... ניין: מיט גערעכטיקייט זאָלסטו משפּטען, אָן אייגזעעניש פאַרן אָרימאַן, אָן נשיאת־פּנים פאַרן רייכן.

---

24. — ח מ ש ה ב ק ר י ש ל ם ת ח ת ה ש ו ר — פינף רינדער זאָל ער באַצאָלן פאַר אַן אָקס.

האָט געזאָגט ר׳ יוחנן בן זכאי:: גאָט האָט געשווינט דעם כבוד פון מענטשן: דער אָקס גייט אַליין (געפירט אָדער געטריבן פון דעם וואָס האָט אים געגנבעט), און דער גנב האָט ניט געהאַט די שאַנדע צו דאַרפן אים טראָגן ווי אַ לאַסט אויף זיך — מעג ער באַצאָלן פאַר דער גנבה: פינפאַכיק. די שעפּסן, אָבער, האָט דער גנב געווים געמוזט טראָגן אויף זיין אַקסל, איז גענוג ווען ער וועט באַצאָלן נאָר פירפאַכיק; ער האָט געהאַט באַלעסטיקונג און שאַנדע, דורך טראָגן עם אויפן אַקסל.

האָט געזאָגט רבי מאיר: פון דעם קענסטו זען, ווי גרויס איז די ווערט פון אַרבעט: דורך אַוועקגנבענען אַן אָקס האָט ער דעם געשעדיקטן געשטערט אין זיין פעלד־אַרבעט — דאַרף ער באַצאָלן פינפאַכיק; דער שעפּס פעלט אים ניט צו דער אַרבעט — איז גענוג צו באַצאָלן נאָר פיל מאָל (כא, לז).

---

25. — ו א ב ד ל א ת כ ם מ ן ה ע מ י ם ל ה י ו ת ל י — און איך האָב אייך געטון אָפּטיילן פון פעלקער, איר זאָלט צו מיר געהערן:

— אויב איר זענט  אָ פּ גֶ ע ש יי ד ע ט  פון זיי זענט איר  מ יי נ ע;
און אויב ניט, זענט איר נבוכדנצרס און זיינע חברים׳ס.

## ו י ק ר א

26. — ו ה ח ז ק ת  ב ו — און דו זאָלסט אים אויפהאַלטן: זאָלסט ניט לאָזן אים זינקען און פאַלן, דען דערנאָך וועט שוין שווער זיין צו אויפ־הויבן אים; נייערט שטאַרק אים און העלף אים באַלד, ווי נאָר זיין האַנט איז אויסגעשטרעקט, ווייל שפּעטער, אַז ער וועט שוין זיין געזונקען, וועט זיין צו שפּעט און צו שווער (כה, לה).

27. — ו י ר א ת  מ א ל ה י ך — זאָלסט ניט נעמען פון אים קיין צינזן אָדער מערונג און זאָלסט מורא האָבן פאַר דיין גאָט —

אַ מענטש איז שטאַרק להוט נאָך פּראָצענטן; עס ציט צו דעם אַזוי, אַז ס׳איז שווער זיך צו אָפּזאָגן פון דעם און יעדער זוכט אַ היתר, כדי צו מעגן נעמען צינזן פאַר זיין געלט — דערום איז נויטיק געווען צו זאָגן: ו י ר א ת  מ א ל ה י ך... גאָט ווייסט צי ס׳איז געווען צי ניט אַ היתר, און אים נאַרט מען ניט... (כה, לו).

---

28. — ל ת ת  ל כ ם  א ר ץ  כ נ ע ן, ל ה י ו ת  ל כ ם  ל א ל ה י ם — איך בין ד׳ אייער גאָט, וואָס האָב אייך ארויסגעצויגן פון לאַנד מצרים אייך צו געבן דאָס לאַנד כנען, אייך צו זיין צום גאָט, — דען:

ווער עס וואוינט אין ארץ־ישראל — פאַר אים בין איך אַ גאָט, און ווער עס גייט אַוועק פון ארץ־ישראל, איז גלייך ווי ער וואָלט געדינט עבודה־זרה (כה, לח).

---

29. — ו ה ש י מ ו ת י  א ת  ה א ר ץ — און איך וועל פאַרוויסטן דאָס לאַנד — דאָס איז אַ גוטע מידה פאַר ישראל: דאָס לאַנד וועט זיין פאַרוויסט, וועלן די פיינט ניט געפונען קיין שום איינגענעמעס נוצלעכעס אין אייער פאַרוויסט לאַנד און דאָס לאַנד וועט זיי ניט לאָקן (כו, לב).

---

30. — ו א ת כ ם  א ז ר ה  ב ג ו י ם — און איך וועל אייך צע־שפּרייטן צווישן די פעלקער, — דאָס איז אַ שווערע, שלימע מידה פאַר ישראל; דען, ווען מענטשן פון איין מדינה ווערן פאַרטריבן אין  א יי ן

ל א נ ד. האַלטן זיי זיך צוזאַמען, זעען איינער דעם צווייטן, און זיי טרייסטן זיך דערמיט; ישראל אָבער וועט ווערן צעזייט און צעשפּרייט ווי גערשטן-מעל, געזיפּט דורך אַ זיפּ, און איינער איז ניט באַהעפט צום צווייטן... (37), (כו, לג).

---

31. — ו ה ב א ת י א ו ת ם — און איך האָב זיי געבראַכט אינם לאַנד פון זייערע פיינט. — איך אַליין — זאָגט גאָט — וועל זיי ברייננגען. דאָס איז אַ גוטע מידה פאַר אידן. כדי אידן זאָלן ניט זאָגן: „וויבאַלד מיר זיינען שוין יאָ פאַרטריבן געוואָרן צווישן די אומות, וואָס דינען עבודה זרה, וועלן מיר טון, ווי זיי טוען״... זאָג איך: א י ך האָב זיי געבראַכט אין דעם לאַנד פון זייערע פיינט; איך ניט קיין אַנדערער און א י ך וועל זיי ניט לאָזן דינען עבודה זרה, נייערט איך וועל אויפשטעלן צו זיי מיינע נביאים און וועל זיי טון אומקערן צוריק אונטער מיינע פליגל (כו, מא).

## במדבר

32. — ש ל ח ל ך א נ ש י ם — שיק דיר מענטשן זיי זאָלן אויס-קוקן דאָס לאַנד כנען, וואָס איך גיב די קינדער פון ישראל. — פאַרוואָס איז נאָענט די פּרשה פון מרגלים צו דער פּרשה וועגן מרים (38)?

איבער דעם, וואָס מרים איז געשלאָגן געוואָרן מיט צרעת דערפאַר, וואָס זי האָט גערעדט רכילות וועגן איר ברודער און די דאָזיקע רשעים האָבן עס געזען און האָבן זיך ניט אַראָפּגענומען קיין מוסר (יג, ב).

---

33. — א ר ך א פ י ם — גאָט איז איינגעהאַלטן אין צאָרן און רייך אין גנאָד.

א ר ך א פ י ם — פאַר צדיקים און פאַר רשעים. אַז משה איז אַרויף אויפן הימל, האָט משה געטראָפן דעם אויבערשטן זיצן און איינשרייבן די ווערטער: א ר ך א פ י ם (איינגעהאַלטן אין צאָרן).

---

(37) — דער דרוש איז באַגרינדעט אויף אַ ווערטער־שפּיל: „אזרה־מזרה־זורה״: פאַרשפּרייטן־אַ זיפּ־געזיפּט...

(38) — דער סוף פון דער פּרשה ב ה ע ל ו ת ך (דער קאַפּיטל צוועלף), דערציילט וועגן מרים׳ען, משה׳ס שוועסטער, אַז זי איז געשלאָגן געוואָרן מיט קרעץ, דערפאַר, וואָס זי האָט גערעדט לשון הרע וועגן משה׳ס כוש׳שע ווייב.

פרעגט אים משה:

— פאַר צדיקים?

האָט אים גאָט געענטפערט:

— אויך פאַר רשעים.

האָט אים משה געזאָגט:

— די רשעים? זאָלן זיי אומקומען...

האָט אים גאָט געענטפערט:

— ביי דיין לעבן שווער איך, משה, אַז דיר אַליין וועט אויסקומען צו באַמיען זיך ביי מיר פאַר אַזעלכע...

ווען אידן האָבן שפּעטער געזינדיקט מיטן ע ג ל און מיט די מ ר ג ל י ם, האָט משה מתפּלל געווען צו גאָט, רופנדיק צו אים: „ארך אפים"...

דאַן האָט אים גאָט געזאָגט:

— משה! דו אַליין האָסט דאָך מיר געזאָגט: נאָר פאַר צדיקים.

האָט אים משה געענטפערט:

— דו אַליין האָסט דאָך מיר געזאָגט: אויך פאַר רשעים.

ו נ ק ה — און שענקען שענקט ער די, וואָס טוען תשובה. — ל א י נ ק ה — ער שענקט ניט די, וואָס טוען קיין תשובה ניט (יד, יח).

---

34. — א ל א ל ה י ה ר ו ח ו ת ל כ ל ב ש ר — האיש אחד יחטא ועל כל העדה תקצוף? — גאָט, דו גאָט פון די גייסטער פון אַלע באַ־שעפעניש, זאָל איין מענטש זינדיקן און אויף דער גאַנצער עדה זאָלסטו צערנען?

גאָט, וועלכער איז אַ יודע מחשבות, זיין מידה איז ניט ווי די מידה פון אַ בשר ודם. אַ קיניג אַ בשר ודם, אַז אַ טייל פון זיין מדינה האָט ווידערשפּע־ניקט קעגן אים, ווייסט ניט ווער עס איז דער וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט, דאַרום, אַז ער צערנט, איז זיין שטראָף געריכטעט קעגן אַלעמען פון דער מדינה; דו, אָבער, פאַר דיר זיינען דאָך אַנטפּלעקט און באַוואוסט אַלע מחשבות און דו ווייסט ווער דער זינדיקער איז, זאָלסטו טון צערנען אויף דער גאַנצער עדה?

האָט אים גאָט געענטפערט:

— האָסט ריכטיק געזאָגט. איך ווייס און כ'וועל מאַכן באַוואוסט ווער עס האָט געזינדיקט און ווער עס האָט ניט געזינדיקט (טז, כב).

---

35. — אל זקני מדין — האָט מואב געזאָגט צו די עלטסטע פון מדין — מואב און מדין זיינען דאָך פון אייביק אָן געווען שונאים קעגנ־זייטיק?

אויס מורא פאַר אידן האָבן זיי געמאַכט שלום צווישן זיך.

— און וואָרום איז מואב געפעלן געוואָרן צו באַראַטן זיך גראָד מיט מדין?

— אַז מואב האָט דערזען, ווי ישראל זיגט גאָר ניט ווי דער מנהג העולם איז, האָבן זיי געטראַכט: „זייער פירער איז אויפגעוואַקסן און גרויס געוואָרן אין מדין, לאָמיר ביי זיי זיך נאָר פרעגן, וואָס איז דער מער מיט אים...

האָט מדין געענטפערט מואב'ן, אַז זיין כוח איז נאָר אין זיין מויל.

האָט מואב געזאָגט: וועלן מיר אויך ברייינגען קעגן זיי אַ מענטשן, וואָס זיין כוח איז אין זיין מויל — און זיי האָבן זיך געווענדעט צו בלעמען (כב, ד).

---

36. — ויחבש את אתונו — און בלעם איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי און ער האָט אָנגעזאָטלט זיין אייזעלין — פון דאַנען איז צו דרינ־גען, אַז שנאה מאַכט שעדיקן דעם שטייגער; אַ סימן, אַז דאָס אייזל האָט ער אַליין אָנגעזאָטלט און ניט דורך אַ דינער.

און גאָט ברוך הוא האָט געזאָגט:

— רשע, זייער פאָטער אברהם האָט זיך שוין געפעדערט פאַר דיר, פאַר זייערט וועגן; דען עס איז געזאָגט: וישכם אברהם בבוקר ויחבוש את חמורו. און אברהם איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי און האָט אָנגעזאָטלט זיין אייזל (39) — (כב, כא).

---

(39) — דער דרוש איז דאָ באַגרינדעט אויף דער ענלעכקייט פון די ווערטער: אין די צוויי פסוקים, ביי בלעם'ען און, להבדיל, ביי אברהם'ען: בייביידן ווערט געזאָגט: „וישכם בבקר, ויחבש את חמורו". אויב בלעם, הייסט עס, האָט געוואָלט אומברייננגען ישראל און האָט פאַר דעם צוועק אָנגעזאָטלט זיין אייזעלין, האָט אברהם אבינו פריער פאַר אים, באַוואָרנט ישראל מיט אַ גרויסן זכות, אָנזאָטלענדיק זיין אייזל צו פירן יצחק'ן צו דער עקדה.

